וולאדימיר גראָסמאַן

# אלט-נייע פּראָבלעמען

פּאַריז
1975

# אנשטאט אַן אַריינפיר־וואָרט

דאָס בוך „אַלט־נייע פּראָבלעמען" ווערט דאָ פּרעזענטירט אַלס די פאָרזעצונג פון די צוויי ערשטע ביכער פון דער סעריע „וועלט־יידנטום": „וועלט־יידנטום אין דער וועלט־פּאָליטיק" און „אין דער נייער וועלט". דאָס דריטע און לעצטע בוך אַנטהאַלט איי־ניקע אויטאָביאָגראַפישע דאַטעס, ווייל איך האָב זיך דאָ און דאָרט באַטייליקט אַליין אין די געשעענישן. דאָס בוך איז אָבער אַלס גאַנצעס ניט געפּלאַנט ווי אַן אויטאָביאָגראַפיע.

וול. גראָסמאַן

# אַלט־נייע פּראָבלעמען

איך האָב זיך אָפט געפרעגט אין פאַרלויף פון מיין לאַנג לעבן, פאַרוואָס שרייבן מיר אַזוי פיל וועגן אַנטיסעמיטיזם און צי פאַר־שפּרייטן מיר ניט דערמיט די דאָזיקע טויזנט־יאָריקע קרענק? מיר „אַנטדעקן" שטענדיק נייע, כלומרשט אומבאַקאַנטע נעסטן פון יידנפיינדלעכע גרופּירונגען, וואָס זענען אין זיך נישטיק קליין און אומבאַטייטיק און וואָלטן קיין מאָל ניט געזען דעם ליכטיקן טאָג אויב מיר וואָלטן ניט געשריבן וועגן זיי. מיר באַדעקן זיי מיט שאַנדפלעקן, וואָס איז פאַר זיי אומזיסטע רעקלאַמע, געווינטשטע פּובליסיטי. מיר טוען פאַר זיי אַן אַרבעט, וואָס זיי אַליין וואָלטן קיין מאָל ניט געקאָנט טון מיט אַ דערפאָלג.

איז דאָס קלוג? עס איז צו שפּעט צו פרעגן זיך די פראַגע נאָך דעם ווי עס זענען געשאַפן געוואָרן גרויסע אָרגאַניזאַציעס, יידישע אָרגאַניזאַציעס, אָפט מיט דער באַטייליקונג פון ניט־יידן, וועלכע ווילן בייטראָגן זייער חלק אין דעם קאַמף קעגן דער שענד־לעכער קרענק.

דאָס פּראָבלעם באַשטייט ניט אין דעם, צי מען זאָל אין גאַנצן שווייגן און פאַרשווייגן די אַנטיסעמיטישע פּראָפּאַגאַנדע אין וואָס פאַר אַ פאָרעם זי ווערט געפירט אָדער פּאָגראָם־באַנדיטיזם קעגן יידן, וואָס לעבן אָדער אפילו יידישע קברים. יידנפיינדשאַפט איז אַזוי גוט ווי שטענדיק אַ באַגלייט־דערשיינונג פון אַן אַלגעמיינער פּאָליטישער רעאַקציע. דער דייטשער נאַציזם איז אויסגעוואַקסן באַגאָסן מיט יידיש בלוט אפילו ווען די קרבנות האָבן ניט גע־

שפּילט קיין שום ראָלע אין יידישן לעבן. ראַטענאַו, אַ גרויסער יידישער דענקער און אינדוסטריעלער, האָט ניט געשפּילט קיין ראָלע אינעם לעבן און אין די אַקטיוויטעטן פונעם דייטשן יידנטום, אָבער ער איז געווען אַ ייד און דאָס אַליין איז געווען וויכטיק פאַר דער דייטשער אונטערוועלט.

מיט דעם אויסנאַם פון די רוסישע רעגירונגען, סיי פאַר דער רעוואָלוציע, סיי נאָך דער רעוואָלוציע, אין וועלכער יידן האָבן זיך באַטייליקט , און אייניקע פון די אַראַבישע לענדער, האָבן די אָפיציעלע רעגירונגס־קרייזן אומעטום זיך געשעמט צו ווערן באַקאַנט ווי אַנטיסעמיטישע. אפילו גיערעק, דער שעף פון דעם קאָמוניסטישן רעזשים אין פוילן, ווו אַנטיסעמיטישע קאַמפּאַניעס זענען געווען באַזונדערס ברוטאַל און וואָס האָט איצט כמעט קיין יידן ניט, האָט בשעת זיין אָפיציעלן באַזוך אין פראַנקרייך עפנט־לעך דערקלערט, אַז אין זיין לאַנד איז ניטאָ קיין אַנטיסעמיטיזם. עס איז אַן אָנגענומענער כלל, אַז יידנפיינדשאַפט איז אַ שאַנד־פלעק אויף יעדן רעזשים.

די געשיכטע פון יידן־פיינדשאַפט איז, מעג מען זאָגן, אַזוי לאַנג ווי לאַנג עס איז דער יידישער גלות און מיר נעמען זיך דאָ ניט די פרייהייט צו באַהאַנדלען דאָס אָנגעווייטיקטע פּראָבלעם פון די צייטן פון רעליגיעזע קאָנפליקטן ביז די באַוועגונגען, וואָס עקספּלואַטירן אַנטיסעמיטיזם פאַר פּאָליטישע צוועקן. קריסטנטום איז געבוירן ווי אַ נאָכפאָלגער פון יידנטום. אויב יעזוס קריסטוס האָט אין דערווירקלעכקייט אַמאָל עקסיסטירט — וועלכע עס איז באַוויזן אַז ער האָט געלעבט און איז געקרייציקט געוואָרן זענען ביז איצט ניטאָ — איז ער געווען אַ פּראָדוקט פון יידנטום און זיין גאַנצע סביבה איז געווען אַ יידישע. אָבער ניט געקוקט אויף דעם איז דער רעליגיעזער קאַמף פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ברוטאַלער מלחמה אויף טויט און לעבן, פון אַ פּרימיטיוון סעק־טאַנטישן קאַמף אין אַ לייזנשאַפטלעכן, ווילדן קאָנפליקט אָן גרע־נעצן. עס איז געקומען די עפּאָכע פון אַן עקאָנאָמישער ריוואַלי־טעט און אַרויסשטויסן יידן פון באַאַרבעטן די ערד און פון אַלער־

ליי מלאכות. יידן האָבן געקעמפּט מיט אַלע מעגלעכע מיטלען פאַר זייער עקסיסטענץ, אַ קאַמף וואָס האָט געפירט צו גרויסע ליידן און אומצאָליקע קרבנות. הגם אייניקע, זייער באַגרענעצטע ישובים און פּערזענלעכקייטן פון גרויסן ווערט, האָבן זיך געקאָנט דער־האַלטן, זענען זיי דאָך פאַרבליבן הונדערטער יאָרן אַ רעכטלאָזע מינדערהייט וואָס האָט געליטן פון דער אַטמאָספערע פאַר׳סמ׳ט פאַראויס פון אַ ראַסנהאַס.

מיט דער צייט, ביי דער אַלגעמיינער פאַרבעסערונג פון די באַציאונגען פון מענטש צו מענטש, מיט דער מאָדערניזירונג פון די מלוכה־רעזשימען און דעם סטאַטוס פון דער אינדיווידועלער פערזענלעכקייט איז געקומען אויך די עמאַנציפּאַציע פונעם יידנ־טום און זיין פּלאַץ צווישן די פּראָגרעסיווע, הויך־קולטיווירטע פעלקער. עס איז אָבער פאַרבליבן אַ גרויסער טייל פון דער פּרי־מיטיווער קולטורוועלט, אָפט דעגראַדירט ביז צו דער מדרגה פון אונטערוועלט. עס איז ניט קיין צופאַל וואָס גראָד אין רוסלאַנד, דעם לאַנד פון ברוטאַלן אַנטיסעמיטיזם, האָט די אינטעליגענציע אָפט דערקלערט, עס איז ניטאָ אין רוסלאַנד קיין „יידיש פּראָ־בלעם״, עס איז דאָ „אַ רוסיש פּראָבלעם״, אַ פּראָבלעם פון רוסי־שער קולטור, פון רוסישן געוויסן. דאָס איז ריכטיק...

**
*

ניט אַסימילאַציע און ניט שמד האָבן ניט געהאַט קיין מאָל אַ באַרואיקנדיקע השפּעה אויף דעם אימפּעט און וואַקסן פון אַנטי־סעמיטיזם. די אַרטיקלען פון דעם יונגן קאַרל מאַרקס קעגן דער יידישער בורזשואַזיע זענען ניט זעלטן באַצייכנט געוואָרן כמעט ווי אַנטיסעמיטישע און האָבן אים פאַרשאַפן אַ ביסל זכות ביי די קאָמוניסטישע יידנפיינד. דאָס איבעררייסן פון יידן מיט דעם יידישן פאָלק האָט ניט געהאַט קיין שום ווירקונג. די גרינדונג פון מדינת ישראל האָט פאַרגרעסערט די שנאה צו יידן. קריסטן און אַראַבער האָבן זיך באַטייליקט אין דעם געלויף קעגן יידנטום.

אַנטיסעמיטיזם האָט באַקומען דעם כאַראַקטער פון אַ גרויסער פּאָליטישער באַוועגונג, אַ רעאַקציאָנערע און אומריינע באַוועגונג, ווי געזאָגט, עס איז אַ שאַנדפלעק.

פון דעסטוועגן דאַרף מען זיך היטן פון קומען צו אַ פאַלשן אויספיר, אַז די גאַנצע וועלט איז אַנטיסעמיטיש, אַז יידן זענען אַרומגערינגלט נאָר מיט שונאים. די אָפענע פרייע וועלט איז שטענדיק געווען מיט אונדז, יידן זענען קיין מאָל ניט געווען איזאָלירט. יידן האָבן זיך שטענדיק באַטייליקט אין אַלע צווייגן פון דער וויסנשאַפט און קונסט, אין דער ליטעראַטור פון די לענדער ווו זיי האָבן געוווינט, אין אַלע הומאַניטאַרע באַוועגונגען און אַקטיוויטעטן, אין אַלע קאַמפן פאַר פרייהייט.

דער מחבר פון די שורות האָט געלעבט אַ סך יאָרן אין לענדער, ווו יידן זענען געווען אַ מינדערהייט: אין רוסלאַנד, אין פראַנקרייך, אין דייטשלאַנד, אין ענגלאַנד, אין די סקאַנדינאַווישע לענדער, אין די פאַראייניקטע שטאַטן, אין קאַנאַדע. ער איז די לעצטע פערציק יאָר אַ נאַטוראַליזירטער בירגער פון קאַנאַדע. אין די אַלע לענדער האָב איך שטענדיק געהאַט צו טאָן ניט נאָר מיט דער יידישער מינדערהייט נאָר אויך מיט דער קריסטלעכער באַפעלקערונג, ניט נאָר מיט יידישע אינטערעסן, נאָר אויך מיט אַלגעמיינע אַקטיוויטעטן. זייענדיק פון באַרוף אַ שרייבער האָב איך אומעטום געקאָנט זיך באַטייליקן אין דער ניט־יידישער פּרעסע פונעם לאַנד. אין פאַרלויף פון קנאַפּע פינף יאָר בין איך געווען אין פּעטערסבורג אַ מיטאַרבעטער אין דער דומאַ־פּרעסע ווי אַ פאַרטרעטער פון אַ גרויסער רוסישער צייטונג („אוטראָ ראָסיי"). איך האָב שטענדיק געהאַט צו טאָן מיט אַ גרויסער צאָל שרייבערס, יידישע און ניט־יידישע, קיין מאָל ניט געשטערט געוואָרן פון ניט־יידישע פריינד ניט קוקנדיק אויף דעם וואָס איך בין אין דער אייגענער צייט געווען אַ יידישער שרייבער און אָפט אַ יידישער כלל־טוער, דער עיקר אָבער אַ יידישער שרייבער..

עס וואָלט געווען ניט ריכטיק, אויב איך זאָל פאַרשווייגן און דאָ ניט דערמאָנען, אַז זייענדיק אַ יונגער מאַן פון צוואַנציק יאָר,

האָב איך געהאַט אויסצושטיין אַ פּאָגראָם אויף יידן (1904) אין דער שטאָט קערטש אין דער קרים און זיין אַן עדות פון דעם מאָרד פון אַן אוקראַינישן בחור, וועלכער האָט זיך באַטייליקט אין דער יידישער זעלבשוץ. אנשטאט צו פאַרטרייבן דעם פּאָגראָם־המון האָבן די סאָלדאַטן געשאָסן אויף דער זעלבשוץ. דער יונגער קיריטשענקאָ ז״ל איז געווען איינער פון די ערשטע קרבנות פון דעם פּאָגראָם צוזאַמען מיט יידישע פאַרווונדעטע און איינעם אַ דערהרגעטן, אַ יונגער מאַן מיטן נאָמען וועקסלער.

איך שטעל זיך ניט אָפּ אויף די איינצלהייטן פון דער טראַגישער געשעעניש ווייל דאָס איז ניט דער צוועק פון דער דאָזיקער אָפּהאַנדלונג און איך האָב ניט אין זינען צו דראַמאַטיזירן מיין פּערזענלעכע ראָלע אין דער שרעקלעכער שלאַכט. דער פּאָגראָם איז געקומען נאָך די פּאָגראָמען אין קישינעוו און קאַלאַראש מיט צענדלינגער דערהרגעטע און הונדערטער שווער פאַרווונדעטע...

דאָס איז געווען די עפּאָכע פון פּאָגראָמען אין אַלטן רוסלאַנד. דאָס איז געווען די „רוסישע דערציאונג״ פון מיין דור, אַן אויסערגעוויינטלעכע בלוטדאָרשטיקע און אכזריותדיקע „שולע״. צו קעמפן אונטער די אומשטענדן פאַר זיין עקסיסטענץ איז געווען דער גורל פונעם רוסישן יידנטום. עס איז געווען די גרויסע טראַגעדיע פון אונדזער פאָלק. איך בין פאַרט געקומען צו אַן אויספיר ווי איך האָב אים פריער געשילדערט...

***

איך האָב פריער דערמאָנט אַסימילאַציע און שמד אַלס אַ פאַרזוך אויסצומיידן די פאַרפאָלגונגען פון אַנטיסעמיטיזם. זאָל מיר דערלויבט זיין דאָ אָפּשטעלן זיך אויף די דערשיינונגען וואָס באַאומרואיקן און פּלאָגן דאָס געוויסן פון אַ סך יידישע מענטשן.

איך האָב קיין מאָל ניט געגלייבט אין דער מעגלעכקייט פון אַסימילאַציע ווי אַ סכנה פאַר דעם יידנטום. צו אַסימילאַציע איז

ווי צו אַ שידוך דאַרף מען האָבן דעם ווילן פון צוויי צדדים. קיין פאָלק האָט ניט קיין דראַנג צו אַסימילירן יידן, ווייל יידישקייט איז אַ ספּעציעלע קולטור און איז טיף איינגעוואָרצלט אין אונדזער פאָלק. יידישקייט באַשטייט ניט נאָר אין אָפּהיטן די יידישע רע־ליגיע. אפילו ניט־רעליגיעזע יידן אָדער אַטעאיסטן האָבן אַ ספּע־ציפיש יידישע מענטאַליטעט און אַ באַזונדערן כאַראַקטער. אפילו די וואָס וואָלטן געוואָלט אָפּקערן זיך פון זייער פאָלק זענען מאַכט־לאָז און פאַרבלייבן יידן. וויכטיק איז אויך דאָס וואָס יידן זענען קיין מאָל ניט געווען אינטערעסירט אין כאַפּן פרעמדע נשמות און מאַכן פון זיי יידן, אמת׳ע יידן.

עס איז אינטערעסאַנט צו זען דאָס לעבן און פאַראייניקונג מיט כלל ישראל פון די קליינע יידישע ישובים אין די צוויי סקאַנ־דינאַווישע לענדער מיט אַן אַלטער און אַנטוויקלטער גרויסער קולטור, דענעמאַרק מיט אַ ישוב פון פינף ביז זעקס טויזנט יידי־שע נפשות און שוועדן מיט אַ דאָפּלטער צאָל יידן. אין ביידע לענ־דער באַטייליקן זיך יידן ווי שרייבערס און קינסטלערס אינעם גייס־טיקן לעבן פון די פעלקער, אָבער פאַרבלייבן אין דער געמיינ־שאַפט מיט יידן. שוועדישע שרייבערס מיט אַ וועלטנאָמען ווי די פּראָפעסאָרן שיק, וואַרבורג און לאַם האָבן געשאַפן גרויסע, מאָ־נומענטאַלע שוועדישע ליטעראַטור־היסטאָרישע ווערק, אָבער זע־נען פאַרבליבן יידן; דער גרויסער דענישער ליטעראַטור־היסטאָ־ריקער געאָרג בראַנדעס איז געבליבן אַ ייד. אין זיין ווערק וועגן היינריך היינע מאַכט ער חוזק פון דעם וואָס צוליב קאַריערע האָט ער זיך געשמדט. היינע האָט אַליין באַדויערט זיין שמד און זיך באַזעצט אויף שטענדיק אין פראַנקרייך. מיר וועלן שפּעטער רעדן וועגן אונדזער גלענצנדן דיכטער, וואָס קיין גרעסערע יידישע נשמה קאָן מען קוים געפינען אין דער וועלט ליטעראַטור.

ניין, איך האָב ניט געגלייבט און גלייב ניט, אַז יידנטום איז אין אַ סכנה צוליב אַסימילאַציע...

שמד, אפילו אויב דאָס געשעט ניט צוליב קאַריערע און

מאַטעריעלע געווינסן, איז זיכער אַ שאַנדע, אַ מיאוסער פּאַרראַט בשעת אַ פּערמאַנענטער ברוטאַלער אַטאַקע קעגן דעם יידנטום און קעגן דער יידישער קולטור.

עס איז מיר ניט אויסגעקומען האָבן צו טאָן מיט משומדים אָדער מיט יידן, וועלכע האָבן זיך, ווי אמת'ע יידן פלעגן זאָגן, „אַ ביסל צוגעשמדט" און דאָס געוואָלט באַהאַלטן, אָבער איין באַרימטע גרויסע פּערזענלעכקייט ווענען די עלטערן האָבן געלאָזט שמדן ווען ער איז געוואָרן דרייצן יאָר אַלט, בענזשאַמען דיזראַעלי, האָט שטענדיק צוגעצויגן מיין אויפמערקזאַמקייט, מיין טיפן אינטערעס און גרויסע באַוואונדערונג. אַ יינגל פון אַ יידישן עמיגראַנט, וואָס איז פון אַ דערפאָלגרייכן געשעפטסמאַן געוואָרן אַ געבילדעטער אינטעלעקטואַל און אַ שרייבער אָן אַ גרויסן פאַרנעם, איז דער יונגער דיזראַעלי געוואָרן פון ענגלאַנדס פּאָפּולערסטע נאַוועליסטן, שפּעטער אַ מיטגליד פון דער קאָנסערוואַטיווער פּאַרטיי, געשפּילט אַ פירנדיקע ראָלע אין דער פּאַרטיי און געוואָרן פּרעמיער־מיניסטער, אַ קעגנער פון גלאַדסטאָן, איינער פון ענגלאַנדס גלענצנדיקע ליבעראַלע מלוכה־מענער, אָבער אין דער אייגענער צייט אַ ליבלינג פון דער קעניגין וויקטאָריאַ, און געענדיקט זיין לעבן ווי לאָרד ביקאָנספילד.

פון זיינע ראָמאַנען, גאַנץ באַזונדערס פון זיין גרויסאַרטיק ווערק „טאַנקרעד", ווי פון זיין גאַנץ אויפטרעטן איז געווען קלאָר, אַז דיזראַעלי איז שטאָלץ אויף זיין יידישן יחוס און, מען מעג אפשר זאָגן, האָט זיך ס'רוב געפילט ווי אַ ייד. אין „טאַנקרעד", איז אויסגעדריקט זיין וויזיע, אַז אין פּאַלעסטינע ווו עס זענען אַנטשטאַנען די דריי רעליגיעס, יידנטום, קריסטנטום און איסלאַם, זאָל אַ מאָל קומען צו אַ מין צוזאַמענשמעלצן, צו אַן אַראַנזשירן זיך. ס'איז ביי דיזראַעלי געווען אַ חלום, אַ געוועב פון פאַנטאַזיעס, אַ בענקשאַפט נאָך אַן אַנדערער וועלט.

ס'איז געווען סימבאָליש די אָנוועזנהייט פון דעם באַרימטן יידישן מנהיג, באַקאַנט אין דער גאָרער יידישער וועלט, מאָנטע־

פיאָרע, צווישן די וואָס זענען געקומען באַגריסן לאָרד ביקאָנס־פילד נאָך זיין צוריקקערן זיך פונעם בערלינער קאָנגרעס. אַ גרויס יידיש האַרץ האָט זיך אָפּגערופן אויף דעם דערפאָלג פון אַ כלו־מרשט פאַרלוירענער יידישער נשמה, געקומען אַלס אַ יידישע פערזענלעכקייט.

אויף דעם בערלינער קאָנגרעס, וואָס איז גערופן געוואָרן נאָך דער רוסיש־טערקישער מלחמה, האָט דיזראַעלי דאָמינירט די פאַרהאַנדלונגען און דאָס איז אַ דאַנק זיין קאַטעגאָרישן פאַר־לאַנג האָט רוסלאַנד געמוזט זיך אָפּזאָגן פונעם פּלאַן צו פאַרכאַפּן די וואַסערן פונעם באָספּאָרוס און אָקופּירן קאָנסטאַנטינאָפּאָל. דאָס האָט אַרויסגערופן אין רוסלאַנד אַ גרויסן אַנטיסעמיטישן צאָרן קעגן דעם „אַלטן ייד" (אויף אַ געמיינעם רוסיש: „סטאַרי זשיד"), אָבער עס האָט גאָר ניט געהאָלפן. דער „אַלטער ייד" האָט דורכגע־פירט זיין ווילן.

מיר דערציילן דאָ בקיצור די געשיכטע ניט ווי אַ זעלטענעם און צופעליקן עפּיזאָד. יידן האָבן זיך דירעקט באַטייליקט אין גע־שעענישן פון גרויסן פאַרנעם. פּרעזידענט רוזוועלט האָט געהאַט וויכטיקע יידישע מיטאַרבעטער אויף הויכגעשטעלטע פּאָסטנס און בשעת דער פּרעזידענטשאַפט פון ניקסאָן האָט אַ יידישער עמי־גראַנט פון נאַצי־דייטשלאַנד, פּראָפעסאָר פון האַרוואַרד אוניווער־סיטעט, ד"ר הענרי קיסינגער, פאַרנומען דעם וויכטיקסטן פּאָסטן נאָך דעם פּרעזידענט פון סעקרעטער אָוו סטייט.

דאָס זענען ניט קיין צופעליקע עפּיזאָדן, ווי מען קאָן מיינען. דאָס זענען פענאָמענאַלע, אָבער נאַטירלעכע דערשיינונגען אין עפנטלעכן יידישן לעבן ניט קוקנדיק אויף דער פּלאָג פון ווילדן אַנטיסעמיטיזם, ניט קוקנדיק אויף די סכנות פון אַסימילאַציע און אפילו פון שמד. דאָס איז שטענדיק געווען דער גאַנג פון דער געשיכטע פון יידישן פאָלק. עס איז אַ גורל — צי עס איז גרינג אָדער זייער שווער צו מאַכן שלום מיט דעם גורל...

# דער ערשטער צוזאַמענברוך: 1914

## (60 יאָר נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה)

פאַר סאָלזשעניצין איז עס געווען ניט לייכט צו זאַמלען דעם מאַטעריאַל און צו שילדערן דעם איבערברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, וואָס איז געווען אַן ערד־ציטערניש ניט נאָר פאַר רוסלאַנד, נאָר פאַר גאַנץ אייראָפּע. פאַר דעם שרייבער פון די שורות וועלכער האָט מיטגעלעבט און מיטגעמאַכט יענע טראַגישע געשעענישן זומער 1914, דאָס הייסט, מיט זעכציק יאָר צוריק, איז ביז צום היינטיקן טאָג שווער צו קומען צו זיך. פאַר מיר איז די ערשטע וועלט־מלחמה נאָך היינט אין פולן גאַנג: דער גרויסער חורבן פונעם רוסישן יידנטום, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אונטער דער הערשאַפט פון דעם ווילדן באַרבאַר גרויספירשט ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש און זיין שעף פונעם גענעראַלשטאַב יאַנושקעוויטש גייט נאָך אָן. ווי אַ לעבעדיקער שטייט נאָך היינט פאַר מיר די געשטאַלט פון י. ל. פּרץ אין דער וואַרשעווער קהילה אויף גזשיבאָווסקע גאַס: מיט גרויסע פאַרצווייפלטע אויגן, ניט אויסרעדנדיק קיין וואָרט, קוקנדיק דורכן פענצטער אויף דער מאַסע וואָגנס אינעם הויף פון דער קהילה, אַלע אָנגעלאָדן מיט צעקאַליעטשעטע שטיקלעך מעבל און בעטגעוואַנד מיט אַן אַלטער באָבע אויבנאָן, ווייל זי האָט שוין ניט געקאָנט גיין. מען איז פאַרפאָרן אין דער קהילה.

עס האָט זיך אָנגעהויבן דער גרויסער גירוש פון די אַרויס־

געטריבענע זעקס הונדערט טויזנט יידן — ניט מער און ניט ווײ־ניקער: 600.000! — און אין דער קהילה האָט עס געקאָכט ווי אין אַ קעסל. אין מיין זכרון האָט זיך אויך שטענדיק איינגעקריצט די אויסגעבויגענע ווי אַ פראַגע־צייכן געשטאַלט פונעם סאָכאַטשעווער רב אין זיין אַטלאַסענער קאַפּאָטע. זיין שטאָט איז געווען אין גאַנצן עוואַקואירט אונטער טראַגישע אומשטענדן. דער רב האָט אויסגעזען ווי אַ גייסטיק אומבאַלאַנסירטער מענטש, דערשיטערט פון דער דראַמע. ביז אַן ערך הונדערט טויזנט אַרויסגעטריבענע יידן האָבן פאַרפלייצט וואַרשע און מאַסן קינדער זענען געפאַלן ווי פליגן...

אין די גרויסע לוקסוס־האָטעלן זענען אַלע פלעצער געווען פאַרנומען פון רוסישע שטאַבן און רוסישע אָפיצירן. עס איז געווען דער ערשטער פרווו פון די מאָסקאַלעס איבערצובעטן זיך מיט די פּאָליאַקן. אויף די גאַסן האָט געהערשט דער רוסישער סאָלדאַט.

די מלחמה האָט זיך נאָך ניט געהאַט צעפלאַקערט ווי עס דאַרף צו זיין און איך בין נאָך געווען אין פעטערסבורג, ווען ס׳איז אָנגעקומען די ערשטע ידיעה וועגן דער גרויסער קאַטאַס־טראָפע פון דער רוסישער אַרמיי אין מזרח־פרייסן און פון דעם זעלבסטמאָרד פון איר פירער גענעראַל סאַמסאָנאָוו. נאָך דעם „באַרימטן” גענעראַל רענענקאמף, אַ ווילדער ברוטאַלער „אוס־מיריטעל” פון די פויערים, האָט זיך איינגעגעבן צו אַנטלויפן. איך האָב שטענדיק געמיינט, אַז איך האָב אים דעמאָלט געזען אויף דעם נעווסקי פּראָספּעקט, פעטערבורגס שענסטע גאַס.

איך האָב נאָך באַוויזן צו זיין פאַרן אַוועקפאָרן קיין וואַרשע ביים פייערלעכן גאָטעסדינסט אין דער דומאַ, צו וועלכן עס זענען געקומען אָנגעטאָן אין אוניפאָרמען אַ סך דעפּוטאַטן, געוועזענע רעזערוו־אָפיצירן. עס האָט געהערשט אַ שווערע, געדריקטע שטי־מונג. מען האָט געוווסט אין שטאָט פון אַ לוויה פון אַן אָפיציר, וועמענס קערפּער מען האָט געבראַכט פון וואַרשע. ער זאָל האָבן באַקומען פון דעם אויבערשט־קאָמאַנדירנדיקן ניקאָלאַי ניקאָלאַ־

יעוויטש אַ פּאַטש, איז ער אַרויס פון צימער און זיך דערשאָסן. גאַנץ פּעטערבורג איז געווען דערשיטערט.

ביים אָנקומען קיין וואַרשע האָב איך שוין געוווּסט, אַז פון אָפיציעלע קוועלן פאַרשפּרייט מען קלאַנגען וועגן „יידישן שפּיאָ־נאַזש" לטובת די דייטשן. דערמיט האָט מען געוואָלט דערקלערן די מפּלות פון דער אַרמיי און די ערשטע קרבנות פון יידן. די קלאַנגען האָבן זיך זייער גיך פאַרוואַנדלט אין אַן אמתער קאַמ־פּאַניע.

דער רוסישער סאָלדאַט האָט געטראַכט נאָר וועגן אַנטלויפן פון פראָנט און עס איז אים געווען גאַנץ גלייך וואָס מען דערציילט אים. אַ סאָלדאַט, וואָס איז ערשט אָנגעקומען פון סיביר, האָט מיך אָפּגעשטעלט אויף דער גאַס און זייער פריינדלעך געפרעגט:

„א גדיע טוט בערלין?" („ווו געפינט זיך דאָ בערלין?") ער איז זיכער געווען אַז בערלין געפינט זיך ערגעץ־ווו אין וואַרשע. און די סיבירישע סאָלדאַטן, די „שיסערס" („סיבירסקיע סטרעל־קי") זענען געווען צווישן די בעסטע עלעמענטן פון דער רוסישער אַרמיי...

די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ קאַטאַסטראָפע פון דער רוסישער אַרמיי אין מזרח־פּרייסן און איז געגאַנגען פון איין קאַ־טאַסטראָפע צו דער אַנדערער. בשעת איך בין אָנגעקומען קיין וואַרשע איז אָנגעגאַנגען די שלאַכט ביי לאָדזש. די דייטשע אַרמיי פונעם באַרימטן גענעראַל מאקענזען האָט געשלאָגן די רוסישע אַרמיי און פאַרנומען די גרויסע שטאָט, איינער פון די וויכטיקסטע צענטערן פון דער רוסישער טעקסטיל־אינדוסטריע. די מפּלה האָט געמאַכט אַ געוואַלדיקן איינדרוק אין וואַרשע. די רוסישע אַרמיי האָט געהאַלטן אין צוריקציען זיך אויף אַלע פראָנטן. מיט אַן אָפּ־טיילונג פונעם „רויטן קרייץ" בין איך אָנגעקומען קיין סאָכאַטשעוו, ווו די אייזנבאַן־סטאַנציע איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שפּיטאָל. טאָג און נאַכט האָט מען אַהער געבראַכט שווער־פאַרוווּנדעטע, וואָס מען האָט געזאַמלט נאָך די גרויסע שלאַכטן. עס איז פאַר

אַלעמען געווען קלאָר, אַז עס וועט ניט דויערן לאַנג ביז די דייטשן וועלן פאַרנעמען וואַרשע און די רוסישע אַרמיי וועט זיך ווייטער צוריקציען.

עס זענען אַוועק נאָך עטלעכע חדשים זינט דעם 28־טן יוני 1914, ווען אין סאַראַיעווא, סערביע, זענען דערשאָסן געוואָרן דער עסטרייכישער קרוינפּרינץ פראַנץ פערדינאַנד, דער זון פונעם עסטרייכישן קייזער פראַנץ יאָזעף, און זיין פרוי סאָפיאַ, און די רוסישע אַרמיי איז שוין געווען געשלאָגן. זי האָט געהאַט אַ דער־פאָלג נאָר אין דעם אוניווערסאַלן פּאָגראָם אויף דעם רוסישן יידנטום, כאָטש אין דער רוסישער אַרמיי האָבן געדינט אַ הונ־דערט טויזנט יידישע סאָלדאָטן און רעזערוויסטן. מען האָט גע־לויבט די יידן, וועלכע האָבן זיך באַטייליקט אין די פּאַטרולן און אויסשפּיר־דינסט פאַר זייער אינטעליגענץ, און גלייכצייטיק איז מען אָנגעגאַנגען מיט דער שפּיאָנאַזש־קאַמפּאַניע קעגן יידן. ווי גאַנץ געמיינע שווינדלערס האָט דער גענעראַל־שטאַב פון דער רוסישער אַרמיי פובליצירט אויסגעטראַכטע שלאַכטן, וועלכע זענען כלומרשט געגאַנגען פאַרלוירן אַ דאַנק „דעם פאַרראַט פון יידן”. עס איז געווען די צייט פון דער סענסאַציאָנעלער מיאַסאָיעדאָוו־שפּיאָנאַזש־אַפערע.

די פאַרברעכערישע קאַמפּאַניע קעגן יידן האָט געפירט צו דעם העכסטן סעקרעט־באַפעל פון דער הויפט־קוואַרטיר פון דער אַרמיי צו נעמען יידישע זאַקלאַדניקעס פון די פרעמדע אָקופּירטע ערטער אין פאַל מען דאַרף זיך צוריקציען. די יידישע פּראָטעסטן קעגן דעם באַרבאַריזם האָבן נישט געהאָלפן. אין דער שפּיץ פון דער אַרמיי איז געשטאַנען אַ בלוט־דאָרשטיקער פּסיכאָפּאַט. דער געהיימער באַפעל וועגן די זאַקלאַדניקעס איז אָבער פאָרט געווען פובליצירט אין דער גאַנצער אַרמיי.

אַלערליי קרימינעלע מיסברויכן זענען אָנגעגאַנגען ביז מען האָט צוגענומען ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש פון דעם פּאָסטן און פּלאַצירט אים אין דער שפּיץ פון דער רוסישער אַרמיי אויף קאַוו־

קאַז. די אַרמיי אויף דעם הויפּטפּראָנט, דאָס הייסט, קעגן דער דריי־טשער אַרמיי איז שוין געווען פולשטענדיק דעמאָראַליזירט, גרייט צום צוזאַמענברוך.

עס זענען אַוועקגעגאַנגען זעכציק יאָר נאָך דעם טויט פון דעם אַרכידיוק פראַנץ פערדינאַנד און דעם אָנהייב פון דער ער־שטער וועלט־מלחמה. אַרום דעם שאָס פון דעם סערבישן סטו־דענט גאווריליא פרינציפּ וועבן זיך אַלץ מער און מער לעגענדעס. איינע פון זיי דערציילט, אַז דאָס פאַרגאָסענע בלוט פון דעם דער־הרגעטן קייזערלעך־קעניגלעכן פּאָרפּאָלק אין סאַראַיעוואָ איז ביז צום היינטיקן טאָג ניט מעגלעך אָפּצוואַשן, ניט קוקנדיק אויף אַלע פּרווון אָפּצומעקן עס. אפשר איז עס ניט קיין לעגענדע, נאָר ווירקלעכקייט? — אַרום אונדזער פאַרגאָסענעם בלוט און אונדזע־רע קרבנות וועבן זיך ניט קיין לעגענדעס. עס איז אַ ביטערע ווירקלעכקייט און זי וואַרט נאָר אויף דעם היסטאָריקער צו באַ־שרייבן זי. פאַר אונדז גייט נאָך אָן דער אוניווערסאַלער פּאָגראָם אין מזרח פון אייראָפּע.

(„לעצטע נייעס", דעם 11־טן יולי 1974)

# אַ שמחה אין בערגען־בעלזען

## (אַ קאַפּיטל פון מלחמה־זכרונות)

עס קלינגט אַ ביסל אומפאַרשטענדלעך און ווילד דאָס פּאָרן די צוויי אויסדרוקן „אַ שמחה" און „בערגען־בעלזען", אָבער עס טרעפט ניט זעלטן אין דער געשיכטע, אַז דאָס טראַגישע און דאָס קאָמישע גייען צוזאַמען, בפרט אין אונדזער לאַנגער געשיכטע. דאָס צוזאַמענפלעכן פון די צוויי עלעמענטן זעט אויס ווי אַ פּאַראַדאָקס, אָבער דער פּאַראַדאָקס איז זייער סימבאָליש. אַ יידישער פּאַראַדאָקס...

מען פייערט היינט דעם סוף פון דער צווייטער וועלט־מלחמה מיט פינף און צוואַנציק יאָר צוריק, וואָס איז געווען פאַר אונדז אַ שרעקלעכער חורבן, אפשר דער שרעקלעכסטער אין אונדזער געשיכטע. די אַלטע נאַציס און די נעאָ־נאַציס זאָגן, אַז מיר האָבן פאַרלוירן „נאָר איין מיליאָן" און זענען אויפגעבראַכט פאַרוואָס מיר רעדן שטענדיק וועגן זעקס מיליאָן יידישע אומשולדיקע קרבנות. די פּאָליאַקן זענען אויך אויפגעבראַכט: פאַרוואָס זאָגן מיר, אַז זיי האָבן צוגעהאָלפן די נאַצי־מערדערס אויסראָטן די אַלטע יידישע ישובים. זיי האָבן דאָך שפּעטער באַוויזן, אַז זיי זענען אַליין, אָן די דייטשן, ניט קיין קלענערע אויפטועס ווען עס האַנדלט זיך וועגן אַ פּאָגראָם אויף יידן. דאָס זענען אַלץ ערנסטע טענות, פּויליש טענות קעגן יידן...

נאָך דעם סוף פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז געגרינדעט

געוואָרן די „אונראַ״ (אינטערנאַציאָנאַלע הילפס־אָרגאַניזאַציע) פאַר ראַטעווען פון אונטערגאַנג און אַוועקשטעלן אויף די פיס די עט־לעכע מיליאָנען געבליבענע אומשולדיקע קרבנות פון די נאַצי־לאַ־גערן, די אַזוי גערופענע „די.פּי.ס.״ — „דיפּלייסיד פּערסאָנס״(. דער עולם האָט זיך אַזוי צוגעוווינט צו דעם דאָזיקן צונעמעניש ווי דאָס וואָלט געווען אַ באַרוף אַזאַ, אַ מין פאַך, אַ גרופּע אַריסטאָקראַטן.

די „אָרט״־אָרגאַניזאַציע האָט גענומען אויף זיך נאָך דער מל־חמה אַ וויכטיקע אויפגאַבע, אויפבויען וואַרשטאַטן אין די לאַגערן און לערנען די מענטשן אַ פאַך, כדי זיי זאָלן זיין פאַרנומען מיט אַן אַרבעט, אַריבערגיין צו אַ מער אָדער ווייניקער נאָרמאַלן לעבן און דערביי אויך לערנען אַ פאַך אויף וויפל עס לאָזט זיך. די די־רעקציע פון „אָרט״ האָט זיך געפונען אין ניו־יאָרק, איך בין געווען דער פאַרטרעטער פון „אָרט״ אין מאָנטרעאַל, קאַנאַדע, ווו ד׳י „אונראַ״ איז געגרינדעט געוואָרן אויף אַ גרויסער אינטערנאַ־ציאָנאַלער קאָנפערענץ אונטער דעם פאָרזיץ פון מאַקענזי קינג, דעם באַרימטן קאַנאַדער פּרעמיער־מיניסטער צו יענער צייט. איך בין די גאַנצע צייט געווען אויף דער קאָנפערענץ און כמעט יעדן טאָג געשריבן וועגן איר אין דער גרויסער ענגלישער צייטונג „מאָנ־טרעאַל גאַזעט״. דער באַקאַנטער יידישער כלל־טוער און געוועזע־נער גאָווערנער פון דער שטאָט ניו־יאָרק, לעמאַן, איז באַשטימט געוואָרן אַלס פּרעזידענט פון דער „אונראַ״.

ווען דער „אָרט״ האָט באַשלאָסן צו שיקן מיך ווי אַ פאַרטרע־טער פון דער אָרגאַניזאַציע ביי דעם הויפּט־קוואַרטיר פון דער „אונראַ״ אין דייטשלאַנד האָב איך ניט זייער גערן געוואָלט נעמען אויף זיך די שליחות. איך האָב נאָך ניט פאַרגעסן דעם אָנהייב פון דער ערשטער וועלט־מלחמה אין 1914 ווען איך בין געווען אויף דעם רוסיש־פּוילישן פראָנט ביי סאָכאַטשעוו. איך בין געווען דע־מאָלט אַן עדות פון דעם אָנהייב פון דעם יידישן חורבן אין אַלטן רוסלאַנד, אַן עדות פון דעם גירוש פון זעקס הונדערט טויזנט יידן פון פּוילן, ליטע און די באַלטישע פּראָווינצן און די צוויי פאַרשאָל־טענע נעמען: גרויספירשט ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש און זיין גע־

נעראַל־שטאַב־שעף יאַנושקעוויש, זענען פאַר מיר געבליבן ניט סתם נעמען, נאָר לעבעדיקע גזלנים, מערדערס פון פאַך. אויף דעם פראָנט קיין סאָכאַטשעוו, ווו די אייזנבאַן־סטאַנציע איז פאַר־וואַנדלט געוואָרן אין אַ שפּיטאָל, ווו דאָקטוירים האָבן טאָג און נאַכט אָפּערירט שווער־פאַרוואונדעטע, וואָס מען האָט געבראַכט דירעקט פונעם פראָנט. די פאַרוואונדעטע פלעגן אָפּליגן אין בלאָ־טעס אַכט־צען שעה איידער מען האָט זיי געפונען און גענומען אויף די קליינע וועגעלעך מיט צוויי גרויסע רעדער אָן רעסאָרן. מען פלעגט זיי ברענגען פון אַ צען מייל און זייערע געשרייען פון די ווייטיקן זענען געווען האַרצרייסנדיק.

ווען מען האָט אָפּערירט פאַרוואונדעטע דייטשע סאָלדאַטן, פלעגט מען מיך בעטן צו העלפן דעם דאָקטאָר־כירורג צו איבערזעצן פון רוסיש אויף דייטש און פאַרקערט ביים אויספרעגן דעם קראַנקן. איך האָב בייגעוווינט שרעקלעכע סצענעס. געזען רוסישע אָפּי־צירן וואָס מען האָט געבראַכט מיט אַזעלכע ווונדן און ווייטיקן, אַז זיי זיינען אַראָפּ פון זינען און זיך געוואָרפן אויף מענטשן. יאָרנ־לאַנג האָב איך געפילט דעם ריח פון בלוט, געמישט מיט נאַסער ערד אויף דעם סאָלדאַטסקן מאַנטל...

**
*

פון דעסטוועגן האָב איך מיט דרייסיק יאָר שפּעטער געמוזט אָננעמען די שליחות צו פאָרן צום הויפּט־קוואַרטיר פון דער ׳אונ־ראַ״ און פאַרזוכן אויפבויען „אָרט״־וואַרשטאַטן פאַר די לעבן־גע־בליבענע קרבנות אין די נאַצי־לאַגערן. דאָס הויפּט־קוואַרטיר פון דער „אונראַ״ אין דייטשלאַנד האָט זיך געפונען אין דעם קליינעם דייטשן שטעטל אַראָלסען, ניט ווייט פון דער דעמאָלט אין גאַנצן צעשאָסענער שטאָט קאַסעל. די אַדמיניסטראַציע פון דער „אונראַ״ און די פאַרטרעטער פון די פאַרשידענע הילפס־אָרגאַניזאַציעס האָבן פאַקטיש איבערגענומען דאָס גאַנצע אַראָלסען, צוזאַמען מיט דעם „שלאָס״ און מיט דעם פּראַכטפולן פּאַלאַץ, וועמענס אייגנטימער, אַ

געהויבענער דייטשער פירשט, איז געווען אַ פּאַרדינסטפולער נאַצי־מערדער און איז פון די ערשטע פאַרמשפּט געוואָרן אויף לעבנס־געפענגעניש אַנשטאָט צו ווערן דערשאָסן, וואָס איז אים געקומען על פּי דין. די פרעמדע „אָקופּאַנטן" פון אַראָלסען האָבן אויסגע־מאַכט אַ מחנה פון אַ טויזנט נפשות. „דייטשלאַנד, דייטשלאַנד אי־בער אַלעס" האָט דאָ פּשוט אויפגעהערט צו עקסיסטירן.

פאַרנדיק קיין דייטשלאַנד צו אָרגאַניזירן וואַרשטאַטן פאַר די יידישע די. פּי. אין די לאַגערן האָב איך אין לאָנדאָן איינגעקויפט אַ היפּש ביסל ווערקצייג פון דעם סורפּלוס פון דער קאַנאַדער אַר־מיי, וואָס איז פאַרבליבן אין האָלאַנד נאָך די לעצטע גרויסע שלאַכטן ביי ניעזעגען. איינגעקויפט פּשוט עטלעכע שעה פאַר דעם ווי די האָלענדישע רעגירונג האָט געקויפט דעם גאַנצן קאַנאַדער סורפּלוס. איך האָב עס געקאָנט קויפן ווייל צופעליק איז אין דער שפּיץ פון דער קאַנאַדער מיליטערישער מיסיע אין לאָנדאָן געשטאַנען דער שעף פון די קאַנאַדער אַרסענאַלן, וואָס האָט מיט אַ יאָר צוריק געהאַט באַזוכט די גרויסע „אָרט"־שולע אין מאָנטרעאַל און מיר האָבן געהאַט די מעגלעכקייט צו רעדן וועגן פּראָבלעמען פון פאַך־אויסבילדונג.

וועגן דער „אונראַ"־אַרבעט נאָך דער מלחמה איז נאָך ניט געשריבן אויספירלעך. זייער ווייניק איז געשריבן וועגן דער אַר־בעט דאָרט פון „אָרט" און „דזשאָינט". איך האָב אויך ניט בדעה דאָ אָפּצושטעלן זיך אויף דער אַרבעט פון יידישע אָרגאַניזאַציעס לטובת פון מאַסן אומגליקלעכע יידן, קרבנות פון אַ קאָלאָסאַלן יידן־פיינדלעכן פסיכאָז. איך וויל דאָ נאָר דערציילן איין איינציקן עפּי־זאָד וואָס איך האָב בייגעווױנט אין איינעם פון די שרעקלעכסטע נאַצי־לאַגערן אין בערגען־בעלזען.

איך בין אָנגעקומען קיין בערגען־בעלזען דעם ערשטן פּורים נאָך היטלערס מפּלה און דעם סוף פון דער דייטשער אַרמיי. דאָס לאַנד איז געווען איין גרויסער חורבן. פראַנקפורט, האַמבורג, האַ־נאָווער זענען געווען צום גרעסטן טייל בערג פון צעשטערטע היי־

זער. מיר זענען געווען די „אָקופּאַנטן״. אויף דער טיר וואָס מען האָט מיר צוגעטיילט אין אַראָלסען איז נאָך פאַרבליבן אַ גרויסער האַקנקרייץ. מען האָט מיר אָפּגעגעבן די בעסטע צימערן און מען האָט מיך באַדינט ווי אַ וואַזשנעם לאָרד. איין זון פון דער נאָבעלער פאַמיליע איז פאַרבליבן ערגעץ־ווו אויף די שלאַכט־פעלדער אין רוסלאַנד, דער צווייטער זון, אַ געוועזענער אָפיציר, האָט זיך פאַר־בייגט פאַר מיר ווי פאַר זיינעם אַ גענעראַל. ווען עס האָט שטאַרק געדעגנט און איך האָב אים געזען אַרומגיין אין צעריסענע שיך, האָב איך אים געגעבן דיקע, פיינע זאָקן פון דער קאַנאַדער אַרמיי...

ביים אָנקומען קיין בערגען־בעלזען, ניט ווייט פון די הייזער, ווו עס האָבן געלעבט פריער די געסטאַפּאָ־אָפיצירן, גאַנץ גוט־געבויטע עטלעכע צענדליק גרויסע הייזער, און איצט אונדזער שארית הפליטה, אַ צען טויזנט לעבן־געבליבענע יידן, האָב איך דערזען אַ בילד, וואָס מען וואָלט געדאַרפט פאַראייביקן: אַ פּאָר צענדלינג יידישע יונגעלייט האָבן געפונען אַ צעשאָסענעם און אַוועקגעוואָרפענעם אויטאָמאָביל, האָבן זיך אַרויפגעכאַפּט אויף אים ווי פייגל אויף אַ שטיקל פלייש און האָבן זיך גענומען צענעמען אויף פּיץ־פּיצלעך די רעשטן פונעם מאָטאָר. די יונגעלייט האָבן געוואָלט עפּעס טאָן, אַרבעטן, ווערן מעכאַניקער, אומקערן זיך צו אַ נאָרמאַלן לעבן נאָך דעם ווי זיי זיינען אַרויס לעבעדיק פון די הענט פון די מערדערס...

אָבער דעם אייגענעם טאָג האָט מיך דערוואַרט דאָס גרעסטע וווּנדער אין מיין לעבן. אַ וווּנדער פון וווּנדער!

איך בין אָנגעקומען קיין בערגען־בעלזען מיט צוויי קאַמיאָנען פול מיט ווערקצייג פאַר דעם פּלאַנירטן מעכאַנישן וואַרשטאַט. עס האָט גענומען צייט צו אָריענטירן זיך, אָפּכאַפּן דעם אָטעם. אינעם לאַגער זענען ניט לאַנג געווען אויך טויזנטער פּערסאָן, וואָס מען האָט געמוזט צונעמען, ווייל דאָס זענען געווען ס׳רוב אמתע באַנ־דיטן פאַגראַמטשיקעס. זיי האָבן טאַקע געמאַכט אַ פּאַגראָם אינעם לאַגער און האָבן באַקומען גוט באַצאָלט פון די יידן, וואָס האָבן זיך ערשט באַפרייט פון די דייטשע פּראָפעסיאָנעלע מערדערס...

עס האָט ניט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ לאַגער און די מענטשן האָבן ניט אויסגעזען ווי געפּאַנגענע. אַלע זענען געווען פאַרטאָן, אין אַ גוטער שטימונג. איך בין שוין געווען צוגעוווינט צו אַזעלכע לאַגערן, אָבער עס איז דאָ דעם טאָג געווען ספּעציעלעס. אַ נייער פריינד באַגריסט מיך און זאָגט:

— איר וועט דאָך קומען היינט אין אָוונט?!

— וווהין קומען, צוליב וואָס קומען?

— וואָס רעדט איר, וואָס רעדט איר... היינט איז דאָך פּורים און היינט וועט מען טאַנצן... אונדזער ערשטער פּורים!...

איך האָב צוערשט געמיינט, אַז דער ייד מאַכט חוזק פון מיר, אָבער איך האָב באַלד פאַרשטאַנען, אַז עס איז אַ ביטערער ערנסט פאַר אים. און דאָס וואָס עס האָט זיך אָפּגעשפּילט דעם אָוונט איז עפּעס וואָס איז שווער צו באַשרייבן פינף און צוואַנציק יאָר נאָך דער געשעעניש.

אין די צוויי גרויסע זאַלן האָט זיך געפונען אַן עולם פון מע־רערע הונדערטער מענטשן גוט געקליידעט, גאַנץ באַזונדערס די פרויען אין פיינע טואַלעטן. איך גלייב ניט, אַז דער עולם אין דער פאַריזער גראַנד אָפּעראַ איז בעסער געקליידעט. די טישן זענען געווען געדעקט מיט אַלערליי עסנס, ס׳רוב קאָנסערוון און אַלער־ליי געטראַנקען. אויף אַ בינע האָט אַ פרוי, אַ פיינע פידל־קינסט־לערין, געגעבן אַ קאָנצערט. נאָך דעם האָבן אין די צוויי זאַלן גע־שפּילט גאַנץ גרויסע אָרקעסטערס, דייטשע אָרקעסטערס פון בלאָז־אינסטרומענטן. עס איז געווען אַ שמחה, אַ פייערלעכקייט, אַ גרויסע חתונה, אַ יום־טוב.

איך בין געגליווערט, ניט דערשטוינט, נאָר פולשטענדיק גע־פּלעפט. דאָס וואָרט שמחה זאָגט גאָרניט. עס איז געווען אַ גוט אָרגאַניזירטע מאַניפעסטאַציע פון יידן וואָס זענען פאַקטיש געווען פאַרמשפּט צום שרעקלעכן אונטערגאַנג און האָבן זיך פאָרט אַ־רויסגעריסן פון די הענט פון דעם מערדער, פון דעם ראַפינירטן, ברוטאַלן אומברחמנותדיקן מערדער.

אַ סך לאַנגע טעג און נעכט איז אָנגעגאַנגען די אַרבעט אין די „אָרט"־וואַרשטאַטן אין אַן אויפגעבויטער דענטאַל־מעכאַנישער שולע און פאַרשידענע וואַרשטאַטן, אָבער אומפאַרגעסלעך איז גע־ווען דער פורים־אָוונט. מען האָט מיך געבעטן זאָגן אַ פּאָר ווער־טער דעם עולם און דאָס איינציקע וואָס איך האָב געקאָנט זאָגן, איז די פאַרזיכערונג אַז זיי, די טאַנצנדיקע הײַנט מאַרטירער זענען ניט אַליין, אַז אַלע יידן אין דער וועלט זענען מיט זיי, אַז מיר וועלן אַלץ טאָן, כדי זיי זאָלן וואָס גיכער ווערן פרײַ אין אַ נײַער וועלט...

דער אָוונט איז פאָרגעקומען אין די הײַזער פון די היטלערס געסטאַפּאָ־אָפיצירן, נאָר אַ פּאָר שריט פון דעם לאַגער פון די אומ־געבראַכטע צענדליגער טויזנטער יידן. אַהין האָב איך מורא גע־האַט צו גיין. מײַן שאָפער, אַן ענגלישער סאָלדאַט, דזשעק, האָט זיך וואָכנלאַנג געבעטן, אַז מיר זאָלן אַהין פאָרן צו באַזוכן די קברים און איך האָב מורא געהאַט. ביז ער האָט באַשטאַנען אויף זײַנס. אין דעם שרעקלעכן פּלאַץ זענען געווען קברים מיט קליינע שילדן: „דאָ זענען באַגראָבן פינף טויזנט", „דאָ זענען באַגראָבן אַכט טויזנט" און אַזוי ווייטער אָן אַ שיעור. אויפן פעלד זענען גע־שטאַנען אייזערנע אויוונס און אַרום די בערגלעך פון אַש און ניט־פאַרברענטע ביינער. איך האָב גענומען אין די הענט די הייליקע אַש און אַ פּעקל ביינער פון אומגעבראַכטע אומשולדיקע יידן און האָב זיי געצערטלט...

אין אַ גאַנץ קורצער צײַט אַרום האָב איך אויפגעגעבן די אַר־בעט, פאַרלאָזט דײַטשלאַנד און די יידישע קברים. דאָס האַרץ האָט עס מער ניט געקאָנט אויסהאַלטן...

איך שרײַב די שורות און עס ציטערט אין מיר אַלץ: אַש פון אונדזערע אומשולדיקע קרבנות און ניט אין גאַנצן פאַרברענטע ביינער פון די אומגעבראַכטע! בײַ דער זײַט ליגט אַ באַרג מיט ערד און זאַמד וואָס מען פלעגט צווינגען די געפאַנגענע אַריבער־וואַרפן אויף דער אַנדערער זײַט אין דער פרי און נאָך מיטאָג אַרי־בערוואַרפן צוריק, פּשוט נאָר כדי צו פּייניקן די מענטשן אַזוי

לאַנג ביז זיי זענען געפאַלן טויטע. דער אוממענטשלעכער סאַדיזם איז יאָרנלאַנג אָנגעגאַנגען ניט ערגעץ ווו אין אַ פאַרוואָרפענעם פלאַץ אין אַפריקע, נאָר אין סאַמע האַרצן פון אייראָפּע, אינעם לאַנד פון געטע און קאַנט, אינעם לאַנד פון היינע און לאַסאַל, אינעם לאַנד פון קאַרל מאַרקס און מאָזעס העס...

און די שארית הפליטה האָט געטאַנצט די ערשטע פורים־נאַכט נאָך דער באַפרייאונג...

# דער וואַנדאַליזם קעגן יידיש

אַלע רייד וועגן דעם וואַנדאַליזם פון די אָפיציעלע פירער פון דער „יידישער אַגענץ״ קעגן דער יידישער שרפאַך, דאָס הייסט, קעגן דער מאָדערנער יידישער קולטור, זענען אַרויסגעוואָרפן. עס קלינגט כמעט קאָמיש, אָבער עס חזרט זיך איבער אין ישראל די גאַנצע געשיכטע מיט דער מאָסקווער ק.ג.ב. די וואָס האָבן פאַר־כאַפּט די מאַכט נוצן אויס די מאַכט ווי זיי ווילן. די געשיכטע מיט דער טעלעוויזיע און ראַדיאָ עקסקלוסיוו אין העברעאיש, ניט געקוקט אויף דעם וואָס הונדערטער טויזנטער יידן פאַרשטייען ניט קיין העברעאיש, איז אַ שעדלעכע געשיכטע, אָבער רעדן און פּראָ־טעסטירן איז באמת ווי „רעדן צו דער וואַנט״. מען לאַכט זיך אויס פון די פּראָטעסטן.

דאָס לעבן אָבער, דאָס רעאַלע, קאָנקרעטע לעבן, לאַכט זיך ניט אויס. דאָס וואָס מוז געשען וועט געשען און דאָס לעבן וועט ענטפערן אויף דעם וואַנדאַליזם. די צופעליקע מאַכטהאָבערס וועלן באַקומען דעם ענטפער.

געוויע ידיעות פון ישראל מעלדן, אַז עס איז שטאַרק געפאַלן די איינוואַנדערונג קיין ישראל אי פון סאָוויעט־רוסלאַנד אי פון די פאַראייניקטע שטאַטן. דאָס אַרומפאָרן פון די פאַרטרעטערס פון דער יידישער אַגענץ מיט אַ רוף צו יידן צו קומען מאַסנווייז קיין ישראל, מאַכט איצט ניט קיין איינדרוק. די צאָל פון די אויסוואַנ־דערערס פון ישראל ווערט ניט געמאָלדן, אָבער עס האָבן אויסגע־

וואַנדערט הונדערטער, טויזנטער יידן. דער שעף פון דער יידישער אַגענץ האַלט אין איין רופן: יידעלעך, קומט אַהער אַלע, אַלע!...

קיין וווינונגען זענען נאָך ניטאָ, קיין אַרבעט איז אויך נאָך ניטאָ פאַר אַלע, דערווייל איז מען אין מיטן מלחמה, אויף יעדן פאַל איז נאָך קריגסצושטאַנד און פּראָבלעמען הויפן זיך. מען האַלט אין איין זידלען די וואָס קומען און פאָרן אַוועק, ווייל זיי קאָנען זיך ניט צופּאַסן. דאָס קומט פאַר ביי יעדער איינוואַנדערונג, אַז אַ געוויסער טייל פון די נייע מענטשן קאָנען זיך ניט צופּאַסן, אָבער פאַר די ישראל־פּאַטריאָטן זענען זיי „יורדים", „פאַררעטערס". דערמיט מאַכט מען די „יורדים" פאַר די גרעסטע פיינד פון ישראל. אָבער פאַר די ישראלדיקע ביוראָקראַטן איז דאָס ניט וויכטיק.

די לייענערס פון די שורות קאָנען זיך פרעגן, וואָס פאַר אַ שייכות האָט דאָס פּראָבלעם פון דער איינוואַנדערונג צו דעם קאַמף קעגן יידיש? די שייכות איז זייער אַ גרויסע. אין ביידע פאַלן איז דאָס די אַרבעט פון די אַמאַטאָרן פונעם יידישן רענעסאַנס. אין ביידע פאַלן איז דאָס דער דראַנג אַריינצוכאַפּן וואָס מער און וואָס גיכער. צוליב דעם צוואַנג צו העברעאיזירן די איינוואַנדערונג, פאָרן אַוועק הונדערטער יידן. מען לאָזט ניט אָפּאָטעמען די ניי־געקומענע, אויסגעמאַטערטע און אויפגעבראַכטע וואַנדערערס, פאַר וועלכע העברעאיש איז „טערקיש". עס איז צוואַנג, מען איז אַרויס פון דער רוסישער אינקוויזיציע און מען איז אַריין אין אַן אייגענער אינקוויזיציע. אַנדערש קאָן מען ניט אָנרופן דעם ישראלדיקן מעטאָד. די פיינדשאַפט צו יידיש גיט צו אַ ספּעציעלן בייגעשמאַק דער העברעאיזירונג, איך וואָלט געזאָגט, אַן אויסגעשפּראָכענעם אַנטי־יידישן בייגעשמאַק.

דאָס וואָס די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע און די העברעאישע פּרעסע פּראָטעסטירן ניט קעגן דעם צוואַנג, מאַכט זיי מיטפאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם שאָדן און אַלע אירן קאָנסעקווענצן. און די קאָנסעקווענצן זענען שוין דאָ. די איינוואַנדערונג וועט זיך אָפּשטעלן פון

זיך אַליין. געלט וועט מען נאָך קריגן, קרעדיטן וועט מען נאָך באַ־קומען, אָבער יידן וואָס מען זאָל איינשפּאַנען און אויף גיך זיי העברעאיזירן — וועט מען ניט האָבן.

אין זיינע „יידישע מלחמות” זאָגט יאָזעפוס פלאַוויוס: „עס איז ניט אמת, אַז די רוימישע אימפּעריע האָט צעשטערט און פאַר־ניכטעט די יידישע מלוכה; יידן אַליין האָבן צעשטערט און פאַר־ניכטעט זייער מלוכה”.

די ווערטער קלינגען טראַגיש, אָבער אַז מען קוקט פון דער ווייטנס אויף דעם וואָס עס שפּילט זיך אָפּ היינט אין ישראל — די מלחמה פון די יידישע גענעראַלן, די שטילע קאַמפּאַניע קעגן אַמע־ריקע און קיסינגער, דער וואַקסנדיקער יקרות און דאָס פאַרשפּרייטן זיך פון אַ טיפער פּאַניק — איז די בייזוויליקע קאַמפּאַניע קעגן יידיש ניט זייער וויכטיק. אַן אַרויפגעצוווּנגענע העברעאיזאַציע איז נאָר אַ סימפּטאָם פון אַ שווערער קראַנקהייט. זיי ווען אין נאָמען פון דעם צוואַנג פאַרניכטן אַלטע יידישע ישובים, צעשטערן דאָס וואָס מען האָט אויפגעבויט אין פאַרלויף פון הונדערטער יאָרן און דערמיט פאַרענדיקן זייער „רענעסאַנס”.

דאָס כאַראַקטעריסטישסטע פאַר דעם אָפיציעלן ציוניזם איז, אַז דער וואָס ווערט ניט באַגייסטערט פאַר די ביז־איצטיקע דער־גרייכונגען און דערקלערט ניט, אַז ער איז „פאַרליבט”, איז אַ שונא־ישראל. פון דעם נעמט זיך די חוצפה ביים באַהאַנדלען די פראַגע וועגן יידיש און די ברוטאַלע באַציאונג צו דער שפּראַך פון מיליאָ־נען יידן. אין צענדליגער אַמעריקאַנער אוניווערסיטעטן האָט מען איצט ספּעציעלע קורסן פאַר שטודירן די יידישע שפּראַך, נאָר אין מדינת ישראל ווערט די שפּראַך נאָר קוים טעאָרעטיש — אַזוי ווי אין היינטיקן רוסלאַנד...

און דער ענטפער איז שוין געקומען, און באַלד וועלן מיר דערהערן דאָס געשריי: יידן, ראַטעוועט, קומט ראַטעוועט...

עס וועט זיין צו שפּעט...

איך גלייב ניט, אַז אַסימילאַציע איז באמת אַ סכנה פאַר דעם יידנטום. וואָלט עס געווען אַ רעאַלע געפאַר, וואָלט דאָס יידנטום שוין לאַנג אונטערגעגאַנגען און פאַרשוואונדן. מיר זענען אָבער היינט מער אַ פאָלק ווי ווען עס איז פריער אין אונדזער געשיכטע. אויב אָבער עס איז יאָ דאָ אַ געפאַר, איז די העברעאיזאַציע דער בעסטער וועג צו אַסימילאַציע. יידן וועלן ניט ווערן קיין העברייער. פון דעם וואָס מען וועט זאָגן „הטעלעגראַף" אַנשטאָט טעלעגראַף, וועט מען ניט ווערן קיין העברייער. איך האָב אַ סך יאָרן געלערנט תלמוד, אָבער קיין העברעאישע צייטונג קען איך ניט לייענען.

אַ צוואַנג־העברעאיזאַציע איז אינקוויזיציע, נוסח ק.ג.ב. — דאָס ווייסן מסתמא די העברעאיסטישע משכילים, אָבער זיי אינטערע־סירן זיך ניט אין יידן, זיי זענען אינטערעסירט אין העברעאיש. זיי וועלן עס באַדויערן, ווען עס וועט זיין צו שפעט...

(„דאָס פרייע וואָרט", מאַי 1974)

# אָן אילוזיעס

פון דער ווייטנס זעט אויס דאָס בילד אַ סך קלאָרער. עס איז אַ גרויסער נצחון פאַר די איסלאַם־לענדער אויף דעם חשבון פון יידישע נאַציאָנאַלע אינטערעסן. דער רענעסאַנס פונעם וועלט־יידנטום האָט אויפגעוועקט און סטימולירט דעם פּאַן־אַראַביזם, האָט געגעבן די אַראַבישע מושלים אַ סעריע לעקציעס פון רעאַל־פּאָליטיק. זיי האָבן אַ קאַדאַפי און אַ בומעדיען, אָבער זיי האָבן אויך זייער מלך פייסאַל און פּרעזידענט סאַדאַט. זיי האָבן אַ מאָל ניט געוואָלט הערן וועגן דער מיזעראַבלער לאַגע פון זייערע פאַר־שקלאַפטע פעלקער, היינט וואַרפן זיי זיך מיט הונדערטער מיליאָנען דאָלאַרן. זיי זענען היינט דאָ אין יעדן ווינקעלע פון דער וועלט, אפילו אין די לענדער פון דרום־אַמעריקע פאַרזוכן די אַראַבישע נאַציאָנאַליסטן דערשטיקן די יידישע ישובים...

עס איז אפשר צו שפּעט צו קלאָגן און באַקלאָגן זיך אויף דער יידישער פירערשאַפט אין די פאַרשידענע לענדער, אָבער עס מוז פאַר אונדז ווערן קלאָר, אַז דער קיום פון יידנטום, אַריינגערעכנט דעם קיום פון מדינת ישראל, איז היינט אָפּהענגיק פון דער עקסיס־טענץ פון די ישובים אין די גלות־לענדער, און מיר טאָרן ניט לאָזן זיי זאָלן, חלילה, פאַרשווינדן אָדער אָפּגעשוואַכט ווערן. פאַרקערט, מיר דאַרפן זיי פאַרשטאַרקן.

דאָס אַמעריקאַנער יידנטום האָט אונדז באַוויזן וואָס עס מיינט פאַר אונדז — און פאַר מדינת ישראל — דער פון מזרח־איי־

ראָפּע איינגעוואַנדערטער ייד. די זיכערהייטס־גאַראַנטיע פון אַמע־ריקע פאַר דער עקסיסטענץ פון דער יידישער מדינה מיינט דאָס ווילזיין און די זיכערקייט פון דעם אַמעריקאַנער יידנטום. אויב דאָס איז ניט געווען קלאָר ביז ניקסאָנס רייזע אין דעם נאָענטן מזרח איז עס מער ווי קלאָר נאָך דער רייזע. עס איז אַ מין אי־ראָניע פון דעם יידישן גורל, וואָס גראָד יידישע הענט האָבן מיט־געאַרבעט אין דער היסטאָרישער טראַנספאָרמאַציע פון דער אַל־געמיינער לאַגע אין דעם נאָענטן מזרח. ד״ר קיסינגער האָט ניט איין מאָל אָנגעטייט, אַז ער רעפּרעזענטירט אַמעריקע און אַמערי־קאַנער מלוכה־אינטערעסן און אַז ער איז אַן אַמעריקאַנער מיניס־טער, ניט קיין יידישער מיניסטער.

פון דער ווייטנס, חזרן מיר איבער נאָך אַמאָל, איז דאָס בילד קלאָרער. מיר דאַרפן אויך זען בעסער אַמעריקע און די אינערן־פּאָליטישע לאַגע דאָרטן. די וואַטערגייט־אַפּערע האָט אַנטפּלעקט פאַר דער וועלט אַ ניי פּנים פון אַמעריקע: די צדיקים פון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, די זשורנאַליסטן פון דער גרויסער פּרע־סע, וואָס גנבענען דאָקומענטן פון „ווייסן הויז״, באַאַמטע און פּאָ־ליטיקער פון אַ הויכן ראַנג, וואָס פירן זיך אויף ווי פאַרברעכערס פון אַ מאַפּיאַ־אָרגאַניזאַציע — עס וואָלט געווען שווער צו גלייבן אין זייערע אויפטוען אויב זיי אַליין וואָלטן ניט דערציילט זייערע מעשים און זיי זענען דאָס די גאַראַנטיע פון דער זיכערקייט פון דער יידישער מדינה, אויף זיי זענען ביז איצט געבויט די האָפע־נונגען אויף אַ ווירדיקער צוקונפט...

עס איז געווען קיסינגערס אידעע צו לאָזן קומען קיין קאַירע און ריאַד דעם אַמעריקאַנער פּרעזידענט און עס איז געווען אַ גוטע אידעע.

דער נצחון פון פּאַן־אַראַביזם האַלט ערשט ביים אָנהייב פונעם פּאַרמעסט. די אַראַבישע לענדער ווערן ביסלעכווייז פּטור פון דער סאָוויעט־רוסישער איבערמאַכט, ווערן געשטיצט פון אַמעריקע און זענען גרייט צו אנערקענען די עקסיסטענץ פון מדינת ישראל.

פאַרוואָס נישט? די עקסיסטענץ פון מדינת ישראל האָט זיי שוין געעפנט דעם וועג אין דער גרויסער וועלט און קאָן זיי ברענגען נאָר גוטס אין דער צוקונפט. דער נאַפט ברענגט זיי אַריין פאַנ־טאַסטישע געלט־סומעס און זיי וועלן ניט דאַרפן בעטן קיין פי־נאַנסיעלע הילף. זיי וועלן אַליין קאָנען „העלפן״ די גרויסמאַכטן. זיי דאַרפן איצט נאָר קענען אויסנוצן די אוצרות, וואָס זיי האָבן געזאַמלט, און פריער פון אַלץ באַקומען די פּאַסיקע אינדוסטריאַ־ליזאַציע. אָט האָט זיך עגיפּטן דערוואַרט, אַז אַמעריקע רייניקט אין אַ בליץ־טעמפּאָ דעם סועץ־קאַנאַל, עפנט דעם וועג פאַר נייע פּראָפיטן.

מען וועט פאַרזאָרגן עגיפּטן מיט אַטאָמישער קראַפט „פאַר פרידלעכע צוועקן״ און וואָס דאַרף מען האָבן מער כדי די נייע עפּאָכע זאָל ווערן אַן עפּאָכע פון איסלאַם־הערשאַפט. עס וועט מס־תמא אין גיכן אַוועקגיין פון זיין פּאָסטן העברי קיסינגער, וועלכער האָט אַ סך אויפגעטאָן פאַר יידן און נאָך מער פאַר די אַראַבער. עס וועט אַוועקגיין אין גיכן לעאָניד ברעזשניעוו, וואָס איז געוואָרן אַזוי ליבעראַל, אַז ער האָט געלאָזט אַוועקפליען פון סאָוויעט־רוס־לאַנד קיין ישראל — נאָך צוויי יאָר פון שווערן קאַמף! — דעם טענצער פּאַנאָוו און זיין פרוי גאַלינאַ. מדינת ישראל איז געוואָרן רייכער מיט אַ גרויסאַרטיקן טענצער.

ניקסאָן איז גערעכט ווען ער רעדט וועגן דער היסטאָרישער באַדייטונג פון זיין באַזוך אין די אַראַבישע לענדער. ער האָט איצט געזען מיט די אייגענע אויגן די לאַגע פון מדינת ישראל. זיין רעדע וועגן שלום און מלחמה און זיין עצה פאַר די יידן צו קאָנצענט־רירן זיך אויף דער פּאָליטיק פון שלום איז אַ מין וואָרענונג. לויט דער דערקלערונג פונעם נייעם ישראל־פּרעמיער אויף זיין ער־שטער פּרעסע־קאָנפערענץ, האָט אַמעריקע ביז איצט אויסגעגעבן אויף מדינת ישראל קנאַפּע פיר און אַ האַלבן מיליאַרד דאָלאַר, פון זיי פיר מיליאַרדן אויף באַוואָפענונג. דאָס קאָן ווייטער אַזוי ניט גיין. נאָר דער שלום קאָן גאַראַנטירן די זיכערקייט פון ישראל.

וואָס ווייניקער אילוזיעס אַלץ בעסער איז עס פאַר אונדזער געזונט. מיר זענען ניט זיכער צי עס וועט אַ סך געזונט צוקומען דעם פרעזידענט ניקסאָן פון דער היסטאָרישער רייזע, אָבער פאַר דעם יידישן זעלבסטבאַוווסטזיין דאַרף זי שפּילן און וועט זיכער שפּילן אַ גרויסע ראָל.

(„לעצטע נייעס״, דעם 2־טן יולי 1974)

# די טראַגי־קאָמעדיע פון האַלבן ייד וואַגנער

צו אַלע דראַמאַטישע געשעענישן אין מדינת ישראל איז צו־געקומען דער וואַגנער־סקאַנדאַל. יידישע ליבהאָבער פון מוזיק האָבן גראָד איצט נישט געקאָנט זיך באַגיין אָן וואַגנערן. בעטהאָווען און ווערדי, שובערט און בראַמס, מוסאָרגסקי און טשייקאָווסקי און הונדערט אַנדערע גרויסע קאָמפּאָזיטאָרן, זענען פאַר זיי ניט גענוג, וואַגנער האָט זיי געפעלט.

וואַגנער איז שטענדיק געווען אין דער מוזיק אַ קאָנטראָווער־סאַלע פּערזענלעכקייט און ניט נאָר צוליב זיין מוזיק; זיין פרי־וואָטער שטייגער, זיין לעבן, זיינע פּרויען און זיין „אַנטיסעמיטיזם" האָבן געצויגן צו זיך אַ ספּעציעלע אויפמערקזאַמקייט.

עס איז אינטערעסאַנט, אַז די „ענציקלאָפּעדיאַ בריטאַניקאַ" ברענגט אַ גאַנץ גרויסן אַרטיקל וועגן וואַגנערס מוזיק פון „ריענצי" און „פליענדיקער האָלענדער" ביז „פּאַרסיוואַל", אָבער זי דערציילט גאָרניט פון די ביאָגראַפישע פּרטים וועגן דעם גרויסן מוזיקאַלישן גאון, דערמאָנט אפילו ניט וואַגנערס נאַרישע בראָשור וועגן דער אוממוזיקאַלישקייט פון דעם יידישן פאָלק...

עס איז דאָ זייער אַ גרויסע ליטעראַטור וועגן וואַגנערן, אָבער די ביבליאָגראַפיע איז ניט בנמצא אין דער „בריטאַניקאַ". דער לייע־נער ווערט ניט אינפאָרמירט, אַז דער אָנהייב פון דער קאַריערע פון רישאַרד וואַגנער און זיין דורכפאַל אין פּאַריז איז פאַרבונדן מיט גרויסע יידישע נעמען: מיט היינריך היינע, מיט דעם קאָמפּאָ־זיטאָר מייערבער און אין אַ געוויסן זין מיט דעם פּאָפּולערן קאָמ־

פּאָזיטאָר אָפּענבאַך, אַ זון פון דעם חזן אין קעלן, באמת אַ ליבלינג פון פּאַריז. וואַגנער איז געווען אַן אמתער שונא פון דעם חזנס זון. פּאַריז האָט ניט געהאַט קיין אינטערעס פאַר דער שווערער אַרטי־לעריע און מוזיקאַלישער פילאָסאָפיע פון רישאַרד וואַגנער. אָפּענ־באַך האָט געשאַפן זיין אייגענעם סטיל, זיין אייגענעם געמיט, אָבער אין די „האָפמאַנס דערציילונגען" האָט ער זיך אַרויסגעוויזן ווי אַן ערנסטער גייסטרייכער מוזיקער.

די וואַגנעריאַנער פאַרשווייגן נאַטירלעך דעם פאַקט, אַז ניט נאָר האָט היינע געגעבן וואַגנערן די געשיכטע פונעם „פליענדיקן האָלענדער", נאָר אויך אים באַקאַנט געמאַכט מיט די נאָרדישע סאגאס. בכלל האָט היינע געוואָלט העלפן דעם יונגן קאָמפּאָזיטאָר רישאַרד וואַגנער, כאָטש יענער האָט געחלומט צו פאַרנעמען מייַ־ערבערס פלאַץ. היינע און מייערבער זענען געווען אַלטע אינטימע פריינד.

ניט קיין קליינעם פלאַץ פאַרנעמט אין דער וואַגנער ליטעראַ־טור דער ענין וועגן דעם ווער איז אייגנטלעך געווען דער פאָטער פון דעם „אַנטיסעמיט" רישאַרד וואַגנער. עס איז ניטאָ קיין שום צווייפל, אַז דער פאָטער זיינער איז געווען ניט דער געזעצלעכער מאַן פון זיין מוטער, נאָר דער ייד לואי גייער, אַן אינטימער פריינד פון זיין קראַנקן פאָטער. גייער האָט געלעבט מיט רישאַרד וואַג־נערס מוטער און האָט שפּעטער חתונה געהאַט מיט איר. דער לע־גאַלער פאָטער פון רישאַרדן איז געווען שווער קראַנק און איז געשטאָרבן דעם 22־טן נאָוועמבער 1813. רישאַרד וואַגנער איז גע־בוירן געוואָרן מיט אַ האַלב יאָר פריער, דעם 22־טן מאַי דעם איי־גענעם יאָר 1813. ווען ער איז אויסגעוואַקסן האָט מען אים אין דער שולע פאַרשריבן אַלס גייער. וואַגנער אַליין האָט אָנגעשריבן אין זיין אויטאָביאָגראַפיע: 'איך בין דער זון פון לואי גייער". דער דאָזיעקר יידישער „פלעק" האָט ניט געשמעקט די ענטוזיאַסטי־שע וואַגנעריאַנער, און אפילו קאזימא, וואַגנערס פרוי, די טאָכטער פון דעם גרויסן קאָמפּאָזיטאָר ליסט, האָט פּרובירט צו פאַרטושן און פאַרשווייגן דעם „פלעק" אויף דעם נאָמען פון איר גרויסן

דייטשן מאַן. עס וואָלט געווען אינטערעסאַנט צו וויסן, צי אַדאָלף היטלער, דער בראָדיאַגע פון לינץ, דער געוואַלדיקער ליבהאָבער פון וואַגנערס מוזיק, איז געווען באַקאַנט מיט דער געשיכטע.

מיר קאָנען זיך דאָ ניט פאַרטיפן אין אַנדערע עפּיזאָדן אין וואַגנערס לעבן, ווי למשל, די געשיכטע פון זיין ערשטער פרוי מינא (ווילהעלמינאַ), אַ שיינע שוישפּילערין, וועלכע האָט צוויי מאָל פאַרלאָזן דעם צוקונפטיקן טרובאַדור פון פאַן־גערמאַניזם מיט אַ יידישן ליבהאָבער. פאַר אונדז איז וויכטיק נאָר צו דערמאָנען, אַז דער „אַנטיסעמיט" וואַגנער איז געווען דער זון פון אַ יידן און אַלס יונגער בחור האָט ער אפילו געטראַכט צו ענדערן זיין נאָמען וואַגנער אויף דעם נאָמען גייער. ער האָט זייער שטאַרק ליב געהאַט דעם שוישפּילער און איז געווען צוגעבונדן צו אים.

דאָס פּראָבלעם פון וואַגנערס פאַן־גערמאַניזם וועט קיין מאָל ניט פאַרשווינדן און אין זיין „אַנטיסעמיטיזם" איז שולדיק הויפּט־זאַכלעך דער אויסערגעוויינטלעכער דערפאָלג פון דעם ניט־וויני־קער באַרימטן יידישן קאָמפּאָזיטאָר אָפענבאַך. דער האַלב־דייטשער ייד האָט קיין מאָל ניט געקאָנט מוחל זיין די פראַנצויזן זייער באַ־גייסטערונג פאַר דער לייכטזיניקער מוזיק פון אָפענבאַכ׳ס אָפּערעטן.

עס איז אַן אַנדערע פראַגע, צי גראָד איצט איז די צייט צו רעהאַביליטירן וואַגנערן און צו שפּילן אים אין מדינת ישראל, אָדער צי עס לוינט גראָד איצט צו דערמאָנען אין וואַגנערס אַנטי־סעמיטיזם , ניינציק יאָר נאָך זיין טויט (1883). פאַר די לעצטע הונדערט יאָר האָבן די דייטשן אָפּגעטאָן מיט אונדז ערגערע זאַכן ווי וואַגנערס אידיאָטסטווע...

(„לעצטע נייעס", דעם 12־טן יולי 1974)

# „יידן־ריינע" לענדער

דאָס איז די נייע מאָדע אין דער טרויעריקער געשיכטע פון דער יידישער וואַנדערונג: ניט נאָר דורך אַ גירוש ווערט די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג פון אַ לאַנד אַרויסגעטריבן און גע־צוווּנגען צו וואַנדערן — אַזוי ווי דאָס איז ערשט געווען אין פוילן אין יאָר 1969 — נאָר אפילו דורך אייגענער איניציאַטיוו, ווי דאָס איז איצט דער פאַל מיט סיריע און איראַק. געצוווּנגען דורך אַלער־ליי רדיפות און נגישות, ניט זעלטן פשוט דורך מאָרד, בעטן זיך יידן מען זאָל זיי אַרויסלאָזן. זיי בעטן זיך און זייער געוויין און דאָס שרעקן זיך פאַרן טויט איז דערהערט געוואָרן פון דעם גאַנצן יידנטום, אפילו אויך פון געוויסע ניט־יידישע קרייזן. אין אַ צייט, ווען עס ווערט אַזוי פיל גערעדט און געשריבן וועגן דער אַנט־שפּאַנונג, „דעטאַנט"! און קאָנפערענצן אין אַלע טיילן פון דער וועלט פאַרהאַנדלען וועגן אַ זיכערן שלום, געפינען זיך עטלעכע טויזנט פאַרפייניקטע יידישע נשמות אין די הענט פון רוצחים, וועלכע האָבן אַמבאַסאַדאָרן אין אַלע לענדער און זענען רעפּרע־זענטירט אין דער אָנ"ו און בעטן מען זאָל זיי ראַטעווען פון אונ־טערגאַנג.

איז דאָס ניט פּאַראַדאָקסאַל? איז דאָס ניט אַ שאַנדפלעק אויפן נאָמען פון דער אָנ"ו און אַלע מיטבאַטייליקטע אין דעם העכסטן טריבונאַל פון דער וועלט פאַר יושר און געזעצלעכקייט?

ווען גיערעק, דער היינטיקער מושל פון דעם קאָמוניסטישן פוילן, איז מיט עטלעכע חדשים צוריק, געווען מיט אַן אָפיציעלן

וויזיט אין פּאַריז, האָט ער גאַנץ קאַטעגאָריש דערקלערט אויף אַ פּרעסע־קאָנפערענץ אַז „אין פּוילן איז ניטאָ קיין אַנטיסעמיטיזם", אַנשטאָט צו זאָגן, אַז אין פּוילן זענען מער ניטאָ קיין יידן.

גראָד איז גיערעק געקומען קיין פּאַריז באַלד נאָך דעם ווי שוועדן און דענעמאַרק האָבן אויפגענומען איבער פינף טויזנט פּוילישע יידן, באַזעצט זיי, פאַרזאָרגט זיי מיט אַרבעט און בכלל געגעבן זיי אַלע מעגלעכקייטן איינצולעבן זיך און איינבירגערן זיך אין די שווערע אומשטענדן. דאָס איז געשען אין אַ צייט, ווען אין די סקאַנדינאַווישע לענדער איז געווען ניט קיין קליינע אַרבעטס־לאָזיקייט.

פּוילן האָט ניט פאַרעפנטלעכט קיין דעקרעט, אַז יידן, די לעצטע פּוילישע יידן, דאַרפן פאַרלאָזן דאָס לאַנד, ווו אַ יידישער קיבוץ האָט עקסיסטירט אַלס העכסט־ציוויליזירטע געמיינשאַפט טויזנט יאָר, אַ לאַנד, וואָס האָט אַרויסגעגעבן גרויסן געלערנטע, וואָס האָט געשאַפן פּאַטריאָטן ווי בערעק יאָסעלעוויטש, דיכטער אין דער פּוילישער שפּראַך, שטאַטסמענער ווי אשכנזי, וואָס האָבן רע־פּרעזענטירט פּוילן אין דער „פעלקער־ליגע". אַ לאַנד, ווו דער פּוילישער קעניג פלעגט אַ מאָל שווערן, אַז ער וועט אָפּהיטן ניט נאָר די אַלגעמיינע קאָנסטיטוציע פונעם לאַנד, נאָר אויך די קאָנסטי־טוציאָנעלע רעכט פון דער יידישער באַפעלקערונג. די יידן אין פּוילן האָבן אַ מאָל געהאַט זייער אייגענע עקאָנאָמישע סטרוקטור, אפילו זייער אייגן געלט.

אָבער, אינעם לאַנד, פריער און היינט, וואָס איז געווען אַן אמתע קאָלאָניע פון רוסישן צאַריזם און שפּעטער פון קאָמוניסטי־שער סאַמאָדערזשאַוויע, זענען פאַרגעסן געוואָרן די שטימען פון אַ מיצקעוויטש און טאָוויאַנסקי, האָבן זיך דערהערט די פסיכאָ־פּאַטישע געשרייען פון אַ גאָמולקאַ און דאָס האָט אַ סוף געמאַכט צום אַלטן יידישן קיבוץ.

אַ סך ערגער, אויב ס'איז מעגלעך, אַז עס זאָל זיין ערגער אין

אַ לאַנד, וואָס לעבט מיט דער לאָזונג „סוואַי דאַ סוועגאַ" (אַן איי־גענער צום אייגענעם), איז די לאַגע ביי די יחסנים פון דער אַראַביזירטער אייראָפּעאישער ציוויליזאַציע. דאַ געפינט מען זיך פּשוט אין אַ קאָנפליקט מיט גזלנים, וואָס זענען אַ סכנה ניט נאָר פאַר יידן. אין כאַרטום, סודאַן, דערהרגענען זיי מיט אַ פּאָר חדשים צוריק דעם אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר און זיין סעקרעטאַר און דעם בעלגישן דיפּלאָמאַט אָן אַ שום גרונד. דאָס איז הפקרות פון באַפרייטע שקלאַפן, וואָס באַקומען אַלס אַ פּרעמיע רוסיש געווער...

דער איסלאַם קאָן ניט מאַכן קיין שלום מיט דעם געדאַנק, אַז יידן האָבן אויפגעבויט אַן אייגענע מדינה, אַז די מדינה האָט אַן ערשטקלאַסיקע אַרמיי, אַז אַמעריקע איז אַ גאַראַנטאַר פון דער יידישער זיכערקייט. בקיצור, אַז יידן זענען יידן. ווי לאַנג דאָס משוגעת וועט דויערן, ווי לאַנג סאַוד־אַראַביע, קוווייט, איראַק און די אַנדערע אַראַבישע מלוכות און דער אַראַבישער מיליטאַנטישער המון וועלן פאַרשטיין זייער אמתע לאַגע און זייער צוקונפט, איז שווער צו זאָגן. זייער רעליגיע איז, מיט רעספּעקט צו זאָגן, אַ פּרי־מיטיווע. די מאַסן לעבן ווי האָפענונגסלאָזע שקלאַפן. זיי און זייער פירערשאַפט לעבן אין אַ וועלט פון חלומות, אָפט זייער געפער־לעכע פאַר יידן. דערמיט דאַרף מען זיך פריער פון אַלץ רעכענען. עס האָט קיין שום באַטייט ניט צי די פּאַלעסטינעזער וועלן זיך באַטייליקן אין אַ נייער קאָנפערענץ אין זשענעווע — אויב אַזאַ קאָנפערענץ וועט פאָרקומען. ווי עס האָט זייער אַ קליינעם באַטייט, צי עס וועט מאַכן שלום מיט די פּאַלעסטינעזער דער פּיפּיקער קעניג כוסיין.

עס איז אויך ניט קיין פראַגע וועגן דעם, ווער איז שולדיק אין דער טראַגישער פאַר אונדז לאַגע, אָדער קיינער איז ניט שול־דיק, ווייל „דאָס איז דער גאַנג פון דער געשיכטע", ווי די מערדערס זאָגן, אָדער אַלע זענען שולדיק, חוץ די אומשולדיקע קרבנות פון דעם מאַסן־מאָרד. עס חזרט זיך איבער דאָס אומבאַשרייבלעכע פאַרניכטן פון מיליאָנען יידן בשעת דער צווייטער וועלט־מלחמה, בשעת דער הערשאַפט פון היטלער און נאַציזם.

דער שרייבער פון די שורות, אַ קאַנאַדער בירגער, האָט אין יענע פינצטערע יאָרן געלעבט און געאַרבעט אין מאָנטרעאַל. איך האָב געהאַלטן אין מיין האַנט אַ בוך, געקלאַפּט אויף אַ שרייב־מאַשין, וועגן דעם טויטן־לאַגער אין אוישוויץ. דאָס בוך, אַן ערך אַכציק זייטן, מיט אַלע מעגלעכע איינצלהייטן און צייכענונגען, איז געווען צוגעגרייט פאַר איינעם פון די וויכטיקסטע גדולים פון די פאַרבינדעטע. דאָס בוך האָט געקאָנט רירן אַ שטיין. דאַנטעס גיהנום איז אַ שפּילעכל אין פאַרגלייך מיט דעם, וואָס אין אוישוויץ האָט זיך טאָג־טעגלעך אָפּגעשפּילט. אָבער דאָס בוך האָט ניט גע־האַט קיין „דערפאָלג״ ביי היטלערס קעגנערס .זיי, די קעגנערס פונעם אויסוואורף, האָבן געהאַט זייערע אייגענע מיליטערישע און מאָראַלישע סטראַטעגיע. עס האָט געהייסן: זאָל ער ווייטער ברע־נען ביז מיר וועלן געווינען די מלחמה. עטוואָס שפּעטער, באַלד נאָך דער מלחמה, האָב איך, אַרעבטנדיק פאַר דער „אונראַ״ אַלס פאַרטרעטער פון אַ גרויסער יידישער אָרגאַניזאַציע, מיט מיינע אויגן געזען די ריזיקע יידישע קברים אין בערגען־בעלזען, מיט די קליינע שילדלעך: „דאָ זענען באַגראָבן פינף טויזנט״, אַ צווייט האָט אַנאָנסירט אַכט טויזנט און אַזוי ווייטער. אַזוי איז עס געווען אין אַלע לאַגערן, מסתמא אויך אין אוישוויץ, וווהין איך בין שוין ניט געפאָרן, מורא האָבנדיק פאַר די מיליאָנען געשפּענסטער פון די טויטע.

אייגנטלעך קומט פאָר היינט דאָס אייגענע אַרום די קליינע אומגליקלעכע יידישע ישובים פון סיריע און איראַק. די גרויסע וועלט קוקט זיך צו צו דער שטילער שחיטה אין סיריע און איראַק; די „גרויסע וועלט״ מיט דער אָנ״ו אין דער שפּיץ, ווייסט זייער גוט און געזעוי, וואָס דאָרט קומט פאָר אין פאַרלויף פון יאָרן. נאָר דאָ און דאָרט טרעט אַרויס אַזאַ פּאָליטיקער ווי דער ריינער פראַנצויי־זישער פּאָליטיקער פאָהער, פרעזידענט פונעם פראַנצייזישן סענאַט, כדי צו פּראָטעסטירן קעגן דעם פערמאַנענטן פּאָגראָם.

עס איז געבליבן נאָר איין אויסוועג: די אַראַבישע לענדער מוזן ווערן „יידן־ריין״, דאָס הייסט, אין גאַנצן אָן יידן.

חוץ דעם בלייבט נאָך עפּעס: די האָפענונג, אַז על פּי נס וועט זיך אַלץ ענדערן פּלוצלינג און אומדערוואַרטעט. אין טשעכאָווס פּיעסע „אָנקל וואַניאַ" פּרוווט די יונגע פּלימעניצע טרייסטן דעם שווערמוטיקן פעטער: „זיי ניט טרויעריק, עס וועלן אַוועקגיין אַ צוויי־דריי הונדערט יאָר און אַלץ וועט זיך ענדערן...". נו, ווי מיר ווייסן, האָט סאַמאָדערזשאַוויע זיך צוזאַמענגעבראָכן אַ סך פריער, ווייניקער ווי אין הונדערט יאָר אַרום. אפשר וועט אויך אין נאָ־ענטן מזרח געשען אַ נס מן השמים און אַ נייע לאַגע וועט געבוירן ווערן, אפשר... דערווייל גייט אָן דער פּאָגראָם, דערווייל איז אַראַ־פּאַט אָן ערן־גאַסט אין מאָסקווע און בומעדיענס אַלזשיר האָט מער צו זאָגן ווי די אָנ"ו און אַלע אירע גדולים. דערווייל איז ביטער...

די שרעקלעכע לאַגע פון יידן אין סיריע און איראַק פאַרלאַנגט אַ דרינגענדיקע אַקציע, זיי מוזן בלייבן „יידן־רייזן".

(„לעצטע נייעס", דעם 7־טן אויגוסט 1974)

# איז יידנטום איזאָלירט ?

עס ווערן פאַרשפּרייט אַלץ מער און מער קלאַנגען, וואָס קו־
מען דאָס רוב פון ישראל, אַז אונדזער אומגליק באַשטייט אין דעם,
וואָס דאָס יידנטום איז איזאָלירט און אַרומגערינגלט נאָר פון פיינד.
די קלאַנגען זענען פאַלש און שעדלעך, שעדלעך פריער פון אַלץ
פאַר ישראל גופא. די קלאַנגען זענען אין אַ סך פאַלן אַ מין „וויש־
פולטינקינג״, דאָס הייסט, מען וואָלט געוואָלט, אַז עס זאָל זיין
אַזוי... עס איז אָבער ניט אַזוי...

בעת די לעצטע וואַלן צום ענגלישן פּאַרלאַמענט זענען עט־
לעכע צענדלינג יידן, אויב איך מאַך ניט קיין טעות — איבער פינף
און דרייסיק — אויסגעוויילט געוואָרן אַלס דעפּוטירטע. איז דאָס
אַ באַוויז פון איזאָלאַציע ?

דער פּראָטעסט־שטורעם אין פראַנקרייך קעגן דעם שענדלעכן
סקאַנדאַל אין „אונעסקאָ״ האָט זיך אויסגעצייכנט דערמיט וואָס
פּראָטעסטירט האָבן רעכטע און לינקע, ס׳רוב די אינטעלעקטואַלן
פון אַלע פראַנצייזישע געזעלשאַפטלעכע קרייזן.

די סאַקנדינאַווישע לענדער האָבן קאָנקרעט אַרויסגעוויזן זייער
פריינדשאַפט און סימפּאַטיעס צום יידישן פאָלק, ניט ספּאָנטאַן, נאָר
סיסטעמאַטיש און באַוווסטזיניק.

קאָן מען דען איגנאָרירן דעם פאַקט, אַז אין דער אַמעריקאַנער
רעגירונג שפּילן צוויי פּאָפּולערע יידישע פּאָליטיקער, יידישע לויט

זייער אָפּשטאַמונג, אַ פּירנדע ראָלע? קיסינגער און שלעזינגער געהערן צו די פּירנדע און אנערקענטע יידישע געשטאַלטן. בכלל, די קולטור־מאַכט און דער איינפלוס פון דעם אַמעריקאַנער יידישן ישוב איז אומגעהייער גרויס און עס קאָן קיין רייד ניט זיין וועגן איזאָלירט זיין אָדער אַ טענדענץ צו איזאָלאַציע. זייענדיק אָרגאַניש פאַרבונדן מיט דעם ניט־יידישן טייל פון דער אַמעריקאַנער באַפעלקערונג, ווערט אָפּגעהיט די נאַציאָנאַלע יידישע אידענטיטעט. ניט אין אַ צייטונגס־אַרטיקל קאָן געשילדערט און אָפּגעשאַצט ווערן די ראָל וואָס דאָס אַמעריקאַנער יידנטום שפּילט אין דעם עפנטלעכן לעבן פון אַמעריקע און גאַנץ באַזונדערס אין אַלע יידישע ישובים, קליינע און גרויסע. און דאָס אַמעריקאַנער יידנטום האָט שוין באַוויזן וואָס עס קאָן אויפטאָן ביים פאַרטיידיקן יידישע אינטערעסן אין פולשטענדיקער סאָלידאַריטעט מיט די אינטערעסן פון אַמעריקע און דער עפנטלעכער מיינונג פון די פאַראייניקטע שטאַטן.

די פלוידעריי וועגן יידישער איזאָלירונג איז ניט מער ווי דאָס טראַדיציאָנעלע יידישע קרעכצן און זיפצן צוליב „יידישע אומגליקן". די געשעענישן אין נאָענטן מזרח האָבן אָבער אַ דירעקטע שייכות צו צענדליגנער פעלקער און לענדער, מען מעג זאָגן, צו גאַנץ דרום־אייראָפּע, צו האַלב אַפריקע. ווער ווייסט וויפל קאָנפליקטן און אָפּמאַכן מען וועט נאָך דאַרפן איבערקומען ביז מען וועט דערגרייכן אַ געוויסן גלייכגעוויכט און אַ מין פאַרשטענדיקונג. מען שטייט פאַר ערנסטע רעאַליטעטן און עס איז ניט נייטיק צוגעבן צו זיין אויסגעטראַכטע, אויב אפילו שטימונגס־פולע פאַנטאַזיעס. די יידישע גלגולים זענען שטענדיק געווען קאָמפּליצירט און שווער איבערצוקומען, אָבער דאָס יידישע פאָלק האָט געוווסט ווי אָפּצוהיטן זיין נאַציאָנאַלע אידענטיטעט. די ווערטער קלינגען ווי אגדות, אָבער די איינרעדעניש וועגן איזאָלירונג פונעם יידנטום, געזוכטע אָדער אויפגעצוווּנגענע איז צוגעפּאַסט צו די רייד. דאָס יידנטום איז קיין מאָל ניט געווען איזאָלירט, אפילו ווען עס איז געווען אָפּגעשלאָסן און געווען געצוווּנגען צו לעבן אין אַ געטאָ...

אפילו אין אַלטן רוסלאַנד, ווו עס האָבן געהערשט צוויי טראַ־דיציאָנעל פאַרגליווערטע אַנטיסעמיטישע סיסטעמען, ווי „סאַמאָ־דערזשאַוויע״ און „פּראַוואָסלאַוויע״, זענען יידן ניט געווען איזאָ־לירט, ניט געוואָלט זיין איזאָלירט. אין דער רוסישער ליטעראַטור און פובליציסטיק, אין דער וויסנשאַפט און קונסט, אין אַלע פּאָ־ליטישע באַוועגונגען זענען יידן דאָרט געווען אַקטיוו, ניט ווי אַ פרעמדער עלעמענט.

מיט דעם דאָזיקן „אפילו״ קאָן מען דערגיין אפילו צום אַלטן אַנטיסעמיטישן פוילן און אַ פּאָר אַנדערע לענדער...

מיר גרויסן זיך מיט דער דאָזיקער אויסגעשפּראָכענער סאָלי־דאַריטעט מיט פרעמדע פעלקער, אָפּהיטנדיק דערביי אונדזער יידישע אידענטיטעט. עס איז געווען אַ נאַטירלעכער דראַנג צו לעבן און שאַפן, צוזאַמען מיט די פעלקער, קולטור־ווערטן.

אין אַלטן רוסלאַנד האָבן מיר קאָאָפּערירט מיט אַלע בעסערע עלעמענטן פון דער געזעלשאַפט. ווי מאָדנע עס זאָל ניט קלינגען, מוז מען דערמאָנען, אַז אפילו אינעם אַלטן רוסישן יוסטיץ־מיניס־טעריום איז צווישן די העכסטע באַאַמטע געווען אַ באַקאַנטע, און פון יידן און ניט־יידן רעספּעקטירטע יידישע פּערזענלעכקייט, דער־פּאַרטאַמענט־שעף האַלפערן. עס איז איבעריק צו רעדן דאָ וועגן דער אינטימער פאַרבינדונג פון רוסישע יידן מיט דעם רוסישן געדרוקטן וואָרט, פון טאָלסטאָי ביז קאָראָלענקאָ, פון גאָרקי ביז צו דעם לעצטן דור פון רוסישע שרייבערס, דיכטערס און קינסטלערס.
מיר נייטיקן זיך ניט אין „באַווייזן״; אין דעם „פּאַנטעאָן״ פון דער יידישער ליטעראַטור איז דאָ אַ גרויסע צאָל יידישע שריי־בערס, וועמענס שאַפונגען זענען געשריבן אין דער שפּראַך פון די „פרעמדע לענדער״ אויף יידישע טעמעס, מיט אַ יידישן אינהאַלט.

אויך מיט אַראַבישע גדולים האָבן יידן אַ מאָל געלעבט בשלום און ממילא בכלל מיט אַראַבער. אָבער עס זענען געווען אַנדערע צייטן און אַנדערע אומשטענדן, אַן אַנדערע וועלט.

מיר זענען היינט אויסגעשטעלט פאַר דער גרויסער עפנט־לעכקייט אונטער קריטישע אומשטענדן. מיר דאַרפן זיך היטן מיט יעדן וואָרט וואָס מיר זאָגן און שרייבן...

(„לעצטע נייעס״, דעם 30־טן יאַנואַר 1975)

# ס'איז ניט צו שפעט!

מען מוז זאָגן, אַז די סעריע אַרטיקלען פון ד״ר נחום גאָלדמאַן, געדרוקט אין די תל־אביבער „לעצטע נייעס״ אונטער דעם נאָמען „געפאַרן און שאַנסן פאַר ישראל״, אינהאַלטרייך און רואיק גע־שריבן, רופן אַרויס אַ גאַנצע ריי ערנסטע פראַגן. דאָס איז אַן איבערזיכט פון אַ באַוועגונג מיט אַ גרויסן פאַרנעם פון הערצלס צייטן ביז צום היינטיקן טאָג, ווען מיר געפינען זיך אין מיטן פון גרויסע געשעענישן, גרויסע און געפערלעכע.

די אויפמערקזאַמקייט פון דעם לייענער ווערט צוגעצויגן צו אַ פּראָבלעם, וואָס איז באמת היינט דאָס צענטראַלע פּראָבלעם. די פירער פון דער באַוועגונג האָבן געפירט פּראָפּאַגאַנדע צווישן יידן, געזוכט הילף ביי די גרויסמאַכטן, פאַרגעסן האָבן זיי נאָר דעם צווייטן צד — די אַראַבער, פשוט גרינגגעשעצט זיי...

מיט רעכט מאַכט ד״ר גאָלדמאַן דערפון אַ גרויסן ווען. עס איז דאָך געווען גרינג צו זען, אַז די יידישע מלוכה, דער יידנ־שטאַט איז אַ קליין אינדזעלע אין אַ גרויסן אַראַבישן ים און מען האָט דאָך געוווסט ווי די אַראַבער וועלן רעאַגירן אויף דער גרינ־דונג פון אַ יידישער מלוכה. פון דעסטוועגן האָט מען ניט געהאַלטן פאַר נייטיק צו געפינען וועלכע עס איז פאַרבינדונגען מיט וועל־כער עס איז אַראַבישער גרופּע.

פאַר די לעצטע זעקס און צוואַנציק יאָר, די יאָרן פון קריגע־רייען און מלחמות מיט מדינת ישראל, האָט זיך אַ סך געענדערט אין דער אַראַבישער וועלט. סאָוויעט־רוסלאַנדס מיליטערישע עקס־

פּאַנסיע אין נאָענטן מזרח, די שפּאַנונג, אַ געפערלעכע שפּאַנונג אין דעם מיטלענדישן ים, די ראָל וואָס די צפון־אַפריקאַנישע לענדער שפּילן אין דער וועלט פון איסלאַם, און די אַזוי גערופענע „דריטע וועלט" — זיי אַלע האָבן אַ גרויסע שייכות צו דעם וואַקסן פון די אַראַבישע לענדער און האָבן מיט זיי אינטימע פאַרבינדונגען, אָבער מדינת ישראל האָט ניט געוואָלט אָדער ניט געקאָנט געפינען אַזעלכע קאָנטאַקטן. נאַטירלעך איז געשאַפן געוואָרן אַ געפער־לעכע לאַגע פאַר מדינת ישראל.

אפילו די גרעסטע מלוכות קומען היינט צו דער איבערצייגונג, אַז מלחמות לייזן ניט קיין נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען. מען באַוואָפנט זיך אָן אַן אָפּשטעל, אָבער מען ווייסט, אַז דאָס איז אַרויסגעוואָרפן. אין ישראל פאַרשטייט מען אויך, אַז עס איז ניט די צייט פאַר טעריטאָריאַלער עקספּאַנסיע און פאַר ספּעציעלער באַוואָפענונג.

דער נאָמען פון ד"ר גאָלדמאַנס אַרטיקל־סעריע „געפאַרן און שאַנסן פאַר ישראל", קלינגט געוויס פּעסימיסטיש. אין פראַגע ווערט געשטעלט די עצם־עקסיסטענץ פון דער מדינה, אויב מען וויל זיך ניט נאַרן.

דער ענטפער אויף דעם קאָן זיין נאָר איין און איינציקער: דאָס וואָס איז ניט געטאָן געוואָרן ביז איצט — צוליב אַ פאַלשער אָפּשאַצונג פון דער פּאָליטישער לאַגע און פון דעם קעגנער — דאַרף געטאָן ווערן איצט. דאָס איז דער איינציקער אויסוועג. די אַראַבישע וועלט וועט ניט שטענדיק פאַרבלייבן דאָס, וואָס זי איז געווען מיט הונדערט יאָר צוריק, אָדער דאָס וואָס זי איז היינט. אַלע אַראַבישע לענדער דערוואַרטן אַ מאָדערניזאַציע. זיי רופן דאָס אָן אינדוסטריאַליזאַציע, מיינענדיק דערמיט אַ פולשטענדיקע באַנייאונג פון זייער לעבנס־שטייגער. דעם בעסטן ביישפּיל קאָן מען זען אין די טאָג־טעלעכע געשעענישן אין מצרים. דאָס לאַנד האָט היינט אַ באַפעלקערונג פון איבער פינף און דרייסיק מיליאָן נפשות, פון וועלכע אַ סך מיליאָנען האָבן ניט וואָס צו טאָן און האָבן ניט קיין צוקונפט. די רייזע פון פּרעזידענט סאַדאַט קיין פראַנקרייך איז געווען אינטערעסאַנט מיט דער „איינקויף־ליסטע",

וואָס ער האָט געבראַכט מיט זיך. ער האָט אָפּגעשלאָסן אַן אַ שיעור געשעפטן מיט די פראַנצויזן, ער גרייט זיך צו מאַכן גרויסע געשעפטן מיט אַמעריקע — אָבער ער וויל נאָך אויך שלום, מאַכן מיט סאָוויעט־רוסלאַנד.

די הויפט־שאַנסן פאַר מדינת ישראל באַשטייען, פריער פון אַלץ אין דעם, אַז יידן זאָלן זיך היטן צו זיין אינטערעסירט אין מלחמה־אַוואַנטורעס. יידנטום האָט פריינד, יידנטום אין אַמעריקע און אין אַנדערע לענדער איז אַ גרויסער כוח. פאַר די אַראַבישע שכנים פון מדינת ישראל איז דאָס ניט קיין סוד. אַ צוזאַמענלעבן צווישן יידנטום און אַראַבער קאָן זיין וויכטיק און נוצלעך פאַרביידע צדדים.

אַנטי־יידישע עקסטרעמיסטן, ניט נאָר אַראַבישע, פּרובירן פאַרשפּרייטן אַלערליי בהלהדיקע קלאַנגען, ווי צום ביישפּיל, די פאַנטאַסטישע געשיכטע פון אַן אַמעריקאַנישן פּלאַן צו אָקופּירן מיט מיליטער די אַראַבישע נאַפט־קוואַלן, צוערשט אין סאַוד־אַראַביע. אין דער זעלביקער צייט ווערט געמאָלדן וועגן ריזיקע וואָפן־באַשטעלונגען פון סאַוד־אַראַביע אין אַמעריקע. עס איז קלאָר, אַז דאָס איז פּראָפּאַגאַנדע, אַמעריקע וועט ניט נאָכגעבן אַראַבישע טעראָריסטן.

יידנטום איז ניט מאַכטלאָז, און יידן זענען ניט אַליין און ניט איזאָלירט. אָבער יידן האָבן טויזנטער יאָרן ניט געהאַט קיין מלוכה. מדינת ישראל צאָלט רבי־געלט אונטער זייער שווערע פּאָליטישע אומשטענדן.

ישראל האָט געזוכט קאָנטאַקטן אין פאַרשידענע אַפריקאַנישע לענדער, געזוכט און געפונען, אָבער ניט געהאַט קיין דערפאָלג. פאַר די אַפריקאַנער לענדער זענען די אַראַבער וויכטיקער.

עס וואָלט געווען אינטערעסאַנט צו דערציילן וועגן די דאָזיקע יידישע קאָנטאַקטן און גרויסע אינוועסטירונגען אין די אַפריקאַנישע לענדער, אָבער היינט איז ניט די צייט דערצו. היינט מוז מען רעדן וועגן יידיש־אַראַבישער צוזאַמענאַרבעט. אויב מיר

שאַצן אָפּ ריכטיק די פּאָליטישע לאַגע פון נאָענטן מזרח, זענען פאַראַן אַ סך סימנים, אַז ביי די אַראַבער זענען דאָ גינסטיקע שטי־מונגען פאַר אַן אַראַביש־יידישן דיאַלאָג. ניט אַלע אַראַבישע קרייזן זענען באַוווּנדערער און אָנהענגער פון קאַדאַפּי און אַראַפאַט. ניט אַלע אַראַבישע קרייזן זענען באַגייסטערט פון דעם אַלזשיריאַנער בומעדיען און פון באַצייכענען אים אַלס „דער פירער פון דעם אַראַבישן רענעסאַנס". עס זענען דאָ ברייטע קרייזן, וואָס לעכצן נאָך שלום און ווילן אַ נאָרמאַליזירט לעבן. אַ סך ווערט געשריבן וועגן דעם פון ניט־יידישע קאָרעספּאָנדענטן אין דער אויסלענדי־שער פּרעסע, אין אויספירלעכע, ניט־סענסאַציאָנעלע באַריכטן. דאָס איז אַ וויכטיקער מאַטעריאַל פאַר יידן.

יידן דאַרף מען ניט לערנען ווי צו שאַפן וויכטיקע קאָנטאַקטן און אָנקניפּן פאַריבנדונגען מיט די ריכטיקע פּערזענלעכקייטן. צי די פאַרבינדונגען וועלן מיט אַ מאָל ווערן אַ דיאַלאָג, אָדער ניט, וועלן זיי פאָרט אויפקלערן, עפענען אַ וועג צו די פאַרהאַנדלונגען.

דאָס וואָס איז ניט געשען ביז איצט דאַרף איצט געשען. די וואַרעמע באַציאונגען צווישן דער „דריטער וועלט" און די אַראַ־בישע מאַגנאַטן זענען שוין אָפּגעקילט. יידן דאַרפן וויסן, אַז איצט איז די צייט פאַר מדינת ישראל אַרויסצורייסן זיך פון קלעם...

(„לעצטע נייעס", דעם 25־טן פעברואַר 1975)

# „די דריטע וועלט"

די לעצטע עקסטראַ־אָרדינערע פאַרזאַמלונג פון דער אָנ"ו איז אויסערגעוויינטלעך אינטערעסאַנט מיט אירע שטורמישע דעבאַטן. די קאָנגזייטיקע זידלערייען פון די פאַרטרעטערס פון כינע און סאָוויעט־רוסלאַנד פאַרדינען די גרעסטע אויפמערקזאַמקייט. פון דעסטוועגן דאַרף מען זיך אָפּשטעלן היינט מער פון אַלץ אויף דער גרויסער רעדע פון בומעדיען, דעם „פּרעזידענט" און דיקטאַטאָר פון אַלזשיר. ניט געקוקט אויף דעם, וואָס די הונדערט און צוואַנציק טויזנט אַלזשיריאַנער יידן האָבן מיט עטלעכע יאָר צוריק פאַרלאָזן דאָס לאַנד פון די פערמאַנענטע פּאָגראָמען און ווי פראַנצייזישע בירגערס זיך באַזעצט ס'רוב אין פראַנקרייך, איז בומעדיען איינער פון די פירנדיקע גייסטער אין דער אַראַבישער אַנטי־יידישער קאַמפּאַניע.

גאַנצע נײַנציק מינוט האָט געדויערט בומעדיענס רעדע אין אָנ"ו און גערעדט האָט ער אַזוי, ווי ער וואָלט באַקומען אַ מאַנדאַט פון די אַפריקאַנישע אָפּגעשטאַנענע פעלקער, אָדער ווי מען רופט זי איצט אָן „די דריטע וועלט".

בומעדיען, אַ מאָל אַן אָפיציר אין דער פראַנצייזישער אַרמיי און היינט אַ פירער אין די אַפריקאַנער „רעוואָלוציעס", אַ מין אַל־זשיריאַנער קאַדאַפי, נאָר מער געבילדעט און קליגער פון יענעם פאַן־איסלאַמישן ענטוזיאַסט, האָט אויף זיך גענומען אַ מיסיע: אָנצוזאָגן דער וועלט, און טאַקע פון דער טריבונע פון אָנ"ו, אַז אויב די רייכע פעלקער וועלן ניט צעטיילן זייערע רייכטימער און

געבן אַ חלק די אָרעמע און אָפּגעשטאַנענע, ניט־אַנטוויקלטע פעל־קער, וועט מען אויף זיי מאַכן אַן אוניווערסאַלן פּאָגראָם.

אַלזשיר אַליין איז כמעט אַ פולשטענדיק באַנקראָטירט לאַנד. אַן ערך דריי־פערטל מיליאָן אַלזשיריאַנער אַרבעטערס זענען פאַר־נומען אין דער פראַנצייזישער אינדוסטריע און שיקן אַריבער זייע־רע פאַרדינסטן זייערע משפחות אין אַלזשיר. חוץ דעם האָט בומע־דיען נאַציאָנאַליזירט, דאָס הייסט, פשוט צוגערויבט, דאָס פאַרמעגן פון די אַלטע פראַנצייזישע קאָלאָניסטן אין אַלזשיר, געבוירן אין אַלזשיר און אויפגעשטעלט דאָרט פאַרשידענע אונטערנעמונגען.

די יידן פון אַלזשיר האָבן זיך געקאָנט ראַטעווען דערמיט, וואָס מיט הונדערט יאָר צוריק, אַ דאַנק דעם גרויסן יידישן מנהיג אין פראַנקרייך אַדאָלף קרעמיע (1796—1880), זענען זיי דערקלערט געוואָרן פאַר בירגערס פון פראַנקרייך. דאָס האָט זיי געגעבן אַ גע־וויסע אימוניטעט און אַלזשיר איז געבליבן יידן־ריין.

די רעדע פון בומעדיענען, פול מיט „רעוואָלוציאָנערע" אי־דעען און אויסערגעוויינטלעכער חוצפּה, איז ווערט, אַז מען זאָל זי נעמען ערנסט. די אונטעראַנטוויקלטע לענדער און פעלקער פון אַפריקע פאַרנעמען זייער אַ גרויסן פּלאַץ אין דער אַרבעט פון אַנ"ו. וואָס מער אומאָפּהענגיקייט און סוווערעניטעט די לענדער האָבן באַקומען, וואָס מער געלט־מיטלען עס זענען פאַרברויכט גע־וואָרן, כדי כאָטש טיילווייז צו אַנטוויקלען די צענדלינגער מיליאָנען מענטשן, אַלץ קלאָרער איז געוואָרן דער קאַטאַסטראָפאַלער צו־שטאַנד פון די לענדער. אַלע פּרוּוון אַוועקצושטעלן אויף די פיס די געוועזענע שקלאַפן, ניט־אַנטוויקלטע און ניט־צוגעגרייטע צו קיין שום אַרבעט, האָבן זיך געענדיקט מיט אַ דורכפאַל. דער צו־שטאַנד פון אוגאַנדע, אָנגעפירט פון אַ געוועזענעם באָקסער און סאָלדאַט, וועלכער האָט זיך אַליין געקריינט מיט דעם ראַנג פון אַ גענעראַל; דער צושטאַנד פון ליביע, פון געוועזענעם קאָנגאָ, גאַנץ באַזונדערס דער צושטאַנד אין די טונקל־הויטיקע אַפריקאַ־נער רעפּובליקן — האָבן ניט דעקוראַזשירט די אַנ"ו אין אָנגיין מיט דער קולטור־אַרבעט.

עס וועט נעמען מסתמא הונדערט יאָר אָדער הונדערטער יאָרן איידער די אָפּגעשטאַנענע לענדער וועלן זיין אין שטאַנד צו פּראָ־דוצירן אייגענע פירערס פון אַ הויכער מדרגה און פון עפעקטיווער בויקראַפט. דערווייל הערשט אין דעם גאַנצן קאָנטינענט אַ מין אַל־געמיינע מלחמה, אַ מלחמה פון אַלע קעגן אַלע. פאָרלויפיק ווערן די לענדער באַהערשט פון „רעוואָלוציאָנערע" פירער, ווי בומעדיען, קאַדאַפי און זייער גלייכן. די דראָאונגען און וואָרענונגען פון בו־מעדיענען אין אָנ"ו שמעקן מיט אַ קאָנספּיראַציע, אַ סך־הכל פון הילפלאָזיקייט און פאַרצווייפלונג...

בומעדיען איז אויך געווען איינער פון די וויכטיקסטע מאַכערס אין דער אַראַבישער נאַפט־עמבאַרגאָ־מלחמה, האָט אפילו באַזוכט מאָסקווע, שאַרט זיך אַ סך צום סאַוד־אַראַבישן קעניג פייסאַל, כדי צו קאָנען אָפּלעקן אַ ביינדל ביי דעם מיליאָרדער און נעמט אַן אָנטייל אין יעדער אַנטי־ישראלדיקער אַקציע. דאָס אַמעריקאַנער יידנטום דאַרף וויסן, אַז אין דעם דאָזיקן פאַרשוין האָבן מיר צו טאָן מיט אַ געפערלעכן שונא. ער האָט ניט מער ביי זיך אין לאַנד, אין אַלזשיר גופא, קיין יידן, גיסט ער אויס זיין מערדערישן צאָרן אויף יידן, ווו ער קאָן נאָר. זיין רעדע אין אָנ"ו נייטיקט זיך ניט אין אַ סך קאָמענטאַרן. עס איז אַ רוף צו אַן אוניווערסאַלן פּאָגראָם, ניט מער און ניט ווייניקער, אויף יידן און ניט־יידן. דער ענטפער אויף דעם רוף דאַרף דעריבער קומען פון יידן און ניט־יידן...

(„פרייע אַרבעטער שטימע", יאַנואַר 1974)

## אָפּענע רייד

מערקווערדיק, עס איז געווען אומהיימלעך, אָבער אין דער אייגענער צייט האָט מען געהאַט אַ געפיל פון גרויסער צופרידנ־קייט, ווען מען האָט געהערט (דעם 26־טן נאָוועמבער 1974) די צוויי אָפיציעלע אַראַבישע עמיסאַרן רעדן אין דער פראַנצייזישער טעלע־וויזיע, אין פּאַריז, וועגן דער פּאַן־אַראַבישער מלחמה קעגן מדינת ישראל, פּאַקטיש קעגן דעם גאַנצן יידנטום.

אומהיימלעך, ווייל איר האָט געזען פאַר זיך דעם מערדער, גוט אָנגעטאָן, מיטן מעסער אין דער האַנט, גוט און קלאָר גערעדט און רואיק אָנגעזאָגט אייך, אַז ער גייט אייך אומברענגען, דער־שטעכן און קוילען. דער שרייבער פון די שורות האָט בשעת אַ פּאָ־גראָם אין רוסלאַנד מיט אַ סך יאָרן צוריק געזען פאַר זיך אַ רו־סישן מערדער און זיין קרבן, צופעליק אַן אוקראַאינישער בחור און אַ מיטגליד פון דער יידישער זעלבשוץ. אין אַ סעקונדע איז ער געפאַלן אַ טויטער. איך זע נאָך איצט פאַר מיר דאָס פּנים פונעם מערדער. דער אַלזשיריאַנער אינדוסטריע־מיניסטער, וועל־כער האָט גערעדט פאַר אַ גרופּע אויסגעקליבענע פראַנצייזישע זשורנאַליסטן, האָט גערעדט רואיק און פיין, פּשוט אַ דזשענטל־מאַן.

און צופרידן איז מען, ווייל די קאָנספּיראַציע איז מער ניט קיין קאָנספּיראַציע. די גאַנצע וועלט קאָן זען די הויפּט־פאַרברע־כערס און זייערע שותפים, זייערע פריינד און זייערע מיטהעלפערס. אָט איז אַראַפּאַט אין מאָסקווע, אָט זענען זיינע באַראַטערס אין

פּאַריז און דאָ האָבן מיר די אַראַבישע עמיסאַרן אין דער פּאַריזער טעלעוויזיע, וואָס איז אַ רעגירונגס־אינסטיטוציע.

מען דאַרף באַוואונדערן דעם נאַאיוון קוראַזש פון די אַראַבישע מערדערס, וועלכע רופן גאַנץ אייראָפּע צו באַטייליקן זיך אין דעם מאָרד, וואָס ווערט צוגעגרייט אין נאָענטן מזרח מיט דער הילף פון סאָוויעט־רוסלאַנד — און פראַנקרייך.

דאָ דאַרף מען זאָגן, אַז די פראַנצייזישע צייטונגס־לייט האָבן פּשוט געריסן שטיקער פלייש פון די אָפיציעלע אַראַבישע מאָרד־אַגענטן. זיי האָבן ניט נאָר געראַטעוועט דעם כבוד פון פראַנקרייך, נאָר האָבן דערמאָנט אונדז אין דער ווערדע פון מענטשן. זיי האָבן היציק גערופן די אַראַבישע מענטשן צו באַטראַכטן זיך וואָס זיי גייען טאָן, ווען זיי פּרעדיקן מאָרד פון אַ גאַנצן פאָלק. צי דאָס וועט העלפן, איז אַן אַנדערע זאַך.

אָבער די אַראַבער, אַ היפּש ביסל צעטומלט פון די פראַנ־צויזן, האָבן זיך געפילט אין פּאַריז ווי ביי זיך אין מעקאַ. זיי האָבן דערקלערט, אַז אייגנטלעך וואָלט אייראָפּע געדאַרפט שיקן אַן אַרמיי אין דעם נאָענטן מזרח אויף צו פאַרניכטן ישראל. זיי זענען גרייט צו מאַכן פיפטי־פיפטי מיט אַ געאייניקטער אייראָפּע.

דאָס זענען געווען היטלערס רייד, ניט היטלערס משוגענע רייד און מאַנירן, אָבער היטלערס „אידעאָלאָגיע".

אַזוינס האָב איך קיין מאָל ניט געהערט פריער. עס איז היינט פולשטענדיקער הפקר. דאָס וואָס סיריע האָט געטאָן מיט עטלעכע צענדלינג יידישע געפאַנגענע און זאָגט זיך אָפּ אפילו צו ענטפערן דעם „רויטן קרייץ", איז געוואָרן אַ „נאָרמאַלע" דערשיינונג. די אָפענע רייד פון די אַראַבישע עמיסאַרן באַשטעטיקן דעם גרעסטן פאַרדאַכט.

ניט אַלע זענען געווען זיכער, אַז מיט דעם פאַרשווינדן פון גענעראַל דע גאָל וועט פאַרשווינדן אויף שטענדיק גאָליזם. ניין, צו לאַנג האָט דע גאָל פאַרסמט די לופט פון פראַנקרייך און דע־מאָראַליזירט דאָס פּאָליטישע לעבן פון דעם לאַנד, כדי דאָס לאַנד

זאָל קומען צו זיך .זיינע תלמידים, אַלערליי פּאָליטישע אַוואַנטו־ריסטן, וואָס האָבן קיין מאָל ניט געפֿידלט אין פֿראַנקרייך, היטן די פּאַן, וואָס איז אַרויסגעפֿאַלן פֿון דע גאָלס הענט און שווערן ביי זיין קבר, אַז זיי וועלן ווייטער אָנגיין מיט דעם קאַמף פֿאַר פֿראַנקרייכס פֿרייהייט און אומאָפּהענגיקייט, אַזוי ווי אימעצער וואָלט זיך געגרייט צו באַפֿאַלן דאָס לאַנד.

פֿראַנקרייך געפֿינט זיך אין אַ קלעם צוזאַמען מיט איר פּראָ־אַראַבישער פּאָליטיק, ווייל ניט ענגלאַנד און ניט מערבֿ־דייטש־לאַנד וועלן ניט מיטמאַכן איר אַוואַנטורע. אין לאָנדאָן און אין באָן ווייסט מען, צי מען וועט דורכקומען מיט דעם אַראַבישן בלאָק מיט גוטן אָדער מיט אַ צוואַנג, אָבער עס וועט מוזן נעמען אַ סוף צו דעם, וואָס אַלע רופֿן אָן מיטן נאָמען פּעטראָל־שאַנטאַזש. די שטימונג אין פּאַריז איז אויך ניט קיין געהויבענע. דאָס פּנים פּאָמפּידון איז ווי געשוואָלן, מען ווייסט ניט, צי דאָס איז פֿון קאָר־טיזאָן, ווייל ער איז ערנסט קראַנק, אָדער פֿון די גרויסע זאָרגן צוליב זיין פּראָ־אַראַבישער אַוואַנטורע. ווי עס ווייזט אויס, האָבן די אַראַבישע באַראָנען אַליין אָנגעהויבן טראַכטן, צי זיי האָבן ניט איבערגעכאַפּט די מאָס, אויב זיי באַקומען אַ שיינעם טאָג צו וויסן, אַז קיין שום אַראַבישער ציווילער אַוויאָן קאָן מען ניט לאַנדן אין די באַשטראָפֿטע לענדער און קיין שום אַוויאָן פֿון די באַשטראָפֿטע לענדער וועט ניט פֿליען מער אין קיין שום אַראַביש לאַנד. דאָס איז נאָר איינס פֿון אַ סך אַנדערע מאָסמיטלען, וואָס קאָנען באַנוצט ווערן אויף צו ברעכן דעם באַשלוס פֿון די אַראַ־בישע נאַפֿט־מאַגנאַטן צו באַשטראָפֿן די אייראָפּעאישע לענדער.

די „אָפֿענע רייד" פֿון די אַראַבישע עמיסאַרן זענען פֿון אַ גאָר גרויסן ווערט. זיי מאַכן דעם ענין גאַנץ קלאָר. מען דאַרף ניט אינטערפּרעטירן און פּאַרטייטשן זייערע סטראַשונקעס. זייערע „אָפֿענע רייד" האָבן אָנגעהויבן אויסניכטערן אפֿילו די גאָליסטישע פּאָליטיקערס אין פֿראַנקרייך. נאָך אַלעמען דאַרף פֿראַנקרייך האָבן אַ מאַרק פֿאַר איר שאַמפּאַניער, פֿאַר איר קאָסמעטיק און די לוקס־קליידער און דאַרף אויך איינקויפֿן ניט ווייניק וויכטיקע קלייני־

קייטן פאַר איר אינדוסטריע. אויב אַ רייך לאַנד — ניט נאָר מיט געלט, נאָר אויך מיט אינדוסטריעלער איניציאַטיוו און פּראָדוקציע — וויל ניט בלייבן איזאָלירט, קאָן אַ לאַנד ווי פראַנקרייך פשוט ניט עקסיסטירן אין אַ צושטאַנד פון פולשטענדיקער איזאָלירונג. ווילי בראַנדט, דער שעף פון דער מערב־דייטשער רעגירונג, און היט, דער שעף פון דער בריטישער רעגירונג, זענען אין שטאַנד, אפשר — אפשר? — צו איבערצייגן אַ מאַן ווי פּאָמפּידו אין וואָס פאַר אַ געפאַר פראַנקרייך געפינט זיך, ווען נאַרישע פראַנצייזישע פּאָליטיקערס זענען אַזוי באַגייסטערט צוליב דעם וואָס זייער לאַנד האָט געגנוג פּעטראָל...

וואָס פון די „אָפענע רייד" פון די אַראַבער און ניט אָפענע קאָנספּיראַטיווע אינטריגעס פון די פריינד פון די ניט־אַראַבער קאָן אַרויסקומען, איז קלאָר פאַר אונדז אַלעמען. די נאָענטע צו־קונפט וועט אונדז ברענגען די רעאַליטעט פון דעם געפערלעכן שפּיל...

(„פרייע אַרבעטער שטימע", פעברואַר 1974)

# איסלאַם און נאַפט

הפקר מיינט ניט נאָר פיזישער טעראָר, ווי מען האָט עס געזען אין מינכען, רוים, אַטען און אַנדערע גרויסע צענטערס. פריער אָדער שפּעטער וועט דער סאָרט פון קרימינעלן הפקר ווערן אונ־טערדריקט, ווייל די מערדערס, צי זיי זענען אַראַבער אָדער טערקן, וועלן סוף־כל־סוף פאַלן.

דאָס פּראָבלעם פון הפקר איז פול מיט סכנות, ווען עס ווערט דער הויפּט־עלעמענט פון אַ מלוכה־רעזשים. אַ יוגאָסלאַווישער גע־וועזענער קאָמוניסט, דזשילאַס, אַ געוועזענער הויפּט־מיטאַרבעטער פון מאַרשאַל טיטאָ, איז שטרענג באַשטראָפט געוואָרן, ווען ער איז, אַנאַליזירנדיק נאַציזם און באָלשעוויזם, ווידער און ווידער באַשטאַנען אויף דעם, אַז דאָס וואָס דער עסטרייכישער מערדער אַדאָלף היטלער האָט אָפּגעטאָן, האָט ער געלערנט און זיך אויסגע־לערנט ביי דעם קאַווקאַזישן מערדער יאָסיף דזשוגאַשווילי־סטאַלין. דער אונטערשייד צווישן די צוויי מערדערס איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס דער עסטרייכער פון לינץ איז געווען אַ פּשוטער פאַרברעכער, אַ פּערווערזער מערדער, און דער קאַווקאַזער פון טיפליס איז גע־ווען אַ „מאַרקסיסט", אַן אידעאַליסט און וואָס איר ווילט. היטלער האָט געהייסן אַ „פירער", אָבער ער איז פאַרט געווען נאָר אַ צע־דרייטער, ביז ער האָט זיך אַריינגעשאָסן אַ קויל אין קאָפּ. אָבער סטאַלין איז געוואָרן אַ פירער און ווי אַזעלכער האָט ער געשאַפן טעאָריעס, אידעען.

איך קען אַ קאַווקאַזער מאַן, וועלכער איז כמעט ווי אויסגע־

וואַקסן צוזאַמען מיט סטאַלינען, געווען באַפריינדט מיט אים אין אָנהייב פון זיין קאַריערע.

ס׳איז אמת, אַז אַזעלכע קאַווקאַזער סאָציאַליסטן ווי צערע־טעלי אָדער נאָי זשאָרדאַניאַ האָבן ניט געוואָלט זיצן ביי איין טיש מיט דעם געבוירענעם מערדער. אָבער דער איגנאָראַנט האָט זיך פּאָרט אַרויפגעאַרבעט און לענין האָט זיך צו שפּעט געכאַפּט און שוין ניט געקאָנט יזך באַפרייען פון דעם כיטרען און ברוטאַלן מענטשן.

איך גלייב ניט, אַז עס האָט עפּעס צו טאָן מיט אמת דער קלאַנג, אַז סטאַלין האָט געאַרבעט ווי אַן אַגענט און קאָנקורענט מיט דעם פּראָוואָקאַטאָר מאַלינאָווסקי, אַ פערזענלעכער צוטרוי־מאַן פון לענינען און מיטגליד פון דער פערטער און לעצטער דומאַ. סטאַלין איז געווען אַן אמתער רוסישער באָלשעוויק. מאַכט און איבערמאַכט, דאָס אומברענגען פון מיליאָנען מענטשן, פּשוטע מאַסאַקרען מיט אַ שטאַב באַהעלפערס ווי קיראָוו און יעזשאָוו, בעריאַ און זשדאַנאָוו — דאָס איז געווען די סיסטעם, דער רע־זשים, די אידעע: הפקר!... אַלץ, אַלץ איז דערלויבט...

***

עס קאָכט זיך איצט ווידער אַרום אַ ניי ווערק פון סאָלזשע־ניצינען, אַ שרעקלעך ווערק וועגן די מאַסן־פאַרברעכנס פונעם סאָוויעטישן רעזשים, ס׳איז ניט קיין פּראָפּאַגאַנדע, נאָר אַ מין „רעפּאָרטאַזש", ניט קיין אויסגעטראַכטע אָדער פיקטיווע נעמען, נאָר אמתע נעמען פון אמתע קרבנות. דאָס בוך איז געווען געשריבן מיט פינף יאָר צוריק, אָבער באַהאַלטן — ביז די געהיים־פּאָליציי האָט עס געפונען.

די אויסלענדישע פּרעסע גיט אַן עצה דער סאָוויעטישער רע־גירונג ניט לאָזן מאַכן חוזק פון זיך אַליין. דער רוסישער שריי־בער איז איצט באַקאַנט דער גאָרער וועלט און אַלץ, וואָס די סאָ־וויעט־רעגירונג פּלאַנעוועט צו טאָן, וועט נאָר פירן צו גרויסע

סקאַנדאַלן. מיר וועלן דאָ צוגעבן: און צו אַ גרויסער פּובליסיטי פאַר דעם שרייבער, אין וועלכער ער נייטיקט זיך ניט. אָבער רוס־לאַנד איז אַ לאַנד פון הפקר...

וואָס הפקר איז, האָבן איצט באַוויזן די אַראַבישע נאַפט־מאַגנאַטן און ניט די אַראַבישע יונגעלייט, וועלכע שפּילן אָפּ בלוטיקע פאַרברעכער־דראַמעס אין לאָנדאָן אָדער אין רוים. די יונגע „העלדן" דערהרגענען און ברענגען זיך אום צוליב אַ נאַציאָנאַלן פּאַטריאָטיזם און אידעאַליזם. אָבער די פאַרזאַמלטע נאַפט־פּראָדוצענטן אין קוווייט אָרגאַניזירן אַ רויבערצוג אויף דער מאָדערנער אינדוסטריע מיט דער הילף פון טעכנישע אינסטאַלאַציעס, וואָס די לענדער מיט אַ מאָדערנער טעכנאָלאָגיע האָבן פאַר זיי אויסגעבויט. מען ווייסט שוין איצט גענוי, אַז מיט די געהעכערטע פרייזן אויף דעם נאַפט מוז זיך איינברעכן די גאַנצע אינדוסטריע, די גאַנצע אינטערנאַציאָנאַלע געלט־סיסטעם און די אינדוסטריעלע אַרבעטסלאָזיקייט וועט דערגרייכן פאַנטאַסטישע ציפערן. אַלע קאַטאַסטראָפאַלע קאָנסעקווענצן קאָן מען נאָך ניט באַרעכענען, אָבער אין די גרויסע אינדוסטריעלע צענטערן ווערן אין האַסטיקן טעמפּאָ שטודירט די אומפאַרמיידלעכע רעזולטאַטן פון דער אַראַבישער קאָנספּיראַציע, און דער ענטפער אויף דער קאָנספּיראַציע וועט ניט לאָזן אויף זיך לאַנג וואַרטן.

עס וועלן אין גיכן באַקאַנט ווערן די רעזולטאַטן פון אַ גענויער אויספאָרשונג, אָבער אַזוי פיל ווייסט מען שוין, אַז ס'איז אַ מין פּאָגראָם־קאַמפּאַניע מצד די איסלאַם־לענדער, וואָס וועלן אַליין אומגעבראַכט ווערן, אויב מען וועט זיי ביי צייטנס ניט צוימען. בומעדיען, דער אַלזשיריאַנער פירער, האָט דאָס אָפן דערקלערט: „מיר וועלן חרוב מאַכן די וועלט אפילו אויב מיר ווייסן, אַז מיר וועלן דערביי אונטערגיין...".

וואָס ווילן די איסלאַם־לענדער? זיי ווילן נקמה נעמען פאַר זייער אימפּאָטענץ און אוממעגלעכקייט זיך צוצופּאַסן צו דער מאָדערנער ציוויליזאַציע. די שנאה צום יידנטום איז נאָר אַ פּרעטעקסט פאַר דעם אויפשטאַנד פון איסלאַם.

קיין מאַכמעדאַניש לאַנד איז ניט אַרויסגעטרעטן אָפן און אָפיציעל קעגן די ווילדע אַקטן פון אַראַבישן טעראָר, וואָס הערשט כמעט אָפן און אָפיציעל פאַרשוויגן און אפשר אויך געשטיצט פון סאָוויעט־רוסלאַנד.

יידנטום האָט גאָרניט בשותפותדיקס מיט איסלאַם און אַראַביזם און עס איז קלאָר, אַז מיר רופן ניט צו ענטפערן מיט טעראָר אויף דעם אַראַבישן טעראָר. די מלחמה פון פּאַן־אַראַביזם איז ניט נאָר נוגע יידן אָדער מדינת ישראל. די נאָפּט־מלחמה איז געריכט קעגן דער מאָדערנער ציוויליזאַציע. דער יונגער קאַדאַפּי רעדט און מיינט דאָס אייגענע ווי דער ניט־יונגער קעניג פייסאַל פון סאַוד־אַראַביע, וועלכער גרייט זיך צו „באַפרייען ירושלים" פון יידן. דאָס איז הפקר !...

ביי די יונגע אַראַבער זענען זייער פּאָפּולער די צונעמענישן „סאָציאַליסט", „רעוואָלוציאָנער", אפילו „מאַרקסיסט". ביי די פּרומע מוסולמענער איז איסלאַם און אַראַביזם דער הויפּטקוואַל פון זייער פרומקייט. דער אַראַבישער סאָציאַליזם און דער אַראַבישער קאַפּיטאַליזם גייען דעם אייגענעם וועג. די רעגירונג פון קוווייט האָט ניט איבערגעגעבן די פינף מערדערס פון רוים דער איטאַליענישער רעגירונג, נאָר אין די הענט פון פּאַלעסטינישע טעראָריסטן.

מען קאָן זיך קוים פאָרשטעלן, אַז עפּעס חוץ קעגן־באָיקאָט און פולשטענדיקער איזאָלירונג פוןביידע אַראַבישע כוחות קאָן העלפן אויסמיידן אַ קאַטאַסטראָפּע. עס איז איצט ניט די צייט צו אַנאַליזירן די אַראַבישע מענטאַליטעט, אַזוי ווי עס איז ניט צו שפּעט צו באַטראַכטן גוט די פּלענער וועגן טעכנישער און פינאַנציעלער הילף פאַר די ניט־אַנטוויקלטע לענדער פון אַפריקע. די ערשטע קרבנות פון דער הילפסאַקציע וועלן זיין די לענדער, וואָס וועלן העלפן, אַזוי ווי איצט איז דער נאָפּט־באָיקאָט געריכט קעגן די ציוויליזירטע לענדער פון אייראָפּע און אַמעריקע. די אַראַבישע „רעוואָלוציאָנערן" האָבן פאַרפּלייצט אויך דרום־אַמעריקע און פון דאָרט קומען אָן פּאַניק־ידיעות. ווי שטענדיק איז די געפאַר באַ־

זונדערס גרויס פאַר יידן. אָבער אונדזער ענטפער קאָן ניט זיין אַנדערש ווי נאָר קעגן־באָיקאָט און ניט קיין קעגן־טעראָר. אַזוי ווי ביי יעדער עפּידעמיע פון אַ פּעסט, איז דער וויכטיקסטער פּרע־ווענטיווער מיטל קעגן דער פאַרשפּרייטונג פון דער קראַנקהייט — פולשטענדיקע איזאָלירונג. דער אַראַבישער קאַפּיטאַליזם פאַר־לאַנגט, אַז מען זאָל אַראַבישע לענדער אינדוסטריאַליזירן. צו טאָן דאָס, ווי אייניקע רעגירונגען זענען מסכים, וואָלט געהייסן באַ־טרעטן דעם וועג פון זעלבסטמאָרד. סאַוד־אַראַביע און קווייט, אַלזשיר און די גאָלד־אָנגעשטאָפּטע קליינע עמיראַטן (אַראַבישע נאַפּט־אינדזלען) זענען גרייט צו באַצאָלן, אַבי מען לערנט זיי די מלאכה פון דער מאָדערנער אינדוסטריע...

דערווייל הערשט די אַטמאָספער פון הפקר און ביז די דאָ־זיקע אַטמאָספער וועט פאַרשווינדן, איז ניטאָ וואָס צו רעדן וועגן אַ קאָאָפּעראַציע מיט די אַראַבישע „סאָציאַליסטן" און קאַפּיטאַ־ליסטן. דערווייל הערשט שפּאַנונג און געפאַר...

(„פרייע אַרבעטער שטימע", מערץ 1974)

# דער נצחון פון איסלאַם

לאָמיר זיך ניט נאַרן און ווידער און ווידער דערקלערן, אַז די אַרמיי פון מדינת ישראל איז אַרויס מיט כבוד פון דער מלחמה מיט עגיפּטן און סיריע. אויב קיסינגערס וואונדער־דיפּלאָמאַטיע איז געווען ניט גענוג, אויב די אָפּרייניקונג פון דעם סועץ־קאַנאַל מיט ענגלישע און אַמעריקאַנער עקספּערט־מיטלען האָט ניט גע־רעדט אַ קלאָרע שפּראַך, איז דער פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן געקומען אַליין קיין עגיפּטן און סאַוד־אַראַביע, קיין יאַר־דאַניע און קיין ירושלים, כדי פּערזענלעך צו באַשטעטיקן און פּראָ־קלאַמירן, אַז ניט סאָוויעט־רוסלאַנד, נאָר די פאַראייניקטע שטאַטן וועלן אַכטונג געבן, אַז די אַראַבישע לענדער זאָלן ניט אויסגענוצט ווערן פאַר אַנדערע צוועקן ווי נאָר פאַר דער ווייטערער אַנטוויק־לונג פון זייער איינפלוס און מאַכט... איז דאָס ניט קלאָר?

מיר מעגן אָנרופן די געשעענישן מיט דעם אויסדרוק „היס־טאָרישע איבערקערעניש" מיט קאָנסעקווענצן, וואָס מען קאָן נאָך היינט גאָר ניט פאָראויסזען און אָפּשאַצן.

פאַר מדינת ישראל מיינט דאָס אויף יעדן פאַל שלום, אַן אַרויפ־געצוווּנגענער, אַ טראַגישער, אָבער פאָרט אַ שלום. בשעת דער ערשטער פּרעסע־קאָנפערענץ פון דעם נייעם ישראל פּרעמיער־מיניסטער ראַבין, האָט ער געזאָגט, אַז ביז איצט האָט אַמעריקע געשטיצט די יונגע יידישע מדינה מיט פיר און אַ האַלבן מיליאַרד דאָלאַר, פון דעם פיר מיליאַרדן אויף אַלערליי אַמוניציע און וואָפן. די ווערטער קלינגען שרעקלעך, דאָס האַרץ שטעלט זיך אָפּ ווען

מען טראַכט זיך אַריין אין דעם וואָס איז געשען: פיר מיליאַרדן דאָלאַר אויף צו פאַרוואַנדלען דעם נייעם ישוב אין אַ באַוואָפנטן מיליטערישן לאַגער! איז דאָס יידישער רענעסאַנס? ווערט דער־מיט געזיכערט די יידישע צוקונפט? האָט ניט דאָס געפירט דערצו אַז גראָד בשעת דעם אָנקומען פון פרעזידענט ניקסאָן קיין ירושלים האָבן די פעדאַינס דורכגעפירט אַ מערדערישע אַטאַקע! דער פּראָגראַם גייט אָן פּערמאַנענט.

דאַנטע וואָלט ניט געקאָנט אויסדיכטן אין זיין שרעק־ווערק „לאַ דיווינאַ קאָמעדיאַ" קיין גרעסערע דראַמע ווי די וואָס אונדזער פאָלק האָט צוגעזען: ניקסאָן קושט זיך מיטן קעניג פייסאַל; פּרע־זידענט סאַדאַט פון עגיפּטן טאַנצט פון פרייד דערזעענדיק ווידער ד"ר קיסינגערן, דעם אַרכיטעקט פון דער דראַמע, וואָס מיר זעען דערווייל איר אָנהייב...

קיין עקאָנאָמישע הילף דאַרפן די אַראַבער ניט בעטן. זיי האָבן אַריינבאַקומען פאַנטאַסטישע מאַסן געלט פון די פאַרטאָפּלטע און פאַרדרייפאַכיקטע פרייזן פאַרן פּעטראָל. זיי רעדן איצט וועגן מיליאַרדן אַזוי ווי זיי האָבן אַ מאָל געחלומט וועגן מיליאָנען. די נאַפט־מאַגנאַטן זענען היינט אין שטאַנד מיט אַ גרינג האַרץ צו שטיצן די טעראָריסטן. קיין געלט־פּראָבלעם איז ניטאָ.

דער באַזוך פון ניקסאָן אין נאָענטן מזרח האָט צוגעגעבן פּאָ־ליטישע חשיבות דעם איסלאַם. עס האָט נאָר געפעלט, אַז ניקסאָן און קיסינגער זאָלן באַזוכן אַלזשיר, בומעדיענס אַלזשיר, און קאַ־דאַפיס ליביע, כדי דער פּאָליטישער דערפאָלג פון פאַן־אַראַביזם זאָל געפייערט ווערן ווי אַ פולשטענדיקער טריאומף.

מיר זאָגן דאָס אַלץ ניט כדי צו באַווייזן דעם דורכפאַל פון דער יידישער דיפּלאָמאַטיע, נאָר כדי מיר זאָלן אָפּלערנען אַ סך פון דעם, וואָס עס שפּילט זיך איצט אָפּ אין ישראל און אַרום ישראל. אַ גרויסע איבערקערעניש וועט זיכער איצט פאָרקומען אין די אַראַבישע לענדער. דאָס מיטלעלטער וועט דאָרט פאַר־שווינדן און די פאַרשקלאַפטע פאָלקס־מאַסן — זיי זענען דאָך

פאַרשקלאַפּט! — וועלן קומען צו זייער רעכט. דאָס וועט האָבן אַ גרויסע שייכות צו מדינת ישראל און צו דעם קיום פון דער נייער מלוכה. אַמעריקע האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דער עקסיסטענץ פון דער מדינה און וועט ווייטער שפּילן, אָבער דאָס יידנטום אין דער גאָרער וועלט איז דער הויפּט־כוח אין דער פאַרטיידיקונג פון יידישע אינטערעסן. יידן מוזן זיך פאַרשטענדיקן מיט די אַראַבער: דאָס איז דער אויסוועג.

אַז אַזאַ פאַרשטענדיקונג איז דער איינציקער אויסוועג פון דעם פּערמאַנענטן מלחמה־פּסיכאָז איז קלאָר אויך פאַר אַ גרויסן טייל פון דער אַראַבישער פירערשאַפט. צי ניקסאָן וועט פאַרבלייבן אין דעם „ווייסן הויז״, אָדער ער וועט זיין געצוווּנגען אַוועקצוגיין. אַ גרויסע ענדערונג איז שוין געשען דערמיט, וואָס סאָוויעט־רוס־לאַנדס ראָלע אין דעם נאָענטן מזרח איז אויף לאַנגע צייטן אויס־געשפּילט. אָן אַ מלחמה, אָדער מיט אַ קאָנקרעטער סכנה פון אַ מלחמה, האָט מען געצוווּנגען רוסלאַנד צוריקצוציען זיך פון אַ כלומרשט פעסטער פּאָזיציע. דער קאַמף וועט אפשר נאָך לאַנג דויערן, אָבער פאַרשפּילט איז פאַרשפּילט.

ווי געזאָגט, דאָס יידנטום האָט אַ סך צו לערנען פון דער איבערקערעניש אין נאָענטן מזרח. מען שטייט פאַר אַ גרויסער אויפגאַבע— צופּאַסן זיך צו די נייע אומשטאַנדן...

(„דאָס פרייע וואָרט״, יולי 1974)

# אין שאָטן פון אַ נייער מלחמה

לויט דער יידישער פרעסע אין ישראל, לויט די נערוועזע רעדעס פון פרעמיער־מיניסטער ראַבין און פאַרטיידיקונגס־מיניס־טער ש. פערעס, לויט די אינפאָרמאַציעס פון דער ישראל־רעגירונג, גרייטן זיך די אַראַבישע לענדער, אַריינגערעכנט אויך עגיפּטן, צו אַן אָנגריף אויף מדינת ישראל. די אינפאָרמאַציעס זאָלן זיין אַ־זעלכע זיכערע, אַז איינער פון די ישראלדיקע מיניסטאָרן האָט עפנטלעך דערקלערט, אַז אויב די אַראַבער גרייטן זיך טאַקע צו אַ נייער מלחמה, וועט ישראל זיך דאָס מאָל ניט לאָזן פלוצלינג באַפאַלן, נאָר וועט „פאַרכאַפּן" די איניציאַטיוו און וועט פריער באַפאַלן די אַראַבער, ניט מער און ניט ווייניקער...

חוץ די נערוועזע אינפאָרמאַציעס פון ישראל זענען דאָ זייער אומרואיקע רעאַליטעטן. סאָוויעט־רוסלאַנד קאָן ניט באַרואיקן זיך צוליב דעם, וואָס אַמעריקע שפּילט די הויפּט־ראָלע אין אַלע גע־שעענישן אויפן נאָענטן אָריענט און מאַכט זיך ניט וויסנדיק, וואָס סאָוויעט־רוסלאַנד איז גאָרניט לאַנג צוריק געווען דאָרטן דער הויפּטמאַכער. דער קרעמל ענטפערט אויף אַזאַ חוצפה דערמיט, וואָס מען שיקט וואָפן צו לבנון, איראַק, סיריע. מען האָט איינגע־לאַדן יאַסער אַראַפאַטן אויף אַן אָפיציעלן באַזוך אין מאָסקווע. מען האָט געשיקט אַ ספּעציעלן אָבסערוואַטאָר קיין זשענעווע, כאָטש רוסלאַנד האָט דאָרטן אַ פּערמאַנענטן הויפּטצענטער פאַר גאַנץ אייראָפּע.

בכלל, נעמט רוסלאַנד אַן אָנטייל אין די פאַרשיידענע שלום־

פאַרהאַנדלונגען. די אָפּשפּאַנונג, דער „דעטאַנט", איז נאָך אַלץ אויף דעם סדר־היום, אַזוי ווי עס וואָלט זיך גאָרניט געענדערט; וואָפּן־ליפערונגען מיט דער רעכטער האַנט און „דעטאַנט" מיט דער לינקער האַנט, אַזוי ווי די וועלט וואָלט געווען בלינד און ניט געזען דאָס טאָפּלשפּיל...

אַ מערקווערדיקע זאַך איז אויך געשען מיט דעם ערשט־פאַר־ענדיקטן העכסטן קאָנגרעס פון דעם סאָוויעטן־ראַט. מען האָט דער־וואַרט דאָס אַוועקגיין פון פּאָדגאָרנין און קאָסיגינען, ס'איז געווען אפילו ניט הונדערט פּראָצענט זיכער, צי ברעזשניעוו וועט פאַר־בלייבן אויף דעם וויכטיקסטן פּאָסטן, וואָס ער פאַרנעמט. אָבער געענדיקט האָבן זיך די אַלע דערוואַרטונגען מיט גאָרניט. דער גאַנצער אַפּאַראַט איז געבליבן ווי ער איז געווען און אַלע זענען געבליבן אויף זייערע פּאָסטנס. וואָס מיינט דאָס? מיינט דאָס ניט, מעג מען זיך פרעגן, אַז דאָס איז אַ באַווייז, אַז מען „בייט ניט קיין פערד בעת אַ שלאַכט", אַז די אינטערנאַציאָנאַלע לאַגע איז זייער געשפּאַנט און מען וויל ניט איצט באַנייען דעם אַפּאַראַט?...

די גרויסע אומרו אין אַלע וויכטיקע אינטערנאַציאָנאַלע צענ־טערן קומט ס'רוב פון סאָוויעט־רוסלאַנד. מען ווייסט ניט וואָס זענען די פּלענער פון דער סאָוויעט־רעגירונג, וואָס פאַר אַ פּראָגנט מאָסקווע האַלט פאַר וויכטיקער אין דעם מאָמענט.

די שפּאַנונג צוליב דער מעגלעכקייט פון אַ מלחמה איז אין אַ געוויסן זין ערגער פון דער מלחמה גופא. זי פּראָוואָצירט אַ גע־פערלעכע לאַגע און גלייכצייטיק פּאַראַליזירט זי דאָס נאָרמאַלע לעבן. אַזאַ פּאָליטיק געהערט צו דער מיליטערישער טאַקטיק פון רוסלאַנד אפילו ווען מען ווייסט, אַז דערמיט ריזיקירט מען אין פּראָוואָצירן אַ גרויסע קאַטאַסטראָפע.

אַ גרויסער טייל פון דער אַראַבישער פּראָפּאַגאַנדע הערט ניט אויף צו פייערן די יום־כיפור־מלחמה ווי אַ געוואַלדיקן נצחון פון די אַראַבישע אַרמייען. מען פּרוווט אויך מינערן די ראָלע פון

די פּאַראַייניקטע שטאַטן אין דער נייער לאַגע אויפן נאָענטן מזרח, הגם עס איז פאַר אַלעמען קלאָר, אַז די רוסישע דאָמינירנדיקע ראָלע אינעם נאָענטן אָריענט איז איצט אָפּגעשוואַכט און אַמעריקע איז אויסערגעוויינטלעך אַקטיוו אין דעם גאַנצן ראַיאָן. דאָס ברענגען אין אָרדענונג דעם סועץ־קאַנאַל וועט מסתמא דויערן לענגער ווי מען האָט געמיינט, אָבער די אַרבעט גייט דאָך כמעט אָן דער באַטייליקונג פון רוסישע „טעכניקערס" און „עקספּערטן".

מען קאָן גוט פאַרשטיין די נערוואָזיטעט און די אָפּט גע־דריקטע שטימונג פון דער יידישער באַפעלקערונג אין ישראל, אָבער דאָס וויכטיקסטע געבאָט פון דער היינטיקער קריטישער צייט איז ניט צו לאָזן זיך פּראָוואָצירן, צו באַהערשן זיך און אָנגיין מיט דער אַרבעט.

רוסלאַנד, ווי מען באַקומט דאָס צו וויסן פון אָפיציעלע קוועלן, נייטיקט זיך איצט ניט נאָר אין גרויסער הילף פאַר אירע אינדוסטריעס, נאָר אויך אין אימפּאָרטירן גרויסע מאַסן פון קאָרן, פון פלייש און פוטער. ווי עס ווייזט אויס, זענען אַלע פּלע־נער און מיטלען צו נאָרמאַליזירן דעם באַדאַרף פון אַ נאָרמאַל לעבן דערווייל אַ גרויסער דורכפאַל. עס האָט זיך געשאַפן אַ מערקווערדיקע לאַגע: קאָלאָסאַלע קאַפּיטאַלן זענען איצט אין די הענט פון די אַראַבישע מאַגנאַטן, וואָס זענען היינט אפשר די איינציקע, וואָס וואָלטן געקאָנט העלפן סאָוויעט־רולאַנד, אָבער פאַר וואָס און צוליב וואָס זאָלן זיי העלפן ?...

מיר לעבן היינט אין שווערע קריטישע צייטן. מען רעדט וועגן פּאַראַדאָקסן, וועגן ווונדער פון ווונדער. דאָס זענען אָבער ניט קיין ווונדער. מען שניידט היינט דאָס, וואָס מען האָט פאַר־זייט. דער סאָוויעטישער „פּאַרלאַמענט" האָט ניט געפונען פאַר נייטיק איבערצובויען איצט דעם רעגירונגס־אַפּאַראַט. ברעזשניעוו און גרעטשקאָ דאַרפן אַליין געפינען דעם אויסוועג פון דער לאַגע, וואָס זיי האָבן געשאַפן. עס איז זייער צווייפלדיק, אויב זיי וועלן

ריזיקירן אַן אַוואַנטורע, וואָס קאָן מיט אַ מאָל פירן צו אַ קאַ־
טאַסטראָפע פון דער ריזיקער אימעפּריע. די אַראַבישע לענדער,
וואָס וואָלטן זיך ווען אַ שפּיל טאָן מיט אַ נייער מלחמה, וועלן
זיך זיכער ניט דערלויבן אַזאַ אַוואַנטורע אָן סאָוויעט־רוסלאַנד...

(„פרייע אַרבעטער שטימע", סעפּטעמבער 1974)

# אַראַבישע פּאָליטיק

כמעט יעדע מלחמה פאַרענדיקט זיך מיט שלום־פאַרהאַנדלונגען, אין וועלכע עס איז דאָ אַן אָנטייטונג אויף דער עווענטועלער מעגלעכקייט פון אַ נייער מלחמה.

כמעט אַלע שלום־פאַרהאַנדלונגען נאָך אַ מלחמה אַנטהאַלטן אַ שפּאַרונע דורך וועלכער מען זעט די נייע מלחמה...

דער עגיפּטישער פּרעזידענט סאַדאַט האָט זיך געקושט און געהאַלדזט מיט קיסינגער, אָבער כמעט יעדן טאָג זאָגט ער אָן אַ נייע מלחמה צוזאַמען מיט סיריע קעגן מדינת ישראל.

אַלע ווייסן, אַז נאָך די ערשטע דערפאָלגרייכע טעג האָט זיך די עגיפּטישע אַרמיי פאַרהאַקט און ניט געקאָנט מאַכן קיין שריט. די אַמעריקאַנער האָבן שוין אַלץ צוגעגרייט צום אָפּרייניקן דעם סועץ־קאַנאַל און אָט־אָט האָבן מיר שלום. כאָטש דאָס איז אפשר אַ שלום אין געענדזענע פּיסלעך. עס איז דערשטוינט צו ווערן ווי שנעל דער פאַראומרייניקטער קאַנאַל ווערט געבראַכט אין אַ נאָרמאַלן צושטאַנד. מען ווייסט געווי, אַז עגיפּטן איז פולשטענדיק געבראָכן און צעשטערט און איז בשום אופן ניט אין שטאַנד צו פירן אַ מלחמה, אָבער די עגיפּטישע קאַמפּאַניע פאַר אַ דאָמינירנדיקער ראָל אין דער אַראַבישער וועלט ווערט צעבלאָזן אַלץ שטאַרקער פון טאָג צו טאָג. סאַדאַט גרייט זיך צו זיין רייזע קיין וואַשינגטאָן און ער ווייסט וואָס עס דערוואַרט אים דאָרט.

צי די אַראַבער נאַפט־מאַגנאַטן האָבן עס געוואָלט אָדער ניט,

האָט זיך די גאַנצע סצענע אין דעם נאָענטן מזרח ראַדיקאַל געענ־
דערט. מדינת ישראל און די „ציוניסטישע עקספּאַנסיע״ זענען כמעט
פאַרשוואונדן אַלס טרייבקראַפט אין דער אַנטי־יידישער פּראָפּאַגאַנ־
דע. די נאַפט־קוואַלן געהערן צו אַראַבער, סיי די מולטימיליאָנערן
און סיי די קליינע עמיראַטן. זיי האָבן אויסגענוצט דעם גרויסן
טומל אַרום דער „ציוניסטישער עקספּאַנסיע״ און פאַרגרעסערט די
פּרייזן אויף נאַפט אַזוי אַז די ווירטשאַפט פון דער גאַנצער וועלט
האַלט זיך אין אַ קריטישן צושטאַנד.

די אַראַבער וואָלטן געוואָלט צוזאַמענבינדן ציוניזם מיט פּרייזן
אויף נאַפט, דעם קאַמף פון מדינת ישראל פאַר עקסיסטענץ מיט
פאַרפּירפאַכן די פּרייזן. הונדערטער מיליאָנען און מיליאַרדן האָבן
אָנגעשטאָפּט די קאַסע פון די אַראַבער און זיי דראָען מיט נייע
פאַרגרעסערונגען. מען האָט דעם איינדרוק פון אַ סיסטעמאַטישער
קאַמפּאַניע וואָס האָט גאָרניט צו טאָן מיט מדינת ישראל און מיט
„ציוניסטישער עקספּאַנסיע״.

עס איז פּאַקטיש אַ מלחמה־צושטאַנד אָדער אַ רויב־קאַמפּאַניע
פון די אויפגעבראַכטע נאַפט־פּראָדוצענטן וואָס זענען אין אַן אָפּע־
נער קאַמפּאַניע צו רויבן וויפל עס לאָזט זיך.

די רעדעס פון פּרעזידענט פאָרד און שטאַטס־סעקרעטאַר הענרי
קיסינגער וועגן דעם קאַטאַסטראָפאַלן קריזיס זענען געווען ערנסט,
אָבער ניט פּראָוואָקאַטיוו. עס איז פאַר אַלעמען קלאָר ווער איז
שולדיק, ווי קלאָר עס איז אַז אַן אויסוועג אונטער אַלע אומשטענדן
מוז געפינען ווערן. און איז דען דאָ אַן אַנדערער אויסוועג אין
דעם פאַל חוץ אַ מלחמה, ווער עס זאָלן ניט זיין די באַזיצער פון
די נאַפט־קוואַלן ? זענען בכלל מעגלעך פאַרהאַנדלונגען אָן אַ
פאַרשטענדיקונג מיט די אַראַבישע מיליאַרדערן, וועלכע בילדן
איצט אַ וועלט פאַר זיך מיט איסלאַם אַלס דער הינטערגרונט פון
זייער אידעאָלאָגיע און אַ מאַכט־אָרגאַניזאַציע.

פון דער אַנדערער זייט איז עס אַזוי גוט ווי אויסגעשלאָסן,
אַז אַמעריקע אָדער די מערב־מלוכות זאָלן באַפאַלן די פּראָדוצענטן

פון נאַפט און צונעמען ביי זיי די פּראָדוקציע־מיטלען. אַ פאַרזוך ווערט איצט געמאַכט צו קומען צו אַ פאַרשטענדיקונג, צו אַן אויפ־קלערונג פון דער אַלגעמיינער לאַגע. דער פאַרזוך איז פון אָנהייב אָן פאַרמשפּט, ווייל די אַראַבער באַטראַכטן זיך פאַר די גרויסע זיגערס. עס איז איצט אַ פראַגע פון לאַנגע און שווערע פאַר־האַנדלונגען. נאַטירלעך וועט די אַראַבישע עקשנות געבראָכן ווערן און די אַמעריקאַניש־אייראָפּעאישע קאָאָפּעראַציע וועט אויסגעפינען די נייטיקע מיטלען. די לאַגע איז זייער ערנסט און אַ סך זאַכן קאָנען געשען אין פאַרלויף פון דעם שווערן קאַמף.

די פאַרשאַרפטע אינטערנאַציאָנאַלע עקאָנאָמישע קריזיסן האָבן גאָרניט צו טאָן מיט די ישראל־אַראַבישע קאָנפליקטן, אָבער די „ציוניסטישע עקספּאַנסיע”, ווי די אַראַבער רופן דאָס אָן, איז דער איינציקער אַראַבישער פּרעטעקסט פאַר דער רויבער־פּאָלי־טיק פון די נאַפט־לענדער. מען האָט עס געקאָנט דערוואַרטן און מען האָט זיך דערוואַרט. עס איז דאָ אַ פּרימיטיוועד נאַאיווער עלע־מענט אין דער אַראַבער־פּאָליטיק וואָס וועט זיכער ניט פאַרפירן ניט די אַמעריקאַנער אינדוסטריע און ניט די אייראָפּעאישע אונ־טערנעמער. דער נאַפט און די ענערגיע זאָלן פאַרבלייבן אין די הענט פון די אַראַבישע שייכן, וואָלט געהייסן צו האַלטן די וועלט־אינדוסטריע אָפּהענגיק פון די שייכן.

דערשטוינט און באַליידיקט פון די שטורמישע פּראָטעסטן קעגן דער אינפלאַציע, פאַר וועלכער מען מאַכט נאָר זיי פאַראַנט־וואָרטלעך און מען „באַרעדט” זיי, מאַכן די אַראַבישע מושלים זיך נישט וויסנדיק און דראָען מיט העכערע פּרייזן פאַרן נאַפט. עס ווערט געשאַפן זייער אַן ערנסטע לאַגע. די גרויסמאַכטן ווערן געצווונגען תיכף אָנצונעמען מאָסמיטלען. עס איז נאָך ניט קיין מלחמה, אָבער עס איז ערב מלחמה. דער פּרווו פון די אַראַבער צו באַנוצן נאַפט פאַר פּאָליטישע צוועקן וועט דורכפאַלן...

וויכטיק איז צו וויסן, אַז ניט דער נייער פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן, ניט הענרי קיסינגער זענען ניט געבונדן מיט פריערדיקע צוזאָגן און קאָנען היינט האַנדלען פריי לויט

דער פאָדערונג פון די הערשנדע אומשטענדן, אַזוי ווי די לאַגע
האָט זיך אַנטוויקלט. די אַראַבישע פירערס האָבן באַקומען צו
וויסן, אַז זיי האָבן צו טאָן ניט מיט דער רעגירונג פון מדינת
ישראל, נאָר מיט דער עפנטלעכער מיינונג פון דער וועלט. אַמע־
ריקע האָט גענוג נאָפט פאַר איר אייגענעם געברויך און פאַר
אירע שותפים. זי איז ניט געצוווגען נאָכצוגעבן אָפענע אויספּרע־
סונגס־מיטלען און פאַרלירן די זעלטענע ראָל פון פירערשאַפט,
וועלכע זי האָט באַקומען ניט דורך אינטריגעס הינטער די קוליסן,
נאָר אויף אַ נאַטירלעכן אופן. אָן אַ מלחמה וועט אַמעריקע זיין
אין שטאַנד צו קאָנטראָלירן די לאַגע...

(„לעצטע נייעס", דעם 30־טן אָקטאָבער 1974)

## דער אויסוועג...

מען דאַרף ניט מאַכן דעם טעות און מיינען, אַז די פרעמדע וועלט וואָס האָט ניט קיין דירעקטן שייכות צו די געשעענישן אין נאָענטן מזרח, איז ניט אינטערעסירט אין דעם גאַנג פון די געשעענישן. דער אינטערעס איז זייער גרויס און פאַרכאַפּט ניט זעלטן דעם אָטעם. אויב די אַראַבישע פירער מיינען, אַז זייער שפּיל מיטן פּרייז פון נאַפט איז פשוט „געשעפט", מאַכן זיי אויך אַ גרויסן פעלער. עס וועט קומען דער טאָג, ווען זיי וועלן זען דעם חשבון, דעם חשבון הנפש, און זיי וועלן דערהערן גאָר אַנדערע טענער און גאָר אַן אַנדערע מוזיק.

פאַר דער אויסנוועלט, פאַר דער יידישער און ניט־יידישער, איז איצט ניט די צייט פאַר אַזאַ דיאַלאָג. איצט איז די צייט פאַר רעאַל־פּאָליטיק, פאַר פּראַקטישע מעשים און קאָנקרעטע אויפטוען. פון די פּוסטע רייד וועט גאָרניט אַרויסקומען.

עגיפּטן איז דאָס גרויסע לאַנד וואָס נייטיקט זיך אין מאָדערנער אינדוסטריאַליזאַציע. עגיפּטן איז אויך דאָס איינציקע אַראַבישע לאַנד וואָס קען די אינדוסטריעלע קאַפּאַציטעט און די וויסנשאַפטלעכע רייכקייט פון דער יידישער מדינת ישראל און פונעם יידנטום בכלל. דאָ קאָן און דאָ מוז געשאַפן ווערן אַ בריק צווישן די צוויי פעלקער.

עס וואָלט דאָך געווען מערקווערדיק צו זען, אַז נאָך פינף און צוואַנציק יאָר בלוטיקע צוזאַמענשטויסן און מלחמות איז ניט מעגלעך צו געפינען פערזענלעכע קאָנטאַקטן צווישן ישראל און

עגיפּטן וואָס זאָל ווערן אויסגענוצט פאַר קאָאָפּעראַציע, דאָס הייסט, פאַר געמיינזאַמער קאָנסטרוקטיווער אַרבעט.

די דערעפענונג פונעם סועץ־קאַנאַל איז פאַרבונדן מיט אַ סך צו גרויסע האָפענונגען אין עגיפּטן. די דערעפענונג וועלכע איז באַרעכנט אויף דעם קומענדיקן פרילינג וועט פאַרלאַנגען מער ווי איין פרילינג. עס וועט זיך איבערחזרן אין אַ געוויסער מאָס די געשיכטע מיט דער אַסואַן־דאַמבע. דאָס זענען אַלץ גרויסע לופט־פּראָיעקטן וועלכע פאַרלאַנגען אי צייט, אי גרויסע פאַרמעגנס צו אינוועסטירן.

דאָס אויפטרעטן פון פּרעזידענט סאַדאַט איז אויך אַ באַווייז, אַז ער רעכנט ניט אַ נייע מלחמה אַלס אַ מיטל וואָס קאָן פאַר־ענטפערן דאָס קאָמפּליצירטע פּראָבלעם פון דעם נאָענטן מזרח. מען קען ניט די איינצלהייטן פון קיסינגערס אָפּמאַך צווישן די פאַראייניקטע שטאַטן און עגיפּטן, אָן אָפּמאַך פון ווידעראויפבוי פון דער גאַנצער עגיפּטישערווירטשאַפט. דערצו געהערן די רו־אינירטע שטעט צוזאַמען מיט דער באַפעלקערונג אָבער אָן שום מיטלען. אויף נייע מלחמות איז דער אָפּמאַך אויף יעדן פאַל ניט געבויט.

דאָס פּראָבלעם פון די פּאַלעסטינעזער און די איינלאַדונג פון אַראַפאַטן אויפצוטרעטן אין דער אָנ״ו טאָר ניט אויסגעטייטשט ווערן אַלס ערשטראַנגיקע געשעעניש. די אַמעריקאַנער רעגירונג האָט געהאַט גענוג קוראַזש צו זאָגן „ניין״ און דערמיט ניט נאָר געבן אַ סאַטיספאַקציע דער יידישער עפנטלעכער מיינונג פון אַמעריקע, נאָר אויך באַוויזן דער אַראַבישער ליגע, אַז צו אַלץ איז דאָ אַ גרענעץ און אַז אַמעריקע וועט זיך ניט רעכענען מיט די עפעקטן פון דער אַראַבישער טעראָר־פּראָפּאַגאַנדע, אפילו אויב זי ווערט געשטיצט פון אַלע אַראַבישע מלוכות און עמיראַטן. דער אַמעריקאַנער „ניין״ איז אין דעם פאַל אַ פּאָזיטיווער פאַקטאָר, וועל־כער באַווייזט, אַז מען האַלט נאָך זייער ווייט פון דער גרינדונג פון אַ פּערמאַנענטער נעסט פאַר די פאַרשידענע אַראַבישע טעראָ־ריסטישע גרופּירונגען. מען דאַרף ניט איבערטרייבן דעם באַטייט

פון דער איינלאַדונג צו אַראָפּאַטן צו פּרעזענטירן זיך פאַר דער אָנ"ו, ווי מען דאַרף ניט איבערשאַצן דעם ווערט פון זיין דער־קלערונג.

דאָס גאַנצע אַראַבישע אָדער אַראַביש־יידישע פּראָבלעם געפינט זיך היינט אין אַ זייער קריטישער לאַגע, אָבער קאָן אונטער געוויסע אומשטענדן פירן צו וויכטיקע פּאָזיטיווע רעזולטאַטן... מען דאַרף זיין פּאָרזיכטיק.

דאָס איז, ווי געזאָגט, די מיינונג פון גוט־אינפאָרמירטע קרייזן, יידישע און ניט־יידישע, וועלכע באַטראַכטן דאָס פּראָבלעם ווי ניט־דירעקט פּאַראינטערעסירטע...

(„לעצטע נייעס", דעם 31־טן אָקטאָבער 1974)

# אָפּענע אַראַבישע רייד

די דעקלאַראַציע פונעם מאַראָקאַנישן קעניג כאַסאַן וועגן דער גרינדונג פון אַ פּאַלעסטינעזישער מלוכה מיט מלחמה־דראָאונגען קעגן מדינת ישראל, איז אַ באַווייז, אַז די דעמאָגראַפיע פון צפון־אַפריקע האָט זיך דעפיניטיוו פאַרענדערט און די גאַנצע געגנט, דאָס הייסט, טוניס, אַלזשיר און מאַראָקאָ ווערן באַלד זיין פול־שטענדיק יידן־ריין. די הונדערט־יאָריקע אַרבעט פון דער „אַליאַנס איזראַעליט אוניווערסעל" האָט געזאָלט צוזאַמען מיט דעם פאַר־שפּרייטן פון דער פראַנצייזישער קולטור אויך דערהאַלטן אין אַ געוויסער מאָס ספרדישע יידישקייט, נאָר אַדאָלף קרעמיע, דער טאַלאַנטירטער מנהיג פונעם פראַנצייזישן יידנטום, האָט געהאַט אַ חוש פאַר דער צוקונפט פון צפון־אַפריקע און האָט רעאַליזירט זיין פּלאַן פון דערקלערן אַלע יידן פון אַלזשיר פאַר פראַנצייזישע בירגער.

נאָר דערמיט האָט מען געקאָנט ראַטעווען די עקסיסטענץ פון דעם אַלזשיריאַנער ישוב: ווען אַלזשיר, דאָס לאַנד פון די פּערמאַנענטע פּאָגראָמען אויף יידן, איז געוואָרן פריי און אומאָפּ־הענגיק, האָבן הונדערט און צוואַנציק טויזנט אַלזשיריאַנער יידן פאַרלאָזן דאָס לאַנד און זיך באַזעצט אין פראַנקרייך. די פראַנציי־זישע רעגירונג האָט די געסט אויפגענומען זייער פריינדלעך און געהאָלפן זיי זיך איינצואָרדענען.

די „אָרט"־אָרגאַניזאַציע האָט געהאַט אין אַלזשיר דריי פאַך־שולן און האָט זיי געמוזט שליסן. אין מאַראָקאָ האָט דער „אָרט"

ביז איצט אין קאַסאַבלאַנקאַ איינע פון זיינע גרעסטע און בעסטע פאַך־שולן מיט אַ טויזנט סטודענטן. די רעגירונג באַציט זיך פריינדלעך און די קעניגלעכע פּרינצעסין האָט גענומען אַן אנטייל אין דער אַרבעט פון דער פרויען „אָרט"־אָרגאַניזאַציע אין מאַראָקאָ. אָבער דער ישוב שמעלצט זיך און די יידן פאַרלאָזן ביס־לעכווייז דאָס לאַנד. עס זענען היינט דאָ אין מאַראָקאָ וויניקער פון פופציק טויזנט יידן און געווען זענען פריער עטלעכע הונדערט טויזנט יידן. אין טוניס, ווו דער פּרעזידענט בורגיבאַ איז מער אייראָפּייער ווי צפון־אַפריקאַנער און האָט ביי פאַרשידענע גע־לעגנהייטן געבעטן יידן ניט צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד, שמעלצט זיך אויך די יידישע באַפעלקערונג. די גרויסע „אָרט"־שול איז גראָד דאָס יאָר געשלאָסן. אַ מאָדערנע שול, וואָס האָט אָפּגעקאָסט זייער פיל געלט. די באַפעלקערונג איז אַנטיסעמיטיש אויפגעהעצט און בלוטיקע עפּיזאָדן האָבן זיך אָפּגעשפּילט פון צייט צו צייט.

מען מעג אין דעם פאַל באמת רעדן וועגן אַ יידיש־אַראַבישער דראַמע. די לענדער זענען קולטורעל אָפּגעשטאַנען און וועלן בלייבן אָפּגעשטאַנען, אָבער קיינער און גאָרניט קאָן העלפן...

דאָס איז אַ פינצטערער קאָמענטאַר צו כאַסאַנס רעדע אין ראַ־באַט, אָבער עס איז קלאָר, אַז די העצע, וואָס איז אָנגעגאַנגען קעגן דעם יידנטום הונדערטער יאָרן קאָן ניט גוט געמאַכט ווערן אין פינף און צוואַנציק יאָר. די צוויי גרויסע יידישע אָרגאַניזאַציעס האָבן געטאָן אין צפון־אַפריקע אַ ניט־פּאָליטישע וויכטיקע קולטור־אַרבעט, אָבער די יידן אַנטלויפן פון די פאַרפאָלגונגען.

אין אַ געוויסן זין האָט די רעדע פון כאַסאַן אין ראַבאַט קעגן מדינת ישראל פאַרדינט אַ יידישן דאַנק; זי האָט באַוויזן דער יידישער און ניט־יידישער וועלט ווו און ווער איז דער אמתער אַגרעסאָר, ווער איז גרייט צו אַ נייער מלחמה. דערווייל זענען נאָך ניט אויפגעבויט געוואָרן אויפסניי די צעשטערטע שטעט אין עגיפּטן און סיריע, ניט געקוקט אויף די מיליאַרדן פון די נאַפט־פּראָפיטן, וואָס די אַראַבישע נאַפט־פּראָדוצענטן האָבן אַריינבאַקומען. דער עגיפּטישער פּרעזידענט סאַדאַט, וועלכער גרייט זיך צו זיין רייזע

קיין וואַשינגטאָן און האָט אויסגעאַרבעט אַ גאַנצן פּלאַן פון רע־פּאַרמען, האָט זיך געמוזט פילן זייער זויער הערנדיק כּאַסאַנס רעדע וועגן אַ נייער מלחמה, אויב מדינת ישראל וועט ניט אַקצעפּ־טירן תיכף ומיד זיינע און אַראַפּאַטס פאָדערונגען. די רעדע האָט מסתמא געמאַכט אין וואַשינגטאָן דעם אייגענעם איינדרוק ווי או־מעטום און וועט ניט מאַכן דעם באַזוך פון סאַדאַט זייער גרינג. זייער ערנסט האָט מען מסתמא דאָרט ניט אויפגענומען די רעדע. כּאַסאַן וויסט זיכער, אַז ער האָט איבערגעכאַפּט די מאָס...

דער באַזוך פון סאַדאַט אין „ווייסן הויז", דאָס טרעפן זיך פון פּרעזידענט פאָרד מיט ברעזשניעוון אין וויטן מזרח פון אַזיע און די סטראַטעגיע פון ד"ר קיסינגער בשעת זיין רייזע אין אינדיע האָבן אויף יעדן פאַל ניט קיין קלענערע באַדייטונג ווי אַראַפּאַטס דעקלאַראַציע אין דער אָנ"ו. עפּעס מוז געשען...

(„לעצטע נייעס", דעם 21־טן נאָוועמבער 1974)

# אַראַבישע לעגענדעס

אייגנטלעך ווייסט מען זייער ווייניק וועגן דעם, וואָס איז גע־שען אויף דער גרויסער אַראַבישער קאָנפערענץ אין ראַבאַט מיט יאַסער אַראַפאַט אין דער ראָל פון אַ פּרימאַדאָנע. מען ווייסט נאָר, אַז מען האָט אָן שום צערעמאָניעס פּשוט אַרויסגעוואָרפן פון דער קאָנפערענץ אַלע פרעמדע זשורנאַליסטן, כדי זיי זאָלן ניט קאָנען דערציילן אין אויסלאַנד וויפל אחדות עס האָט געהערשט צווישן די אַראַבישע פירערס און וואָס פאַר אַ דרוק מען האָט געמאַכט אויף דעם יאָרדאַנישן קעניג כוסיין, כדי ער זאָל אַקצעפּטירן די פּאַלעסטינעזער.

כאַסאַן, דער קעניג פון מאַראָקאָ, האָט בכלל ניט קיין גרויס מזל מיט זיינע צערעמאָניעס אין ראַבאַט. ערשט מיט אַ פאָר יאָר צוריק איז אין דעם קעניגלעכן פּאַלאַץ פול מיט געסט אויסגעבראָכן אַן אָפיצירן־רעוואָלט מיט אַ סך דערהרגעטע. דער קעניג און זיין פאַמיליע האָבן זיך קוים געראַטעוועט. מיט אַ יאָר שפּעטער האָבן די אַוויאַציע־אָפיצירן פון דער מאַראָקאַנישער אַרמיי געוואָלט אומ־ברענגען דעם קעניג, בעת ער איז געפלויגן אין אַן עראָפּלאַן. די פּראָצעסן קעגן די קאָנספּיראַטאָרן האָבן זיך געענדיקט מיט אַ סך טויט־שטראָפן.

דאָס הייסט ניט, אַז די ראַבאַט־קאָנפערענץ האָט געקאָנט זיך ענדיקן מיט אַ קאַטאַסטראָפע. דערוויל איז דער אַראַבישער נאַפט געוואָרן צען פּראָצענט ביליקער און עס איז זייער מעגלעך, אַז ער וועט ווערן נאָך ביליקער. אין אַלע טיילן פון דער וועלט גראָבט

מען אונטער דער ערד און אונטער דעם וואַסער און מען געפינט נאַפט. אין צפון־ים ביי די ברעגן פון ענגלאַנד וואַקסט ווי דורך אַ צויבער אַ נייע ריזיקע פעטראָל־אינדוסטריע. צי עס געפעלט, אָדער עס געפעלט ניט דעם אַראַבישן טעראָר. דער סוף פון דער אַראַבישער נאַפט־לעגענדע איז אפשר גאָרניט אַזוי ווייט.

דערפאַר האָט ניט קיין זין צו זאָגן, אַז מיט דער, אָדער מיט יענער אַראַבישער גרופע וועלן מיר ניט פאַרהאַנדלען. אונטער אַלע אומשטענדן איז דאָס דער בעסטער פּראָצעס, דער ביליקסטער און דער ניט־פאַרבלוטיקטער. די לאַנגדויערנדיקע און אָפט זייער שווערע פאַרהאַנדלונגען זענען נודנע אָבער זיי ברענגען פאָרט נענ־טער צום צוועק, ווי דער חורבן פון אַ מלחמה. גראָד ביים אָנהייב פון דער קאָנפערענץ אין ראַבאַט איז געוואָרן באַקאַנט, אַז גאָר אין גיכן וועט פּרעזידענט דזשעראַלד פאָרד טרעפן ערגעץ ווו „אַרום וולאַדיוואָסטאָק" לעאָניד ברעזשניעוו, כדי צו פאַרענדיקן די עטלעכע יאָר דויערנדע פאַרהאַנדלונגען פון קיסינגערן וועגן פאַרקלענערן קעגנזייטיק די מיליטערישע צוגרייטונגען צו אַ מל־חמה צווישן די צוויי גרויסמאַכטן. איצט איז דער צוזאַמענטרעף רעאַליזירט געוואָרן. ווער האָט געקאָנט דערוואַרטן אַזאַ נס מיט פינף יאָר צוריק? אָבער דער נס איז געשען גראָד אַ דאַנק דער אַמעריקאַנער באַטייליקונג אין דער וויעטנאַמער מלחמה, וואָס האָט אָפּגעקאָסט מיליאַרדן דאָלאַרן און טויזנטער מענטשלעכע לעבנס, בעת די מיינסטע אַמעריקאַנער ווייסן אפילו ניט ווו עס ליגט וויעט־נאַם אָדער קאָרעאַ.

נאַטירלעך מעג מען זיין זיכער, אַז די קאָנפערענץ אין וולאַ־דיוואָסטאָק האָט אויף איר סדר היום געהאַט צו פאַרנעמען זיך ערנסט מיט די באַשלוסן פון דער ראַבאַט־קאָנפערענץ. אויב די רוסיש־אַמעריקאַנישע פאַרהאַנדלונגען וועלן זיך ענדיקן אפילו נאָר מיט אַ טיילווייזער דעמאָביליזאַציע — און וועגן דעם האַנדלט זיך איצט — וועט דאָס פירן צו אַ געוויסער דעמאָביליזאַציע פון די צוויי צדדים אין דעם מיטלענדישן ים. די הונדערט רוסישע קריגס־שיפן אין דעם מיטלענדישן ים מוזן זיין אַן אומגעהייערע לאַסט

פאַר דער רוסישער מלוכה־קאַסע. די גרויסע אַראַבישע מלוכות אין נאָענטן מזרח וועלן זיין געצוווּנגען מיטצואַרבעטן. די באַשלוסן פון ראַבאַט זענען דערווייל נאָר אַ שיינע לעגענדע. אויף ווי לאַנג — וועט מען זען...

די סקעפּטיקער און קריטיקער פון לאַנגע פאַרהאַנדלונגען קענען ניט די איינצלהייטן און זענען אפשר אַפּט גערעכט, אָבער מער גערעכט זענען די, וואָס איילן זיך ניט מיט אַ נייער מלחמה, נייע טויזנטער דערהרגעטע און נייע וואָפן. די ישראל־אַרמיי האָט באַלד נאָך דער יום־כיפור־מלחמה דורכגעפירט וויכטיקע מאַנעוור־רען אַזוי ווי מען וואָלט דערוואַרט מאָרגן אָדער איבערמאָרגן אַ נייע מלחמה. און די ישראל־אַרמיי האָט דאָך אַ נאָמען פון אַן ערשטקלאַסיקער מיליטערישער מאַכט. מען פלעגט פריער רעדן וועגן הוצאות פון הונדערטער מיליאָנען, איצט רעדט מען וועגן מיליאַרדן, בשעת אַ האַלבע וועלט דערוואַרט הונגער, און קליינע לענדער האָבן חובות, וואָס זיי וועלן קיין מאָל ניט קאָנען באַצאָלן.

אין אייניקע לענדער, ווי למשל, אין פראַנקרייך, אַ לאַנד מיט אַ גרויסער קולטור, האָט די מיליטאַריזאַציע אָנגענומען אַבסור־דאַלע, געפערלעכע פאָרמען. פאַר די לעצטע עטלעכע יאָר געפינט זיך דאָס לאַנד אין אומענדלעכע שטרייק־ספּאַזמען. עס שטרייקן ניט נאָר פּריוואַטע אונטערנעמונגען נאָר אויך מלוכה־אינסטיטו־ציעס. די אינפלאַציע דריקט דאָס גאַנצע לאַנד, אָבער די רעגירונג גייט אָן די גאַנצע צייט מיט אַטאָמישע עקספּערימענטן, וואָס מוזן קאָסטן פאַנטאַסטישע געלטער. עס איז אַ מין שפּיל מיט פייער, וואָס מוז פירן צו אַ גרויסער קאַטאַסטראָפע.

***

די רעדעס פון קעניג כאַסאַן ביים סוף פון דער קאָנפערענץ אין ראַבאַט און פון אַראַפאַט, זענען אָן שום צווייפל דראָענדע און פּראָוואָקאַטיווע. עס איז נאַטירלעך ניט קלוג פון חאַסאַן, וועגן

װעלכן מיר האָבן פֿריער געמאַכט אַ פּאָר באַמערקונגען. עס איז אויך נאַטירלעך, אַז אַראַפֿאַט פֿילט זיך שוין װי אַ סװוערענער שעף פֿון אַ נייער אַראַבישער מלוכה. פֿון דעסטוועגן װילן זיי ביידע „פֿאַרהאַנדלען״, אָבער נאָך איידער זיי האָבן אויסגעדריקט זייער גרייטקייט צו פֿאַרהאַנדלען, דראָען זיי שוין מיט אַ מלחמה און מיט פּופּצן מיליאַרדן מזומנים, װאָס זיי האָבן געמאַכט פֿון נאַפֿט...

(„לעצטע נייעס״, דעם 26־טן נאָוועמבער 1974)

# ערגער פון אַ מלחמה

עס איז גאַנץ קלאָר, אַז צוליב פאַרשיידענע סיבות, הויפּט־זאַכלעך צוליב דער גרויסער הילף פון אַמעריקע, וועט עגיפּטן זיך ניט באַטייליקן איצט אין קיין שום מיליטערישער אַראַבישער אַוואַנטורע. דאָס אייגענע גילט אויך פאַר יאָרדאַניע. נאָר אַראַפאַט און זיין טעראָריסטישע קליקע זענען פאַראינטערעסירט אין אַרויס־רופן אַזוי פיל פּאַניק ווי מעגלעך. זיין אויפטרעטן אין דער אָנ״ו איז אַ שאַנדפלעק ניט אויף די אַראַבער, וועלכע באַנוצן זיך מיט אַלע מיטלען כדי אָנצוגיין מיט דער שפּאַנונג, נאָר אויף דער אָנ״ו אַליין. דער דערוויילעקער סך־הכל איז בלויז די טראַגישע לאַגע און די איבערשפּאַנונג אין מדינת ישראל.

אפילו סאָוויעט־רוסלאַנד, וואָס האָט שוין שטילערהייט אַריינ־געכאַפּט אַ היפּש ביסל הונדערטער מיליאָנען דאָלאַרן פון אַמע־ריקע, וועט אונטער די היינטיקע אומשטענדן ניט דערלויבן זיך קיין אָפענע אַוואַנטורע. אין דעם קרעמל זענען דאָ זיכער עלע־מענטן וואָס זענען אינטערעסירט אין אַ מלחמה, אָבער ברעזשניעוו בלייבט נאָך אַלעמען דער פירער, דער פאַראַנטוואָרטלעכער שעף פון דער סאָוויעטישער פּאָליטיק. און ברעזשניעוו איז גוט אינפאָר־מירט וועגן אַלע הינטער־קוליסן־פאַרהאַנדלונגען פוןביידע בלאָקן. אַזוי ווי עגיפּטן האָט גרויסע אינדוסטריאַליזאַציע־פּלענער, אַזוי האָט סאָוויעט־רוסלאַנד חוץ מיליטערישע זייער גרויסע עקאָנאָמישע עקספּאַנסיע־פּראָיעקטן. דער היינטיקער קאַפּיטאַליזם דאַרף האָבן דעם גרויסן וועלטמאַרק און דער סאָוויעטישער קאַפּיטאַליזם איז אין זיין גרונד דאָס אייגענע וואָס דער ניט־סאָוויעטישער.

אַז אַ מלחמה, אַ גרויסע אָדער אַ קליינע, קאָן ניט לייזן קיין סאָציאַלע פּראָבלעמען ווייסט היינט יעדער מענטש, אפילו די פּי־רערס פון די אַראַבישע טעראָריסטן. האָבן זיי, דאָס הייסט, די אַראַבישע אונטערוועלט, געפונען אַ מיטל, וואָס איז פאַר זיי „בע־סער" פון אַ מלחמה — דאָס איז דאָס פּראָוואָצירן אַ מלחמה־פּאַניק, ניט קיין מלחמה...

צום באַדויערן איז די דאָזיקע אַראַבישע סטראַטעגיע געגוג דערפּאָלגרייך אומעטום אין אייראָפּע און טיילוויַיז ציַיטנווייז אפילו אין מדינת ישראל. די באַפעלקערונג ווערט נערוועז פון די דעקלאַראַציעס, גאַסן־מאַניפעסטאַציעס און צוגרייטונגען צו אַ מעגלעכער מלחמה. דאָס לאַנד איז נאָך ניט געקומען צו זיך פון דער לעצטער מלחמה. מען קאָן גוט פאַרשטיין די דעפּרעסיע און די נערוועזיטעט פון דער באַפעלקערונג, וועלכע האָט אויסצושטיין אַ סך עקאָנאָמישע שוועריקייטן.

דאָס הייסט „ערגער פון אַ מלחמה". עס איז ניטאָ קיין מלחמה, אָבער עס זענען דאָ אַלע עלעמענטן פון אַ מלחמה־צושטאַנד. עס איז דאָ כמעט דער שאָק פון אַ באַוואָפנטן צוזאַמענשטויס, כמעט אַ בלוטפאַרגיסן, עס זענען דאָ דערהרגעטע און פאַרוווּנדעטע. כמעט יעדע פאַמיליע טרויערט נאָך אירע קרבנות אין דער לעצטער מלחמה.

עס איז זייער שווער צו אַפּעלירן צו אַזאַ באַפעלקערונג אָפּ־צוהיטן די נאַציאָנאַלע דיסציפּלין, כאָטש דאָס איז אַן אַבסאָלוטער מוז, אויב מען וויל ניט אויסגעליפערט ווערן דעם ברוטאַלן שונא. עס איז אַ טראַגישע לאַגע, אָבער מיר זענען געצוווּנגען צו אַקצעפּ־טירן זי אָן שום רעזערוואַציעס.

עס זענען דאָ ניט ווייניק עקסטרעמיסטן, וועלכע טענהן, אַז אַלץ וואָס איז ביז איצט געשען איז נאָר דער אָנהייב, און אַז מיר דאַרפן זיין גרייט צו גרויסע קאַטאַסטראָפאַלע געשעענישן. דאַרף מען אוודאי זען, אַז דאָס יידישע עפנטלעכע לעבן זאָל ניט ווערן „אַראַביזירט". עס איז ניט אמת, אַז דאָס יידנטום איז טאָ־

טאַל איזאָלירט. אפילו דאָס פראַנצייזישע פאָלק איז אין זיין מער־הייט מיט אונדז, ווי די פראַנצייזישע דעלעגאַציע אין דער אָנ״ו זאָל ניט אויפטרעטן. עס איז אָבער ניט קיין פּראָבלעם פון סימ־פּאַטיעס, עס איז אַ פּראָבלעם פון יידישער ווערדיקער האַלטונג, פון יידישן זעלבסטבאַוווסטזיין.

מען דאַרף זיך ניט נאַרן: דער צושטאַנד פון דעם נאָענטן מזרח איז זייער קריטיש. ס איז כלומרשט ניטאָ קיין מלחמה, אָבער יעדן טאָג פאַלן אויף ביידע זייטן קרבנות. עס איז אַזוי די גערו־פענע „קאַלטע מלחמה״, וואָס איז ערגער פון אַן „אמתער מלחמה״.

די אַראַבישע אונטערוועלט איז פריער פון אַלץ אַ סכנה פאַר די אַראַבישע לענדער וועלכע ווערן דעזאָרגאַניזירט און דע־מאָראַליזירט. סאַודיע־אַראַביע און עגיפּטן זענען כלומרשט גע־נייגט צו גיין צוזאַמען מיט דער אונטערוועלט, אָבער דאָס איז ניט מער ווי אַ פּרווו פון אַ טאָפּלשפּיל. נאָר מיט פאַרהאַנדלונגען, ווי לאַנג זיי זאָלן ניט אָנגיין, איז מעגלעך אויסצואַרבעטן אַ קאָמ־פּראָמיס. יידן זענען נערוועאיש אָבער זיי לאָזן זיך ניט פּראָוואָ־צירן. די אָנ״ו האַלט פאַקטיש אין צוזאַמענברעכן זיך, ניט זי האָט אַ מיליטערישן אינסטרומענט, ניט קיין מאָראַלישע אויטאָריטעט. עס איז גענוג אַז אַ פּאָר גרעסערע לענדער זאָלן זי פאַרלאָזן כדי זי זאָל זיך צוזאַמענפאַלן. דער כאַאָס וועט ווערן גרעסער, אָבער דער מלחמה־צושטאַנד אָן אַ מלחמה וועט פאַרבלייבן.

**דאָס איז אַ צושטאַנד וואָס מיר רופן אָן: ערגער פון אַ מלחמה...**

(„דאָס פרייע וואָרט״, דעצעמבער 1974)

# ישראל־עגיפּטישע קאָאָפּעראַציע

עס איז קלאָר פאַר יעדן, אַז אין דעם קאַמף פאַר עקאָנאָמישער מאַכט, פאַר ענערגיע און נאַפט, האָבן די נאַפט־מאַגנאַטן געוווּנען די גרויסע שלאַכט. אויב די אַראַבישע וועלט וואָלט באַשטאַנען פון איין מאַסע, פון איין כוח, וואָס דיריגירט אַלץ, און ניט פון איין קלאַס, „וואָס האָט אַלץ" און פון אַן אַנדערער קלאַס, „וואָס האָט גאָרניט", וואָלט די סכנה פאַר דער מערב־אייראָפּעאישער ציוויליזאַציע און איר צוקונפט געווען זייער גרויס, רעאַל און גרויס, אומפאַרמיידלעך און גרויס, — איז אָבער די אַראַבישע וועלט איינהייטלעך? באַשטייט די אַראַבישע וועלט נאָר פון די „וואָס האָבן אַלץ" און נייטיקן זיך ניט אין קיין שום פּראָגרעס? הערשט ניט אין דעם גרעסטן טייל פון דער אַראַבישער וועלט אָרעמקייט, געוואַלדיקע אָרעמקייט?

אין דער פּראָבלעם ליגט באַהאַלטן דער ענטפער אויף דער עקסיסטענץ־פראַגע פון מדינת ישראל. מען וועט זיכער געפינען נייע קוואַלן פון ענערגיע און רייכע קוואַלן פון נאַפט אויף דער ערד, אונטער דעם וואַסער. די נייע טעכנאָלאָגיע, די מאָדערנע אויסגראָבונגען וועלן ניט בלייבן מאַכטלאָז הינטער די פאַנטאַס־טישע רייכטימער פון די אַראַבישע שייכן. פון אַלע זייטן קומען אָן ידיעות וועגן נייע קוואַלן פון ענערגיע. מען האָט אויך פריער ניט געקאָנט מיינען, אַז דער אַראַבישער פּיסטאָלעט וועט אויף טויט דערשרעקן די אַמעריקאַנער־אייראָפּעאישע אינדוסטריע און אַז מען וועט אַקצעפּטירן אָן שום רייד אַלע אַראַבישע פאָדערונגען. די גרויסע רעאַקציע קומט.

די עקסיסטענץ פון מדינת ישראל און איר צוקונפט זענען אָפּהענגיק פריער פון אַלץ אין איר פאַרבינדונג מיט די אַראַבישע לענדער, וואָס רינגלען זי אַרום. קיין מלחמה און קיין זיגערישע מלחמה וועט ניט פאַרענטפערן די פּראָבלעם פון קאָעקסיסטענץ און קאָאָפּעראַציע.

עס דאַרפן געפונען ווערן אין דער אַראַבישער וועלט די קלאַסן, די פּאַסיקע סאָציאַלע באַפעלקערונגס־גרופּעס, וואָס זענען מסכים צו באַטראַכטן ערנסט די דאָזיקע פּראָבלעם.

דאָס פּראָבלעם איז אַזוי פיל אַראַביש ווי יידיש, דאָס הייסט, עס האָט די אייגענע שייכות צו די אַראַבישע פאָלקס־מאַסן ווי צו די יידישע. דער אַראַבישער קאַפּיטאַליזם האָט די אייגענע עלע־מענטן פון אויסנוצן און עקספּלואַטירן ווי יעדער קאַפּיטאַליזם און די עמאַנציפּאַציע פון דעם אַראַבישן אַרבעטער מיינט זיין באַ־פרייאונג.

עס איז אפשר געווען אַ גרויסער טעות מצד דער אָרגאַני־זירטער יידישער אַרבעטערשאַפט צו קומען צו שפּעט אין די ניי־טיקע קאָנטאַקטן מיט דעם ס׳רוב פאַרשקלאַפטן אַראַבישן אַרבע־טער. די יידישע אַרבעטער־אַרמיי איז געווען אפשר צו פיל פאַר־נומען מיט אַלגעמיינער פּאָליטיק .

עס מוז ווערן קלאָר פאַר יעדן מענטשן, אַז אָדער עס וועט קומען צו אַ פאַרשטענדיקונג צווישן די צוויי צדדים און צו אַ קאָאָפּעראַציע אָדער עס וועט הערשן דער היינטיקער כאַאָס מיט זיינע אומפאַרמיידלעכע קאַטאַסטראָפאַלע קאָנסעקווענצן. קיין מל־חמה וועט ניט פאַרענדיקן דעם קאָנפליקט, איין מלחמה וועט אַרויס־רופן אַ נייע מלחמה, אפילו אויב ביידע צדדים וועלן באַשטיין אויף אַ „נצחון״ פון זייערע אַרמייען. די לאַגע אינעם נאָענטן אָריענט איז ניט סטאַביל, זי איז עקספּלאָסיוו און קיינער ווייסט ניט ווען און ווו דער אויפרייס וועט קומען.

דער גרויסער פעלער, וואָס דער גיגאַנטישער אַראַבישער קאַ־פּיטאַליזם איז באַגאַנגען, איז געווען דער פּרוּוו צו באַנוצן דאָס געלט פאַר פּאָליטישע צוועקן. אַמעריקע האָט אָפּגערייניקט דעם

פּאַרלאָזענעם סועץ־קאַנאַל, כדי צו געבן עגיפּטן אַ קאָנקרעטן באַ־ווייז פון „גודוויל״. עס איז אַ פּרווו, וואָס האָט געקאָסט אַ סך מי־ליאָנען. עגיפּטן דערוואַרט וויכטיקע רעזולטאַטן פון דעם אַמע־ריקאַנער בייטראָג. דער אַראַבישער קאַפּיטאַליזם שטעקט נאָך אין מיטלעלטער און חוץ געלט־פּראָפיטן וועט ער גאָרניט ברענגען זיינע באַלעבאַטים.

אויף דעם אַמעריקאַנער „גודוויל״ דאַרף קומען אַן עגיפּטי־שער ענטפער פון גוטן ווילן, אַ קאָנקרעטער ענטפער, פּראַקטישע מעשים. דאָס וואָלט אַריינגעבראַכט אַ סך קלאָרקייט און פּאָליטישע רו אויפן נאָענטן אָריענט. עגיפּטן קאָן ניט שפּילן אויף איין מאָל ביידע קאָרטן — מאָסקווע און וואַשינגטאָן, ענטוועדער אָדער...

עגיפּטן איז דאָס גרויסע לאַנד אין נאָענטן אָריענט, וואָס דער־וואַרט אינדוסטריאַליזאַציע און וועט עס זיכער באַקומען. עגיפּטן איז דאָס גרויסע אַראַבישע לאַנד, וואָס מיט איר וואָלט מדינת ישראל געקאָנט הצלחהדיק קאָאָפּערירן. עגיפּטן איז אויך גוט באַ־קאַנט מיט דעם יידישן פּאָטענציאַל, מיט די מעגלעכקייטן פון דער יידישער קאָאָפּעראַציע.

אונדז דוכט, אַז אַזאַ מין פאַרבינדונג און צוזאַמענאַרבעט איז דער איינציקער אויסוועג פון דער פּערמאַנענטער שפּאַנונג, וואָס הערשט אין יענעם טייל פון דער וועלט.

(„פרייטע אַרבעטער שטימע״, דעצעמבער 1974)

# איסלאַם און סאָוויעטישע אינטריגעס

קיין שום אינטערנאַציאָנאַלע פאַרהאַנדלונגען מיט דער באַ־טייליקונג פון די סופּער־גרויסמאַכטן, ניט די דעבאַטן אין דער אָנ״ו און ניט די בישאָפן־קאָנפערענץ אין רוים, אָנגעפירט פון דעם פּויפּסט אַליין, האָבן ניט באַקומען אַזאַ פּובליסיטי ווי די אַראַ־בישע קאָנפערענץ אין ראַבאַט, די הויפּטשטאָט פון מאַראָקאָ. מען וואָלט געקאָנט מיינען, אַז דער שלום אין דער גאַנצער וועלט איז אָפּהענגיק פון דעם, צי כוסיין, דער קעניג פון יאַרדאַניע, וועט זיך לאָזן איבערבעטן מיט יאַסער אַראַפאַט, דעם פירער פון די אַראַבישע טעראָריסטן.

אין אַנדערע אַרטיקלען האָבן מיר שוין מערערע מאָל באַ־מערקט, אַז די אַראַבישע מאַכט־העגעמאָנישע וועלט באַשטייט ניט נאָר אין נאַפט־מאַגנאַטן און טעראָריסטן, און עס איז די אַבסאָלוטע פליכט פון די פּאַרטייען אין מדינת ישראל צו קאָנטאַקטירן פאַר־שיידענע אַנדערע קרייזן און גרופּעס.

אַז די קאָנפערענץ אין ראַבאַט צווישן די נאַפט־מאַגנאַטן, די פּרעזידענטן, די קעניגלעכע מאַיעסטעטן און די טעראָריסטן האָט זיך ניט אָפּגעשפּילט ווי זייער אַ פריילעכע חתונה, קאָן מען זען פון דעם, וואָס מען האָט אַרויסגעוואָרפן אָן שום צערעמאָניעס די מאַסע פרעמדע זשורנאַליסטן, וואָס זענען אָנגעקומען קיין ראַבאַט פון אויסלאַנד, דערוואַרטנדיק ספּעקטאַקולאַרע וועלט־געשעענישן, די פרעמדע געסט זאָלן ניט דערציילן, וואָס זיי האָבן געזען מיט אייגענע אויגן. אָבער דאָס, וואָס האָט געזאָלט געשען אויף דער

קאָנפערענץ, איז זיכער געשען און מען וועט עס באַלד באַקומען צו וויסן. די אַראַבער אַליין זענען ניט געווען אין אַזאַ איילעניש ווי די אָנ״ו אין ניו־יאָרק, מיטן איינלאַדן אַראַפאַטן צו קומען און צו רעדן אויף דעם אינטערנאַציאָנאַלן פּאָדיום. נאָר די אַמעריקאַנער דיפּלאָמאַטיע האָט זיך אָפּגעזאָגט צו האָבן עפּעס צו טאָן מיט דעם ענין.

עס איז אויך קלוג מצד דער רעגירונג אין ישראל, ווען זי מאַכט קלאָר איר שטאַנדפּונקט, אַז מיט אַ נייער מלחמה וועט מען די פּראָבלעם ניט לייזן און אַז דאָס אויפטרעטן פון אַראַפאַטן דאַרף ניט אַרויסרופן קיין איבערשפּאַנונג פון די נערוון.

דער האַשעמיטן־קעניג כוסיין פון יאַרדאַניע איז אַ גאַנץ דער־פאַרענער דיפּלאָמאַט און קען זייער גוט די היינטיקע אַראַבישע וועלט, די אַראַבישע פירערשאַפט און די פּאַלעסטינער טעראָריסטן. ער לאָזט זיך באַוּוירקן, ער פאַרהאַנדלט, אָבער ער זעצט דורך זיין ווילן און פירט דורך זיינע פּלענער. די גרינדונג פון אַ פּאַלעס־טינער מלוכה איז זיכער אַ גרויסע געפאַר אי פאַר יאַרדאַניע, אי פאַר מדינת ישראל. ביידע לענדער פירן זייער אַ שווערן קאַמף פאַר זייער עקסיסטענץ און ביידע זענען אָפּהענגיק פון דער פּאָ־ליטיק און פון דער גרויסער הילף פון די פאַראייניקטע שטאַטן. דאָס טרעפן זיך פון פּרעזידענט פאָרד און לעאָניד ברעזשניעוו האָט ניט אַרויסגערופן אַזאַ גרויסע פּובליסיטי ווי די אַראַבישע קאָנפערענץ אין ראַבאַט, אָבער זייער טרעפן זיך אין וולאַדיוואָס־טאָק, אין ווייטן מזרח פון אַזיע, איז זיכער געווען זייער וויכטיק אויך פאַר די געשעענישן אין נאָענטן מזרח...

גרויסע פּאָליטיק ווערט ניט געמאַכט אין דעם אינטריגע־טומל פון די גרויסע קאָנפערענצן. דערפאַר איז ברעזשניעוו שטי־לערהייט באַשטאַנען אויף דעם טרעפן זיך וואָס גיכער מיט דעם אַמעריקאַנער פּרעזידענט און זיך איבערצייגן אויב די „אָפּשפּאַנונג״, וואָס דער געוועזענער פּרעזידענט ניקסאָן און קיסינגער האָבן אָנגעהויבן מיט אַ פאַר יאָר צוריק וועט אָנגיין ווייטער.

דער באַזוך פון קיסינגערן אין אינדיע איז אויך פון גרויסער

וויכטיקייט, ניט וויניקער וויכטיק ווי זיינע לעצטע באַזוכן אין אַלזשיר און מאַראָקאָ. די אַמעריקאַנער אויסערן־פּאָליטיק איז זייער שטאַרק אַקטיוויזירט, ניט קוקנדיק אויף דער שאַרפער קריטיק פון די פלענער פון פּרעזידענט פאָרד און ד״ר קיסינגער. דער מאַרש פון איסלאַם און דאָס אויפטרעטן פון אַראַפאַטן אָדער פון זיין פאַרטרעטער אין אָנ״ו קאָנען ניט אָפּשטעלן דעם גאַנג פון די וועלט־געשעענישן.

מיר וואָלטן שטאַרק געזינדיקט, אויב מיר וואָלטן זיך גע־לאָזט איינרעדן, אַז דער פייערלעכער אויפנעם פון אַראַפאַטן אין ניו־יאָרק, אין דער אָנ״ו, איז אַן אַנטיסעמיטישער עפּיזאָד, וואָס מען דאַרף וואָס גיכער פאַרגעסן. גראָד אין די אייגענע טעג, ווען מען האָט געקריינט אַראַפאַטן אין ניו־יאָרק, האָט זיך אָפּגעשפּילט אַ גרויסער און חוצפּהדיקער סקאַנדאַל אין פּאַריז, אין אַן אָפּטייל פון דער אָנ״ו, אין דער אַזוי גערופענער „אונעסקאָ״: מען האָט אויסגעשלאָסן מדינת ישראל פון דער קולטור־אָרגאַניזאַציע צוליב די יידישע אַרכעאָלאָגישע אויסגראָבונגען אין ירושלים. דער סקאַנ־דאַל האָט תיכף אַרויסגערופן שטורמישע פּראָטעסטן מצד צענדליג־גער וויסנשאַפטסלייט און שרייבערס, ס׳רוב ניט־יידן, וואָס האָבן דערקלערט, אַז זיי ווילן ניט מער האָבן צו טאָן מיט דער אָרגאַ־ניזאַציע.

די וואָס האָבן פּראָוואָצירט דעם פּאַריזער סקאַנדאַל האָבן מס־תמא ניט גערעכנט אויף דער מעגלעכקייט פון אַזאַ ענטפער, אַזוי געמיין און אומגעלומפּערט איז געווען דער אָפענער כוליגאַניזם. אַז די אַראַבער וועלן איצט אויסנוצן זייערע פּאָליטישע דערפאָלגן, איז גאַנץ קלאָר כאָטש די מחלוקתן צווישן די טעראָריסטישע גרו־פּעס פאַרשווערן עס. איצט האָבן זיי באַקומען די ברכה פון די וויכ־טיקסטע טעראָריסטן, פון קרעמל, און מיר זענען זיכער, אַז מען מעג דערוואַרטן ספּעקטאַקולערע געשעענישן. עס איז נאָך ווייט פון אַ פולשטענדיקן אַראַבישן נצחון, אָבער די אַראַבער זענען קאָנ־סעקווענט אין זייערע טעאָריעס און אין זייער פּראַקטיק. וואָס טוען

אָבער די מערב־אייראָפּעאישע לענדער קעגן דער עפעקטיווער אַנטי־יידישער מאָרד־קאַמפּאַניע?

מיר דאַרפן זיך ניט נאַרן. עס ווערט גאָרניט געטאָן. די נייע פראַנצייזישע רעגירונג טוט דאָס אייגענע, וואָס די אַלטע רעגירונ־גען — פון פּאָמפּידו׳ן און דע גאָל׳ן — האָבן געטאָן. זיי באַדינען די אַראַבישע לענדער מיט וואָפן.

די מאָרד־קאַמפּאַניע קעגן ישראל איז אין דער אמתן אַ קאַמ־פּאַניע קעגן דעם גאַנצן יידנטום.

קיין צו גרויסע האָפענונגען אויף דער אָנ״ו האָט מען קיין מאָל ניט געהאַט, אָבער פון דעסטוועגן האָט זי געהערט צו אַ געוויסן מין פּראָגרעסיווע חלומות. מען האָט קולטיווירט דעם חלום פון „קומענדיקע צייטן״ און נייע, יונגע דורות. מען קאָן ניט לעבן אָן אַזעלכע האָפענונגען און זיך־נאַרעריי. עס איז אָבער געשען מיט דער אָנ״ו דאָס, וואָס איז געשען מיט הונדערט יאָר געשיכטע פון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. פון די צייטן פון דעם דעקאַבריסטן־אויפשטאַנד ביז דער ערשטער דומע און פון דעמאָלט ביז דער מפּלה אין דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט מען זיך גע־טרייסט מיט די „קומענדיקע צייטן״, און מען איז דורכגעפאַלן.

די קאָנפערענץ פון וולאַדיוואָסטאָק האָט ניט אַרויסגערופן קיין גרויסן אינטערעס ניט אין וואַשינגטאָן און ניט אין פּעקין. די באַ־מיאונגען פון פּרעזידענט פאָרד און ד״ר קיסינגער אַריינצוברענגען ליכט אין די פינצטערע רוסיש־אַראַבישע פּלענער באַרואיקן קיי־נעם ניט. מען קריטיקירט זייער אַמעריקאַנער אָפּטימיזם זייער פאָר־זיכטיק, אָבער דער פאַקט בלייבט, אַז פאָרשלאָגן וועגן אַנטוואָפענונג ווערן אָנגענומען ווי אַ קאָלאָסאַלע באַוואָפענונג. סאָוויעט־רוסלאַנד, וואָס איז דער אמתער „סטימולוס רעקטאָר״ פון אַ גראַנדיעזער באַ־וואָפענונג, שרעקט די עפנטלעכע מיינונג. מען שטעלט זיך פאָר, אַז מען גרייט זיך צו אַ קאַמף, וואָס איז נאָך אַזוינס פריער קיין מאָל ניט געווען, מען וויל אָפּשטופּן, ניט פאַרניכטן, די גרויסע געפאַר.

רוסלאַנד האָט זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט „אָפּצורוקן" איר רי־זיקע אַרמיי פון דער כינעזישער גרענעץ גראָד דעמאָלט, ווען כינע האָט דערקלערט, צו אַלעמענס דערשטוינונג, אַז זי איז גרייט צו פאַרהאַנדלען מיט רוסלאַנד וועגן אַ פאַרשטענדיקונג. דערמיט האָט סאָוויעט־רוסלאַנד געגעבן צו וויסן, אַז דער מלחמה־צושטאַנד אויף דער גרענעץ פאַרבלייבט ווי געוועזן די גאַנצע צייט. דאָס האָט, נאַטירלעך, אַ דירעקטע שייכות צו די ישראל־אַראַבישע באַציאונגען. סאָוויעט־רוסלאַנד הערט ניט אויף צו שפּילן די ראָלע פון דעם גרויסן פּאַטראָן פון די אַראַבישע מלוכות.

דאָס וואָס ס'איז געשען איז פאַרגעסן און מאָסקווע, די פּירנ־דיקע באָלשעוויסטישע מלוכה, שפּרייט אויס איר פּאַטראָנאַזש ניט נאָר אויף עגיפּטן, סיריע און איראַק, נאָר אויך אויף קאַדאַפי ן און אַראַפאַט'ן. די אַמעריקאַנער וואָרענונגען און די ווייט־גייענדיקע עקאָנאָמישע און מיליטערישע הילף פאַר ישראל האָבן אַ ווירקונג, אָבער נאָר אַזוי ווייט, ווי עס האַנדלט זיך וועגן הילף פאַר רוסלאַנד גופא. עס לוינט פאַר רוסלאַנד אָנצוגיין מיט סאָציאַליסטישע חלומות, אָבער די רעאַליטעטן בלייבן די אַלטע. אַ האַלב הונדערט יאָר קאָמוניזם האָט רוסלאַנד נאָך אַלץ דערגרייכט די מדרגה פון סטאַליניזם, ניט אַ שריט ווייטער.

עס איז די אַלטע געשיכטע מיט „דעפענסיווע" און „אָפענסיווע" וואָפן. אונטער דעם דאָזיקן שווינדל פירט מען דורך אַן אַנטוויקלונג, וואָס וועט קאָסטן מיליאַרדן. איידער די קאָנפערענץ פון וולאַדיוואָסטאָק האָט זיך געענדיקט, האָבן זיך שוין אָנגעהויבן די קלאַנגען וועגן רוסישע אינטריגעס. ברעזשניעוו האָט געפונען פאַר נייטיק צו פאָרן קיין מאָנגאָליע, כדי פון דאַנען לאָזן צו וויסן אַזיע, אַז מען זאָל ניט מאַכן קיין טעות און מיינען, אַז דער שלום איז שוין דאָ און מען מעג רואיק שלאָפן.

דער מאַרש פון איסלאַם מיט דער שותפות פון סאָוויעט־רוס־לאַנד און אירע אימפּעריאַליסטישע מעשים, זענען איצט די גרעסטע סכנות פאַרן וועלט־שלום.

(„פרייע אַרבעטער שטימע", יאַנואַר 1975)

# אַראַביזם און פּאַן־סלאַוויזם

אונדזער דור איז באַשערט געוועז צו זיין אַן עדות — אַן עדות און אַ קרבן! — פון ווילדע, רעאַקציאָנערע באַוועגונגען, ווי דער דייטשער נאַציזם און דער איטאַליענישער פאַשיזם. מיר האָבן דער־לעבט צו זען זייער ירידה און זייער וויסטע מפלה. מיר זענען כמעט זיכער געווען, אַז די לופט איז געוואָרן ריין און פריי פון די מיאַזמען.

די געשיכטע האָט עס אַנדערש פּלאַנירט און מיר שטייען היינט אויף אַ געפערלעכן קרייצוועג. אַלץ קאָן פּאַסירן מאָרגן, אַלץ קאָן געשען.

דער אַראַבישער אַנטיסעמיטיזם טרעט אויף ווי אַ בלוטיקער פיינד פון אַלץ וואָס איז יידיש, אָבער דאָס איז אַ קאַפּיטאַליסטישער מאַסקאַראַד. יידן זענען אַ גוטער פּרעטעקסט פאַר אַ רויבעריי מיט דער הילף פון נאַפט.

ניט נאָר האָבן מיר דערלעבט אַ מין נעאָ־נאַציזם און נעאָ־פאַ־שיזם, נאָר אַן אמתע מלחמה קעגן יידנטום, באַנוצנדיק דאָס בויען פון מדינת ישראל ווי אַ זיכערן און שטענדיקן תירוץ. אפילו אָפּ־היטנדיק זיך פון אַ פּאַניק־אַרטיקער קעגן־פּראָפּאַגאַנדע מוז מען זאָגן, אַז אַראַביזם, געשיצט און געשטיצט פון רוסישן פּאַן־סלאַוויזם, נוסח לענין און סטאַלין, איז געוואָרן אַ קאָנקרעטע סכנה פאַרן גאַנצן וועלט־יידנטום.

אַ שטיק פינצטערער מיטלעלטער רוקט זיך אָן אויף אונדז. דער אַזוי גערופענער „ענערגיע־קריזיס" איז אַן עקאָנאָמישע קאַ־

טאַסטראָפע, וואָס האָט גאַרניט צו טאָן מיט יידישע אינטערעסן און איז דאָך מאָטיווירט הויפּטזאַכלעך מיט יידישער עקספּאַנסיע.

דאָס וועלט־יידנטום איז היינט ניט דאָס אייגענע וואָס ס׳איז געוועזן מיט הונדערטער יאָרן צוריק. די אַראַבישע רעאַקציע, וואָס האָט אַרויסגערופן דעם קריזיס, וועט אויטאָמאַטיש פּראָוואָצירן דעם ענטפער. יידישע אינטערעסן זענען דאָ נאָר אַ ניט וויכטיקער עלע־מענט, אָבער מיר דאַרפן קלאָר זען די לאַגע, ווי זי איז אין דערווירקלעכקייט, ניט אונטערשאַצן זי, ניט שפּילן דעם שונא אין די הענט.

דער איסלאַם האָט אַ גוטן שותף, דעם רוסישן פּאַן־סלאַוויזם, דעם אַלטן שונא פון איסלאַם. עגיפּטן און סיריע וועלן צוזאַמען פירן אַ קאַמף פאַר באַהערשן די מערב־אייראָפּעאישע ציוויליזאַציע. ביי זיי הייסט עס „אינדוסטריאַליזאַציע" און דער ערשטער און בעס־טער קרבן דאַרף זיין דאָס יידנטום. מיר צווייפלען אין דעם דער־פאָלג פון דער קאַמפּאַניע. מיר גלייבן ניט אין רוסלאַנדס דערפאָלגן אין אַזיע אין דעם קאַמף קעגן כינע און יאַפּאַן, און מיר גלייבן ניט אין רוסלאַנדס דורכברוך אין אייראָפּע, און ספּעציעל ביים מיטלענ־דישן ים.

אַ פילם האָט פלוצלינג באַוויזן בילדער פון דער שלאַכט ביי צוסימאַ אין 1904, ווען דער רוסישער פלאָט פון די אַדמיראַלן ראזש־דעסטווענסקי און נעבאָגאַטאָוו איז פאַרניכטעט געוואָרן פון דעם יאַ־פּאַנישן אַדמיראַל טאָגאָ. פון דער שרעקלעכער לעקציע האָט סיי אַלט־רוסלאַנד און סיי איר נייער רעזשים גאָרניט געלערנט. אַלץ איז געבליבן ווי ס׳איז פריער געוועזן („טאַק בילאָ — טאַק בודעט").

איצט האָט זיך ווידער צעפלאַקערט די דעבאַטע אַרום די רעכט פון רוסישע יידן צו עמיגרירן. יידן ווילן ניט זיין קיין בירגערס פון צווייטן קלאַס און אַ סך יידן — ניט אַלע — ווילן עמיגרירן. עס איז אַן אַלטער קאַמף פאַר פרייהייט. עס פלעגן אויסוואַנדערן ביז הונדערט און פופציק טויזנט יידן אַ יאָר — קעגן דעם ווילן פון דעם אַלטן רעזשים. אויף דער גרענעץ איז צענדלינגער יאָרן אָנ־געגאַנגען אַ מלחמה. יידן האָבן „געגנבעט" די גרענעץ.

מען האָט שוין הונדערטער מאָל דערציילט די געשיכטע. מי־ליאָנען געוועזענע רוסישע יידן זענען היינט פול־באַרעכטיקטע ביר־גערס פון די פּאַראייניקטע שטאַטן און אַנדערע לענדער. יידן פירן ניט קיין מלחמה קעגן רוסלאַנד, יידן פירן אַ קאַמף פאַר זייערע בירגערלעכע רעכט און יידן וועלן דעם קאַמף קיין מאָל ניט אויפ־געבן, מיט קיסינגער און סענאַטאָר דזשעקסאָן אָדער אָן זיי. אַלע מאַניפּולאַציעס מצד דעם קרעמל וועלן ניט העלפן. אונדזער וואַנ־דערונג איז געבויט אויף פרייער וואַנדערונג און מאָסקווע וועט ניט ענדערן דעם גאַנג פון דער יידישער געשיכטע. עגיפּטן איז קעגן יידישער אויסוואַנדערונג פון רוסלאַנד קיין ישראל. אַמעריקע איז פאַר אַ פרייער אויסוואַנדערונג, אָבער באַשטימען וועלן די יידן אַליין. איוואַן איוואַנאָוויטש האָט עס קיין מאָל ניט געוואָלט פאַר־שטיין.

רוסלאַנד באַהערשט היינט פּוילן און טשעכאָסלאָוואַקיע. עס איז אַ מין פּאַן־סלאַווישע קאָנספּיראַציע. עס איז נאָר אַ פראַגע ווי לאַנג וועט דער בונד דויערן.

ביידע שותפים באַשטייען פון בלאָקן, גרעסערע און קלענערע מלוכות, אָפּט מיט קעגנדיקע אינטערעסן און נאָר די געמיינשאַפט־לעכע פיינדשאַפט צו יידן פאַראייניקט זיי און אינספּירירט זיי. נאַ־טירלעך, די פירערשאַפט פון דער אַנטיסעמיטישער פּאָגראָם־פּאָלי־טיק געהערט דער סאָוויעטישער גרויסמאַכט. דאָס איז די הייליקע טראַדיציע פון אַמאָל און די טראַדיציע ווערט אָפּגעהיט.

אַנטיסעמיטיזם האָט זיין אייגענע פילאָסאָפיע, אָבער איצט איז ניט די צייט צו פאַרטיפן זיך אין איר. אפילו דער פּראָפעסאָר פון האַרוואַרד־אוניווערסיטעט וויל אַרויס גאַנץ פון דעם געפערלעכן פלאָנטער. ער איז אַ קלוגער ייד און האָט זיכער אַ סך אָפּגעלערנט פון די ווייסע און טונקל־הויטיקע פריינד, ניט קוקנדיק אויף זייערע קונצן און שבחים. מיר דערנענטערן זיך אַלץ מער און מער צו דעם קלימאַקס פון דער פריינדשאַפט. אָט אָט וועט דער פלאָנטער פּלאַצן. מיר דאַרפן זיין גרייט צו אַ סך פיינלעכע געשעענישן...

(„פרייע אַרבעטער שטימע", פעברואַר 1975)

# דריי קעגן איינעם

מען קאָן קוים צווייפלען אין דעם, אַז דער בונד פון די דריי גרויסמאַכטן אין נאָענטן מזרח, איראַן, עגיפּטן און סאַוד־אַראַביע, איז אין שטאַנד צו נישט צו מאַכן אין אַ גרויסער מאָס דעם איינפלוס פון סאָוויעט־רוסלאַנד אין דעם טייל פון דער וועלט. יאָ, קיסינגער איז ניט קיין כישוף־מאַכער, אָבער ער האָט געהאַנדלט ערלעך און אָפן. די מאָסקווער פּאָליטיקער וואָס האָבן צעריסן דעם לעצטן אַמע־ריקאַנער־רוסישן האַנדלס־אָפּמאַך פון 1972 ווען חרטה האָבן. דער צאָרן האָט זיי פאַרפירט...

„אַלץ צוליב די יידן" האָבן מסתמא ניט ווייניק רוסישע מענטשן געזאָגט אין מאָסקווע. און דאָס איז ריכטיק.

ווי אַזוי איז צו שטאַנד געקומען דער בונד פון די דריי? — פרעגט מען זיך. לויט דער פרעסע קומט אויס, אַז דער שאַך פון איראַן איז דאָס דער, וואָס האָט אַריינגעבלאָזן אַ נייע נשמה אין דעם איסלאַם. אין דער אמתן איז פרעזידענט סאַדאַט דער „ספּיריטוס רעקטאר" פון דער גאַנצער קאַמפּאַניע: ער האָט אַרויסגעוואָרפן די פופצן טויזנט רוסישע „טעכניקערס" און ער האָט זיך אָפּגעזאָגט ווידער נעמען זיי צוריק.

די צאָל פון די רוסישע עקספּערטן איז פאַנטאַסטיש גרויס, עס איז אַ גאַנצע אַרמיי. עס האָט געהאַלטן ביי פאַרוואַנדלען עגיפּטן אין אַ צווייטער טשעכאָסלאָוואַקיע. די עגיפּטישע אַרמיי האָט אָנגע־הויבן זיך רעוואָלטירן. עס זענען פאָרגעקומען זייער ערנסטע קאָנ־

פליקטן צווישן די עגיפּטישע אָפּיצירן און רוסישע, וועלכע האָבן זיך אויפגעפירט ווי ביי זיך אין דער היים. ברעזשניעוו און זיינע קעגנער, די רוסישע קעגנער, האָבן פאַרשטאַנען, אַז עגיפּטן איז ניט קיין צווייטע טשעכאָסלאָוואַקיע. פון דעם האָט מען געקאָנט באַקומען אַ האַרץ־אַטאַק...

עגיפּטן, צוזאַמען מיט סאַוד־אַראַביע און מיט איראַן, וואָס איז ניט קיין אַראַביש לאַנד, אָבער איז אַ וויכטיקער טייל פון איסלאַם, איז אַ נייער כוח. יעדע פון די דריי לענדער האָט אַ פּראָגראַם פון נייע אַקטיוויטעטן און צוזאַמען איז דער בלאָק אין שטאַנד אויף לאַנגע צייטן אַ סוף צו מאַכן צו די רוסישע עקספּאַנסיעס אין נאָענטן מזרח. סיי עגיפּטן און סיי איראַן האָבן אַלטע חשבונות מיט סאָוויעט־רוסלאַנד.

די קאָרעספּאָנדענטן וואָס שילדערן דעם באַזוך פון דעם פּער־סישן שאַך אין עגיפּטן באַוואונדערן זיין רו און געלאַסנקייט. אָן שום בום פון פּובליסיטי האָט ער אָפּגעטאָן אַ גרויסע, וויכטיקע אַקציע. עס איז ניט פּשוט דיפּלאָמאַטיע, עס איז אַ ריזיקע פּאָליטישע און עקאָנאָמישע אַקציע וואָס מען קאָן היינט קוים פאָראויסזען.

פּלוצלינג האָט די אייראָפּעאישע פּרעסע אַנטדעקט די פּערסישע אימפּעריע און איר אַמביציעזן הערשער מיט זיינע מאָדערניסטישע אידעען. עס האָבן זיך אַ שאָט געטאָן אַרטיקלען. איראַן האָט ניט קיין קליינע פאַרגאַנגענהייט און ס׳איז דאָ וואָס צו דערציילן. דער שאַך מאַכט עס אויף זיין אייגענעם אופן און מען לייענט עס מיט גרויס אינטערעס.

עס איז ווערט צו דערמאָנען דאָ, אַז אין טעהעראַן, די הויפּט־שטאָט פון איראַן, געפינט זיך זינט אַ סך יאָרן אַ גרויסע „אָרט״־שולע, ריכטיקער געזאָגט, עטלעכע „אָרט״־שולעס פאַר בחורים און פאַר מיידלעך. די רעגירונג פון לאַנד ווייזט אַרויס אַ גרויסן אינטע־רעס און סימפּאַטיע פאַר דער יידישער פאַך־שולע. בשעת דער „אָרט״ האָט געמוזט שליסן זיינע שולעס אין אַלזשיר און טוניס אַנטוויקלט זיך אַלץ מער די „אָרט״־אַרבעט אין איראַן. דאָס לאַנד האָט אַ גרויסן

מאַנגל אין טעכניש־אויסגעבילדעטע מענטשן און פאַוואָריזירט יעדן פאַרזוך צו אָרגאַניזירן פאַך־אויסבילדונג.

די פּרעסע האָט, ווי געזאָגט, פּלוצלינג אַנטדעקט איראַן, אָבער דאָס זענען אַלטע פּראָבלעמען. דער שאַך האָט גרויסע פּלענער, וואָס וועלן אפשר איצט אָנהייבן רעאַליזירט ווערן.

די פאַראייניקונג פון „די דריי" איז געשען גראדע אין דער צייט ווען עס זענען ווידער איבערגעריסן געוואָרן די פאַרהאַנדלונגען צווישן מאָסקווע און וואַשינגטאָן. דאָס איז באמת אַ מין שפּיל פון דער נאַטור. בלייבט סאָוויעט־רוסלאַנד פולשטענדיק איזאָלירט. צו די צוויי געשעענישן פון וועלט־פּאָליטישער באַדייטונג, קומט איצט צו די דראָענדע דערקלערונג פון פּרעזידענט פאָרד און ד"ר קיסינ־גער אַדרעסירט צו די נאַפט־פּראָדוצירנדע אַראַבישע לענדער. מיר זאָגן „דערקלערונגען", אָבער עס האַנדלט זיך וועגן דער מעגלעכ־קייט פון אַ מלחמה, וואָס זיי רופן אָן „מיליטערישע אינטערווענץ". עס פאַרכאַפּט דעם אָטעם לייענענדיק די דעקלאַראַציעס.

עס איז שווער צו אָריענטירן זיך אין די געשעענישן ווען מען באַקומט גלייכצייטיק צו וויסן, אַז סאַוד־אַראַביע האָט אונטערגע־שריבן אַן אָפּמאַך מיט די פאַראייניקטע שטאַטן וועגן דער באַשטע־לונג אין אַמעריקע פון עראָפּלאַנען אויף זיבן הונדערט און פופציק מיליאָן דאָלאַר. מען מאַכט דאָך ניט אַזאַ געשעפט — מיליטערישע סופּער־מאַשינען! — מיט אַ לאַנד מיט וועלכן מען וויל האָבן מאָרגן אַ גרויסע מלחמה און צעשטערן די ריזיקע נאַפט־אינסטאַלאַציעס. די אַמעריקאַנער עפנטלעכע מיינונג האָט געצווונגען די רעגירונג פאַר־ענדיקן די מלחמה אין וויעטנאַם און דער קאָנגרעס וועט זיכער ניט דערלאָזן אַ נייע קריגס־אַוואַנטורע וואָס קאָן פירן צו אַ וועלט־מלחמה.

קיינער וויל ניט קיין מלחמה און אַלע רעדן נאָר וועגן מלחמה. די אַראַבער שווייגן און פאַרשווייגן דאָס וואָס גייט זיי אָן פריער פון אַלץ. מען מעג מיט זיכערקייט זאָגן, אַז פון די אַלע אַראַבישע מאַגנאַטן איז דער מושל פון סאַודיע דער קליגסטער רעאַל־פּאָלי־טיקער וואָס וויל ניט קיין מלחמה.

די אַלע געשעענישן האָבן אַ צו גרויסן שייכות צו מדינת ישראל און איר עקסיסטענץ. דאָס אַמעריקאַנער יידנטום גיט זיך אָפּ אַ דין וחשבון וועגן דער פּאָליטישער לאַגע אין נאָענטן מזרח. אַלץ איז איצט אָפּהענגיק פון דעם אַז אַ שטרענגע זעלבסטדיסציפּלין זאָל הערשן אינעם לאַנד. עס איז די צייט פון גרויסן קריזיס זינט די מדינה איז געגרינדעט געוואָרן.

(„לעצטע נייעס״, דעם 11־טן פעברואַר 1975)

# דאָס רוסישע ווונדער

די גרויסע רוסישע רעוואָלוציע פון 1917/1918 איז דורכגע־פירט געוואָרן פון אַ קלײנער מינדערהייט, אָבער פון אַן אויסערגע־ווײנטלעכער גרופּע פון אינטעליגענטע, געבילדעטע מענטשן, ווי לענין, טראָצקי, ליטווינאָוו — די לעצטע צוויי, יידן — און נאָך אַ צענדלינג מאַרקסיסטן, רעוואָלוציאָנערן. זיי האָט זיך אײנגעגעבן צו ווערן די מאַכטהאָבער אין דעם ריזיקן לאַנד און אײנהאַלטן די מאַכט ביז צום היינטיקן טאָג, ניט קוקנדיק אויף אַ גרויסער אָפּאָ־זיציע.

גראדע איז אין אַ היינטיקן יאָרהונדערט געשען די פולשטענ־דיקע פאַרענדערונג פון גאַנץ אייראָפּע און אַזיע. אַלטע מלוכות זענען זיך צעפאַלן, נייע מלוכות זענען געגרינדעט געוואָרן נאָך יאָרן פון שווערע קאַמפן.

עס לוינט זיך געגוי צו באַטראַכטן די פונדאַמענטאַלע פאַרענ־דערונגען. זיי זענען וויכטיק ניט נאָר פאַר דעם אַלגעמיינעם בילד, נאָר פאַר יידישע אינטערעסן.

גרויס־בריטאַניע האָט אויפגעהערט צו זיין די מעכטיקסטע אימ־פּעריע אין דער וועלט: ניט נאָר האָט זי פאַרלוירן אינדיע און עגיפּטן, נאָר אויך קאַנאַדע, אויסטראַליע און ניי־זעעלאַנד, דרום־אַפריקע און אַ צענדלינג קלענערע קאָלאָניעס זענען געוואָרן מיט־גלידער פון אַן ענגלישער „געמיינשאַפט פון פעלקער", די אַזוי גע־רופענע „קאָמענוועלט אָוו ניישאַנס". עס איז אַן אַנדערער סטאַטוס און עס איז מער ניט קיין מעכטיקע אימפּעריע.

דייטשלאַנד, אַ גרויסמאַכט נאָך דער פראַנקאָ־פרייסישער מלחמה פון 1870, האָט נאָך די צוויי וועלט־מלחמות, פון 1914 און 1939, פאַרלוירן פרייסן און מזרח־דייטשלאַנד און געוואָרן אַ רעפובליק.

עסטרייך־אונגאַרן איז פון אַ דאָפּל־מאָנאַרכיע צעבראָקלט גע־וואָרן אויף אַ זעלבשטענדיקע אונגאַרן און אַ קליינע עסטרייכישע רעפובליק.

אַ נייע מלוכה, די רעפובליק פון טשעכאָסלאָוואַקיע, איז אַנט־שטאַנען מיט פּראַג אַלס הויפּטשטאָט.

דאָס אַלטע סערביע איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ יוגאָסלאַ־ווישער רעפובליק.

חוץ אַנדערע פאַרענדערונגען אויף די טעריטאָריעס מוז מען באַטראַכטן די צעפאַלעניש פון דער אָטאָמאַנישער אימפּעריע: ס'איז געבליבן אַ קליינע טערקיי מיט אַנקאַראַ אַלס הויפּטשטאָט און אַ צאָל זעלבשטענדיקע אַראַבישע לענדער.

עס איז אַנטשטאַנען אַ יידישע מלוכה מיט ירושלים און תל־אביב אַלס הויפּצענטערס, אַ קליינע מלוכה מיט אַ געוואַלדיקער דינאַמיק, מיט אַ ירושה פון אַ טויזנט־יאָריקער קולטור.

מדינת ישראל איז אַ קליינע מלוכה מיט גרויסע אוניווערסי־טעטן און טויזנטער סטודענטן, מיט אַ וועלט־באַרימטן ווייצמאַן־אינ־סטיטוט פאַר וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען מיט אַ באַדייטנדיקער אינדוסטריע און עקספּאָרט און מיט אַן ערשטקלאַסיקער אַרמיי. די קליינע מלוכה האָט גרויסע פּראָבלעמען און פאַרזוכט צו געפינען אַ לייזונג פאַר זיי, שטיצנדיק זיך אויף דער הילף פונעם וועלט־יידנטום.

מיר רופן דאָ ניט אָן אַ גאַנצע ריי אַנדערע לענדער און פעל־קער, ווי מיר שטעלן זיך ניט אָפּ אויף די אַנטוויקלונגען פון דעם אַפריקאַנישן קאָנטינענט.

נאַטירלעך איינע פון די וויכטיקסטע ענדערונגען איז געשען אין דער אַמאָליקער רוסישער מאָנאַרכיסטישער אימפּעריע, וועלכע

האָט זיך פֿאַרוואַנדלט אין אַ פֿעדעראַציע פֿון סאָציאַליסטיש־קאָמו־ניסטישע לענדער.

קיינער וועט ניט פֿאַרזוכן צו פֿאַרגלייכן די סאָוויעטישע פֿע־דעראַציע מיט דעם ענגלישן קאָמענוועלט אָוו ניישאַנס.

דער ענגלישער קאָמענוועלט־רעזשים איז געבויט אויף דעם פּרינציפּ פֿון פֿולשטענדיקער נאַציאָנאַלער פֿרייהייט, בשעת דער רו־סישער פֿעדעראַלער רעזשים איז אַ פּראָדוקט פֿון „דיקטאַטור פֿון פּראָלעטאַריאַט" און באַשטייט אין אַ צענטראַלער רעגירונג פֿון מאָסקווע, אַזוי ווי דאָס איז געווען אין די צייטן פֿונעם אַלטן רע־זשים. מיר זענען עדות פֿון צוויי אַנטקעגנגעזעצטע סיסטעמען: פֿון איין זייט אַ פֿולשטענדיקע דע־קאָלאָניזאַציע און אַנטקעגן איר אַ פּערמאַנענטע עקספּאַנסיע. דרייסיק יאָר נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה זאָגט זיך אָפּ רוסלאַנד צוריקצוגעבן יאַפּאַן די קורילען־אינדז־לען, פֿאַרכאַפּט בשעת דער מלחמה, אינדזלען וואָס ליגן ביי די ברעגן פֿון יאַפּאַן. די סאָוויעטישע עקספּאַנסיע שטרעבט צו באַקומען באַ־זעס אין אינדישן אָקעאַן, ביים פּערסישן גאָלף און בכלל ווו עס איז נאָר מעגלעך.

דאָס אַלץ שפּילט זיך אָפּ בשעת אַ ריזיקע רוסישע אַרמיי איז קאָנצענטרירט יאָרנלאַנג ביי דער כינעזישער גרענעץ אין אַן אַלאַרם־צושטאַנד און איז היינט צו טאָג די גרעסטע סכנה פֿאַר אַ נייער וועלט־מלחמה. אין יעדן פֿון די פֿלעצער עקסיסטירט אין דער אמת'ן אַן אַקטיווער רוסישער פּראָנט.

די אינטערנאַציאָנאַלע פּרעסע און אויך די רוסישע מער אָדער ווייניקער אָפֿיציעלע פּרעסע פֿאַרנעמען זיך זייער פֿיל מיט די רו־סיש־אַמעריקאַנישע קאָנפֿליקטן צוליב דער אויסוואַנדערונג פֿון רו־סישע יידן קיין ישראל. מען קאָן מיינען, אַז יידישע „אַקטיוויסטן" און יידישע אָפּאָזיציע זענען די גרעסטע געפֿאַר פֿאַר דעם סאָוויע־טישן רעזשים, אָבער אַזאַ איינדרוק איז אַבסאָלוט פֿאַלש און די הערשנדיקע קאָמוניסטישע פּאַרטיי באַנוצט די דאָזיקע פֿאַלשקייט כדי צו פֿאַרדעקן די אמת'ע געפֿאַר. מיר מיינען דערמיט די אוקראַ־

אינער רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען וועלכע גייען אָן אין לאַנד פּערמאַנענט. טויזנטער אוקראַינישע רעוואָלוציאָנערן געפינען זיך אין סאָוויעטישע געפענגענישן. עס גייט אָן אַ קאַמף אויף טויט און לעבן.

דער אוקראַינישער האַס קעגן די „מאָסקאַלעס" איז ניט ניי, ווי ניט ניי איז די גאַנצע אוקראַינישע נאַציאָנאַלע באַוועגונג פאַר דער באַפרייאונג פון דער רוסישער הערשאַפט. די באַפעלקערונג האָט טיפע וואָרצלען אין דער גאַנצער אוקראַינע. מען דאַרף זיין בלינד, כדי ניט צו זען אַז די באַוועגונג פון די אוקראַינער נאַציאָנאַליסטן וואַרט נאָר אויף דער „היסטאָרישער געלעגנהייט" און אַז די שעה פון דער באַפרייאונג וועט קומען פאַר אוקראַינע פריער אָדער שפּעטער.

עס איז וויכטיק דערביי צו אָבסערווירן די מענטאַליטעט פון דער פירערשאַפט פון דעם אַלט־נייעם רעזשים: אַזוי ווי מען וואָלט געווען זיכער, אַז עס וועט אייביק הערשן איבער דער אוקראַינע די אייזערנע האַנט פון מאָסקווע, אַזוי ווי קיעוו, פּאָלטאַוואַ און כאַרקאָוו, אָדעס און גאַנץ דרום־רוסלאַנד וועלן אייביק פאַרבלייבן רוסישע פּראָווינצן און וועלן זיך בייגן פאַר דער גרויסמאַכט.

דאָס איז די מענטאַליטעט פון דער פריערדיקער עסטרייך־אונגאַרישער דאָפּל־מאָנאַרכיע, אויך פון דער געוועזענער טערקישער אימפּעריע — ביידע זענען זיך צעפאַלן נאָך אַ לאַנג־דויערנדער עפּאָכע פון אַן אומבאַגרענעצטער מאַכט, נאָך אַ פולשטענדיקן איגנאָרירן די וואָרענונג פון דער געשיכטע און אַן אָנזאָג פון דעם צו־זאַמענברוך.

דאָס איז דער טייל פון רוסלאַנד, ווו עס איז קאָנצענטרירט דאָס רוב פון די רוסישע יידן, ניט רעכנדיק דערביי די יידישע ישובים פון פּעטערסבורג און מאָסקווע. אינסטינקטיוו פילן יידן, אַז עס וועלן פאָרקומען שווערע קאַמפן צווישן דער רוסישער גרויס־מאַכט און דער באַפעלקערונג, וואָס באַשטייט אויף איר אייגענער געשיכטע, איר אייגענער קולטור, איר אייגענער שפּראַך. דאָס רו־סישע יידנטום האָט דאָ גענוג געליטן בשעת דער צווייטער וועלט־מלחמה, צורשט פון דער דייטשער אינוואַזיע און נאָך דער מלחמה

פון דעם שרעקלעכן רוסישן בירגער־קריג. קאָן מען דעריבער גוט פאַרשטיין די אַנגסט און דעם דראַנג פון די יידישע מאַסן אַרויס־רייסן זיך פונעם לאַנד, געפינען אַן אָרט ווו מען וואָלט געקאָנט לעבן בשלום, לעבן און אַרבעטן. אָבער ווו?

די ווערטער ווערן געשריבן ניט כדי אַרויסצורופן אַ שרעק און פּאַניק פאַר דער צוקונפט. חוץ מדינת ישראל מיט אירע שווערע פּראָבלעמען און אומזיכערער עקסיסטענץ, איז די יידישע וועלט גרויס, אין אייניקע לענדער איינפלוסרייך, אין אַ סך לענדער גרייט אויפצונעמען יידישע וואַנדערער. דער ענין רוסיש־יידישע באַצי־אונגען אין נאָענטן מזרח האָבן זיכער צו טאָן מיט דער רוסישער עקספּאַנסיע, אָבער אין אַ סך גרעסערער מאָס האָט מדינת ישראל צו טאָן מיט דער אַראַבישער וועלט און מיט די אַראַבישע פעלע־נער. מיר וועלן דעריבער ניט אָפּשטעלן זיך דאָ אויף דעם פּראָבלעם פון דער צוקונפט פון מדינת ישראל. מיר האָבן דאָ אין זינען דאָס רוסישע יידנטום און זיין צוקונפט. די אויסגעשפּראָכענע פיינדשאַפט פון אָפיציעלן רוסלאַנד צום יידנטום איז אַזוי מערקווערדיק און פּאַראַדאָקסאַל, אַז מערערע פּראָגרעסיווע רוסישע פערזענלעכקייטן, ווי למשל, מאַקסים גאָרקי האָט עפנטלעך דערקלערט, אַז אין רוסלאַנד איז ניטאָ קיין „יידישע פּראַגע", נאָר אַז ס'איז דאָ אַ „רוסישע פּראַ־גע", דאָס הייסט, אַ פּראָבלעם פון רוסישן געוויסן, פון רוסישער מענטשלעכקייט.

אַלס אַ יונגער זשורנאַליסט האָב איך געהאַט אַ געלעגנהייט צו האָבן אַ קורצן געשפּרעך מיט אַ פינף און זעכציק יאָר צוריק מיטן באַקאַנטן רעדאַקטאָר פונעם קאָנסערוואַטיוון, רעאַקציאָנערן וואָכנ־בלאַט „גראַזשדאַנין" („בירגער") פירשט מעשטשערסקי. ער איז גע־ווען אַ פּערזענלעכער פריינד און ראַטגעבער פונעם צאַר אַלעקסאַנ־דער דער דריטער. ווען איך האָב אים געפרעגט צי עס איז אמת, אַז ער איז געווען דער איניציאַטאָר פון די „צייטווייליקע רעגולאַ־ציעס" („ווערעמעננייע פּראַווילאַ") קעגן דעם רוסישן יידנטום, אונ־טערגעשריבן פון גראַף איגנאַטיעוו, איז ער שטאַרק אויפגעבראַכט געוואָרן און געענטפערט:

— מען האָט מיך שוין פריער געפרעגט וועגן דעם און איך האָב געזאָגט, אַז קיינער האָט זיך ניט באַראַטן וועגן דעם מיט מיר און אויב מען וואָלט מיך געפרעגט וואָלט איך זיכער זיך אַרויס־געזאָגט קעגן די פּלענער...

פירשט מעשטשערסקי איז שוין געווען דעמאָלט אַן אַלטער מאַן, אָבער זיין וואָכנבלאַט איז נאָך געווען זייער איינפלוסרייך. אַ רעאַקציאָנער ווי ער איז געווען, איז ער געווען קעגן דיסקרימי־נירן און דעגראַדירן עטלעכע מיליאָן יידן. אָבער די אָפיציעלע רוסישע פּאָליטיק בנוגע צו יידן איז געווען אויסגעשפּראָכן אַנטי־סעמיטיש.

***

די קולטור־ און פּאָליטישע געשיכטע פון רוסלאַנד איז פול מיט אַזעלכע פּאַראַדאָקסאַלע און קעגנגעזעצלעכע געשעענישן אַז עס איז זיי שווער צו באַנעמען און דערקלערן. אַ לאַנד וואָס האָט געגעבן דער וועלט דענקערס, ווי טאָלסטאָי און קראָפּאָטקין, שרייבערס, ווי דאָסטאָיעווסקי און טורגעניעוו, ליטעראַטור־קריטיקערס, ווי בעלינ־סקי, פּיסאַרעוו און סקאַביטשעווסקי, נאָוועליסטן, מוזיקערס און דראַ־מאַטורגן פון דער העכסטער קוואַליטעט, פערזענלעכקייטן, ווי אַלעק־סאַנדער הערצען און הונדערט אַנדערע הומאַניסטן פון ערשטן ראַנג, האָט אין דער אייגענער צייט פּראָדוצירט ווילדע, אָבסקורע רע־אַקציאָנערן, ווי ניקאָלאַי דער ערשטער און ניקאָלאַי דער צווייטער, אַ פּאָבעדאָנאָסצעוו און אַ שטעגלאָוויטאָוו. די גרויסע רוסישע רעוואָ־לוציע האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ בלוטיקן טעראָר, מיט איבער־געבן די מאַכט אין די הענט פון אַ סטאַלין און אַ טשע־קאַ און גע־פּע־או און מיליאָנען געפאַנגענע אין לאַגערן.

פאַרשטייט מען די רוסן וועלכע שמאַכטן צוליב דער „רוסי־שער פּראַגע" און גייען אונטער...

(דעם 22־טן מערץ 1975)

## 1.

# די צוקונפט פון רוסלאַנד

אַלע פּאָליטישע באַוועגונגען אין דער וועלט זענען היינט אין אַ גרעסערער אָדער אין אַ קלענערער מאָס קאָנצענטרירט אַרום דער אַנטוויקלונג פון דעם הערשנדן רעזשים אין רוסלאַנד, פון זיין עקאָנאָמישן און פּאָליטישן צושטאַנד אין די קומענדיקע צוואַנציק אָדער פינף און צוואַנציק יאָר.. די רוסישע אימפּעריע האָט זיך צע־לייגט פונעם באַלטישן ים אין אייראָפּע ביז צו די יאַפּאַנישע וואַ־סערן אין אַזיע, פון מוראַנסק אין צפון ביז דעם מיטלענדישן ים אין דרום. איןביידע ריכטונגען איז דאָ דער נאַטירלעכער דראַנג צו עקספּאַנסיע: אין אינדישן אָקעאַן, אין פּערסישן גאָלף, אין איי־ראָפּע, ווו טשעכאָסלאָוואַקיע איז אָקופּירט.

די באַפעלקערונג פון רוסלאַנק וועט באַלד זיין — נעמענדיק אין באַטראַכט דעם נאַטירלעכן צוּוווּקס — אַן ערך אַ פערטל פון דער באַפעלקערונג פון כינע.

ניט ווייניקער וויכטיק איז דער פאַקט, אַז בשעת די באַפעל־קערונג פון כינע איז האָמאָגען, דאָס הייסט, ראַסנמעסיק און קול־טורעל פון כינעזישער אָפּשטאַם, איז די באַפעלקערונג פון רוסלאַנד אין אַלע טיילן פון לאַנד אַ שטאַרק געמישטע: אוקראַינע, עסטלאַנד, לעטלאַנד, ליטע, טיילן פון פוילן, קאַווקאַז, אַזיע — אַלס צוגאָב צו דער רוסישער באַפעלקערונג. דערביי דאַרף מען געדענקען, אַז דער נאָמען קאַווקאַז דעקט צענדלינגער פאַרשידענע פעלקער מיט אַ פאַרשידענער נאַציאָנאַלער געשיכטע און קולטור, אָפט אין גאַנצן פרעמד דער רוסישער געשיכטע און קולטור.

די יידישע באַפעלקערונג פון דער רוסישער מדינה מוז היינט

זיין מסתמא דריי מיליאָן גרויס, דאָס הייסט, זייער קליין און גע־הערט ניט אָפּיציעל צו דער או.ס.ס.ר. (סאָוויעטישער פעדעראַציע), הגם דאָס גרויסע רוסישע פּראָבלעם ווערט ס׳רוב דעבאַטירט אין אויסלאַנד אין פאַרבינדונג מיט דעם פּראָבלעם פונעם רוסישן יידנ־טום. ווי אינטענסיוו עס זאָל ניט זיין אונדזער אינטערעס אין דעם גורל פונעם רוסישן יידנטום, ווען מיר פאָרט פאַרזוכן צו באַ־טראַכטן דאָס פּראָבלעם פון דער ווייטערער אַנטוויקלונג פון דער רוסישער מלוכה אומאָפּהענגיק פון דער „יידישער פראַגע". ווי געזאָגט, רוסלאַנד און די ראָלע וואָס רוסלאַנד שפּילט אין דער וועלט־פּאָליטיק, איז היינט אין צענטער פון אַלע אינטערנאַציאָנאַלע פּראָבלעמען און וועט זיכער נאָך אַ סך יאָרן דאָמינירן די עפנט־לעכע מיינונג. ס׳איז צווייפלהאַפט צי די צאָל פון די אויסגעוואַנ־דערטע יידן פאַרקלענערט די יידישע באַפעלקערונג פונעם לאַנד. דער נאַטירלעכער צוּוווּקס דעקט די אויסוואַנדערונג.

די וואָס אינטערעסירן זיך מיט דעם פּראָבלעם פון אַסימילאַציע פון נאַציאָנאַלע מינדערהייטן מיט דער הערשנדער מערהייט, צי דאָס איז צוואַנגס־אַסימילאַציע אָדער פרייע פאַרבינדונג און פרייער קולטור־איינפלוס, ווייסן, אַז אין דער ווירקלעכקייט וואַקסט דער נאַציאָנאַלער קערן־עלעמענט מיט דער צייט. דאָס רוסישע יידנטום האָט זיכער געגנאָסן פון רוסישער בילדונג און דערציאונג, האָט זיך באַטייליקט אין דער רוסישער פּובליציסטיק און ליטעראַטור, האָט אין אַ גרויסער מאָס זיך באַטייליקט אין דער רוסישער קונסט און מוזיק, אָבער ניט די רדיפות פון ניקאָלאַי דעם ערשטן, וואָס איז דערגאַנגען ביז צום כאַפּן יידישע קינדער און מיט געוואַלד שמד׳ן זיי און שפּעטער, אין אַלעקסאַנדער דעם דריטנ׳ס צייטן ביז צו דע־גראַדירן יידן אין בירגערס אָן גלייכע בירגער־רעכט מיט דער ניט־יידישער באַפעלקערונג, האָט ניט געפירט צו אַסימילאַציע.

ניט אַסימילירט האָבן זיך מיט די רוסן די אַרמעניער, די גע־אָרגיער, די פינען און די אַנדערע מינדערהייטן. פאַרקערט, די נאַ־ציאָנאַלע עלעמענטן אין דער קולטור פון די מינדערהייטן זענען געוואַקסן אין דער לענג און אין דער ברייט. דערפאַר ווייל די רו־

סישע רעגירונג האָט פאַרשיקט קיין סיביר דעם אוקראַינער דיכ־טער שעווטשענקאָ האָט די אוקראַינער באַוועגונג פון די „סאַמאָס־טיניקעס" ניט אויפגעהערט צו וואַקסן. די היינטיקע אַנטי־רוסישע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אין דער אוקראַינע איז די גרעסטע גע־פאַר פאַר דער עקסיסטענץ פון דער רוסישער אימפעריע. בשעת דעם פוילישן אויפשטאַנד פון 1863/4 קעגן רוסלאַנד האָט אַלעק־סאַנדער הערצען ניט נאָר מיט וואָרט געשטיצט דעם אויפשטאַנד, נאָר אויך מיט געלט־מיטלען.

אויב די רוסישע אימפעריע וועט זיך צוזאַמענברעכן און פון איר וועט פאַרבלייבן דאָס וואָס איז געבליבן פון דער אַמאָליקער אָטאָמאַנישער אימפעריע, אָדער פון דער אַפּאָסטאָלישער קייזערלעך־קעניגלעכער עסטרייכיש־אונגאַרישער דאָפּל־מאָנאַרכיע, וועט דאָס זיין הויפּטזאַכלעך צוליב דעם דרוק פון די נאַציאָנאַלע מינדער־הייטן און זייער קאַמף פאַר נאַציאָנאַלער באַפרייאונג, נאַציאָנאַלער אומאָפּהענגיקייט. נאָר אַ רעזשים וואָס וויל ניט זען די רעזולטאַטן ווי זיי זענען, קאָן איגנאָרירן דעם פאַקט, אַז גאַנץ רוסלאַנד באַ־שטייט פון נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, באַהערשט און אונטערדריקט פון מאָסקווע.

***

די ענגלישע שפּראַך האָט אַן אויסדרוק: „ווישפול טינקינג", דאָס הייסט, מען זעט רעאַליטעטן אַזוי ווי עס גלוסט זיך, עס הייסט, אַז מען נאַרט זיך אַליין, ווויסנדיק, אַז מען נאַרט זיך און פון דעסט־וועגן גלייבט מען אין דער אָפּנאַררעריי. מיר זאָגן דאָס אַנטקעגן דעם, אַז די אונטערדריקטע נאַציאָנאַלע מינדערהייטן קאָנען אָדער מעגן גלייבן אין דעם, אַז די גרויסע און מעכטיקע אימפעריע גראָבט אונטער אַליין איר עקסיסטענץ. אויב אַזאַ גרויסע מלוכה ווי גרויס־בריטאַניע האָט געקאָנט אויפהערן צו זיין אַ גרויסמאַכט און איז היינט ניט מער ווי אַ „געמיינשאַפט פון פעלקער" — „קאָמאָנוועלט אָוו ניישאַנס" — און האָט ניט מער די דעה וואָס זי האָט געהאַט פריער, פאַר וואָס זאָל מען ניט קאָנען דערוואַרטן, אַז די קאָלאָסאַלע רוסישע אימפעריע וועט אַ שיינעם טאָג איינברעכן זיך און די אונ־

טערדריקטע נאַציאָנאַלע מינדערהייטן וועלן באַפרייט ווערן?

ניט בויענדיק אַ כלל אויף דעם יסוד פון „ווישפול טינקינג", דאָס הייסט, פּאָראויסזען אַלס אַ פאַקט עפּעס וואָס מען ווינטשט זיך, מוז מען פאָרט מסכים זיין, אַז די עקספּאַנסיע פון דער רו־סישער אימפּעריע האָט דערגרייכט אַ געפערלעכע גרענעץ. די זאַמ־לונג פון כמעט אַ הונדערט קריגס־שיפן אינעם מיטלענדישן ים, דאָס האַלטן פון אַ ריזיקער אַרמיי ביי דער גרענעץ מיט כינע בשעת די באַציאונגען צווישן די צוויי גרויסע לענדער זענען אי־בערגעשפּאַנט, די אָקופּאַציע פון טשעכאָסלאָוואַקיע און די פון רוס־לאַנד אויפגעצוווּנגענע שפּאַלטונג פון דייטשלאַנד, ניט רעדנדיק שוין פון דער „אומרו" אין פאַרשידענע טיילן פון לאַנד — דאָס אַלץ גיט גענוג גרונט צו דערוואַרטן קאַטאַסטראָפאַלע געשעענישן מיט ערנסטע קאָנסעקווענצן.

סאָוויעט־רוסלאַנד שטייט באַוואָפנט און גרייט צו אַ מלחמה ניט אויף איין פראָנט און ניט אויף צוויי פראָנטן, נאָר אויף מערערע פראָנטן. די גרייטקייט פון דער סאָוויעטישער רעגירונג צו אַן ערנסטער „דעטאַנט", צו אַ פאַרשטענדיקונג מיט אירע עווענטועלע קעגנערס און אפשר אויך צו וויכטיקע קאָנצעסיעס, מוז זיין דער סך־הכל פון אַן ערנסטן חשבון הנפש. ווען מען דערמאָנט זיך דעם גאַנג פון דער צווייטער וועלט־מלחמה און די קאָאָפּעראַציע פון רוסלאַנדס פאַרבינדעטע איידער דער פיינד איז געשלאָגן געוואָרן און דאָס לאַנד איז געראַטעוועט געוואָרן, מוז מען קומען צום אויס־פיר, אַז אונטער די היינטיקע אומשטענדן וואָלט אַ גרויסע מלחמה באַטייט אַ פאַטאַלע קאַטאַסטראָפע, אַ קאַטאַסטראָפע פאַרן לאַנד און פאַר די פעלקער פונעם לאַנד.

ווען די ווערטער ווערן געשריבן ווערן געמאַכט די גרעסטע אָנ־שטרענגונגען כדי צו דערפירן צו אַ סוף דער עגיפּטיש־סירישער מלחמה קעגן מדינת ישראל. ווי די מלחמה זאָל ניט ליקווידירט ווערן איז זי אַ גרויס אומגליק פאַר דעם קליינעם לאַנד, אַרומגע־רינגלט פון אַ ים שונאים. די צוקונפט פונעם נאָענטן אָריענט, די צוקונפט פון די גרויסע און קליינע אַראַבישע לענדער איז ניט קיין זיכערע ווייל זייער עקאָנאָמישער צושטאַנד איז אַזוי פאַרשידן

און אַ ביטערער קאַמף צווישן „די וואָס האָבן צופיל״ און „די וואָס האָבן זייער ווייניק אָדער האָבן גאָרניט״ איז אומפאַרמיידלעך. וואָס בעסער עס וועלן קומען צו אַ פאַרשטענדיקונג יידן און די אַראַבער — און אַ פאַרשטענדיקונג צווישן די צוויי צדדים איז אומפאַר־מיידלעך פאַר דער עקסיסטענץ פון מדינת ישראל — אַלץ שאַרפער וועט זיין דער קאַמף צווישן די צוויי אַראַבישע צדדים. מיר גע־פינען זיך דעריבער אין אַ גרויסער סאָציאַלער איבערקערעניש אינעם נאָענטן אָריענט. צי מיר ווילן אָדער ניט, וועט דער אַראַ־בישער סאָציאַלער קאַמף האָבן אַ דירעקטן שייכות צו די אינטע־רעסן פון מדינת ישראל.

רוסלאַנד׳ס אַראַבישער פּראָנט האָט צו טאָן מיט אַמעריקע׳ס אינטערעסן אין נאָענטן אָריענט און ממילא מיט דער עקאָנאָמישער און פּאָליטישער אַנטוויקלונג פון מדינת ישראל. פריער אָדער שפּע־טער מוז סאָוויעט־רוסלאַנד ליקווידירן איר פּראָנט אין נאָענטן אָריענט אָדער פּראָוואָצירן דאָ אַ גרויסע מלחמה. עס איז זייער צווייפלהאַפט צי זי וועט ריזיקירן אַ מלחמה.

## .2

# די אומפאַרמיידלעכע מלחמה אין אַזיע

דאָס באַקאַנטע בוך פון האַריסאָן סאַלסבורי „טזע קאמינג וואָר ביטווין ראשיאַן ענד טשיינאַ" („די קומענדיקע מלחמה צווישן רוס־לאַנד און כינע") האָט אין זיין צייט, מיט אַ פינף־זעקס יאָר צוריק, געמאַכט אַ געוואַלדיקן רושם. סאַלסבורי איז יאָרנלאַנג געווען דער מאָסקווער קאָרעספּאָנדענט פון „ניו־יאָרק טיימס", האָט באַזוכט דעם וויטן מזרח פון אַזיע עטלעכע מאָל און קען גרינטלעך דאָס אַלטע, אָנגעוויטאָגטע און מיט דינאַמיט געלאַדענע פּראָבלעם פון די באַציאונגען צווישן די צוויי מעכטיקע לענדער. סאַלסבורי איז אַ גלענצנדער שרייבער און קען די גאַנצע געשיכטע פונעם פּראָבלעם. דאָס איז אפשר דאָס וויכטיקסטע: דער נייער רעזשים האָט ניט נאָר איבערגענומען די פּאָליטיק פון דעם צאַריסטישן רעזשים וואָס זיין הויפּטצוועק איז שטענדיק געווען צו דאָמינירן אין כינע און ווערן די דעצידירנדיקע מאַכט אין גאַנץ אַזיע, נאָר האָט נאָך „פאַרבעסערט" די רוסישע סטראַטעגיע און טאַקטיק.

אַזוי ווי דער אַלטער רוסישער רעזשים האָט ניט געענדערט זיין פּאָליטיק אפילו נאָך דער שרעקלעכער רוסישער מפּלה אין דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה אַזוי האָט דער נייער רוסישער רעזשים, דער קאָמוניסטישער, ניט געענדערט זיין פּאָליטיק ניט קוקנדיק אויף דעם רענעסאַנס פון דער אַלטער צוזאַמענגעבראָ־כענער כינע. סטאַלין איז געווען אַ פאַרביסענער שונא פון מאַאָ־טצע־טונג און האָט מיט אַלע מיטלען געשטיצט טשאַנג־קיי־טשעק, דעם הערשער פון פאָרמאָזאַ, וועלעכר האָט אויסגעהרגעט טויזנטער און טויזנטער כינעזישע קאָמוניסטן.

מען דאַרף זיך איצט ניט וווּנדערן וואָס קיין שום באַרואיקנ־
דיקע דערקלערונגען פון מאָסקווע, אַלע מיט דעם אייגענעם מאָטיוו
„לאָמיר זיך איבערבעטן״ ווערן פולשטענדיק איגנאָרירט פון פּע־
קין. סטאַלין, און נאָך זיין טויט זיינע תלמידים, האָבן זיך צו לאַנג
געהאַלטן ביי זייער גלויבן, אַז די טעג פון מאַאָ און זיין קרייז
זענען געציילטע, כדי צו מיינען אַז אַ פאַרשטענדיקונג צווישן די
צוויי שונאים איז מעגלעך. עס קלינגט כמעט אומגלייבלעך דאָס
וואָס סאלסבורי דערציילט וועגן סטאַלינ׳ס באַציאונגען צו טשאַנג־
קיי־טשעק, עס איז כמעט דאָס אייגענע וואָס מיר ווייסן וועגן
סטאַלינס באַציאונגען צו היטלער פאַר דעם אויסברעכן פון דער
צווייטער וועלט־מלחמה ווען די דייטשע אַרמייען זענען שוין גע־
שטאַנען האַרט ביי דער רוסישער גרענעץ און ער האָט אַלץ ניט
געוואָלט גלייבן זיינע אייגענע גענעראַלן, אַז היטלער נאַרט אים.

סאלסבורי באַקענט דעם לייענער גענוג אויספירלעך מיט די
רוסיש־כינעזישע באַציאונגען זינט דעם אָפּמאַך פון נערטשינסק אין
1680, דעם ערשטן אָפּמאַך וואָס כינע האָט אונטערגעשריבן מיט אַ
פרעמדן לאַנד. לויט דעם אָפּמאַך האָט די גרענעץ צווישן די צוויי
לענדער געזאָלט ליגן צווישן די טעריטאָריעס פון די צוויי
גרויסע טייכן לענאַ און אַמור און עס איז געווען אַבסאָלוט קלאָר
אַז די רייכע ערד אַרום דעם אַמור געהערט כינע. אָבער דער אָפּ־
מאַך פון נערטשינסק האָט ניט צוריקגעהאַלטן דעם רוסישן דראַנג
צו מאַרשירן ווייטער. הונדערט יאָר שפּעטער — אין 1784 — גע־
פינען זיך רוסישע סעטלעמענטס אין דער געגנט פון אַלאַסקאַ.

די טיילן פון סאלסבורי׳ס בוך לייענט מען ווי אַ שפּאַנענדן
קרימינאַל־ראָמאַן, אָבער אַן זיי קאָן מען ניט פאַרשטיין די וואַקסנ־
דיקע שפּאַנונג אין די היינטיקע באַציאונגען צווישן די צוויי לענ־
דער וועלכע מען קאָן אַנדערש ניט באַצייכענען ווי מיט די ווער־
טער, אַז די מלחמה איז אומפאַרמיידלעך. די פריערדיקע רוסישע
פּאָליטיק פון וואַקסן אין דער לענג און אין דער ברייט איז פאַר־
בליבן ווי געווען, אָבער דאָס נייע כינע איז גרייט צום קאַמף מיט
אַ נייער אידעאָלאָגיע, מיט אַ נייעם רעזשים, מיט אַ נייער פּאָלי־
טיק און מיט אַ נייער סטראַטעגיע, אפילו מיט אַטאָמישע וואָפן...

סאַלסבורי שטעלט זיך ניט אָפּ אויספירלעך אויף דער געשיכטע פון דעם רוסישן פאַרכאַפּן און פאַרלירן פון מאַנזשוריע און אויף דער רוסישער מפּלה אין דער מלחמה מיט יאַפּאַן, ווייל דאָס געהערט שוין אַזוי צו זאָגן צו דער פאַרגאַנגענהייט, דער געשיכטע. היינט זענען דאָ וויכטיקע אַקטואַליטעטן, פון וועלכע עס איז אָפּהענגיק די צוקונפט פון דעם קאַמף צווישן רוסלאַנד און כינע, אַ קאַמף, וואָס מיר מעגן באמת באַנוצן דעם אויסדרוק „אַ קאַמף אויף טויט און לעבן". סאַלסבורי ציט די אויפמערקזאַמקייט צו מאָנגאָליע, וואָס סאָוויעט־רוסלאַנד איז איר אָפיציעלער באַשיצער, פּאַקטיש פאַרוואַנדלט אין אַ רוסישער פּראָווינץ מיט אַ סאָוויעט־רוסישן רעזשים, מיט אַן אויסגעשפּראָכן פיינדלעכער איינשטעלונג צום היינטיקן כינע. מיר הערן וועגן דעם אויסערן מאָנגאָליע — איבער דער גרענעץ מיט כינע ליגט דאָס כינעזישע אינערן־מאָנגאָליע — נאָר פון פאַל צו פאַל, מער אָדער ווייניקער צופעליק. דאָ שפּילט זיך אָבער אָפּ די גרויסע דראַמע שטילערהייט, וואָס קאָן מיינען אין דער צוקונפט דאָס אייגענע וואָס די וואַלד־קאָנצעסיעס ביים טייך יאַלו, וועלכע האָבן געפירט צו דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה.

מאָנגאָליע איז דער רעשט פון דער אַמאָליקער קאָלאָסאַלער טשענגיס־כאַן ממשלה, וואָס האָט אין צוועלפטן יאָרהונדערט פאַרכאַפּט די רוסישע פירשטנטימער און לעבט נאָך היינט אַלס אַ סטראַשידלע־געשפּענסט אין אַלע עקן פון אַזיע. עס וועט ניט זיין איבערגעטריבן ווען מיר זאָגן, אַז גאָר ניט ווייניק פון מאָנגאָלישער מענטאַליטעט און כאַראַקטער איז פאַרבליבן ביז צום היינטיקן טאָג אין רוסלאַנד.

מען דאַרף שטענדיק געדענקען ווען מען רעדט וועגן כינע און רוסלאַנד דעם אונטערשיד צווישן די צוויי קולטורן, פינף טויזנט יאָר כינעזישער קולטור און די פּאָר הונדערט יאָר פון דער רוסישער עקספּאַנסיע אויפן חשבון פון פאַרשידענע נאַציאָנאַלע מינדערהייטן. אפילו דער אונטערשיד צווישן די רוסן און אוקראַינער האָט קיין מאָל ניט געקאָנט פאַרשווינדן און איז היינט מער ווי

ווען עס איז פריער אויסגעשפּראָכן און טראָגט אַ רעוואָלוציאָנערן כאַראַקטער.

דאָס האָט געמוזט ברענגען דערצו, אַז די קאָמוניסטישע אי־דעאָלאָגיעס פון די רוסן און די כינעזער זאָלן זיך אַנדערש פאָר־מירן. די קאָלעקטיוויזאַציע פון דער רוסישער אַגריקולטור, וואָס האָט דערפירט די רוסישע לאַנדווירטשאַפט צו אַ חורבן, האָט ניט געקאָנט אָנגעווענדעט ווערן אין כינע מיט איר באַפעלקערונג פון אַכט הונדערט מיליאָן נפשות. עס זענען אַנדערע מענטשן, עס איז אַן אַנדערע קולטור, אַן אַנדערע מענטאַליטעט און אַן אַנדערע דיס־ציפּלין. עס איז לעכערלעך צו מיינען, אַז אַ סטאַלין און זיינס גלייכן זענען געווען אין שטאַנד צו ענדערן דעם גאַנג פון דער געשיכטע, צו ענדערן די מענטאַליטעט און די קולטור־אַנטוויקלונג פון דעם כינעזישן פאָלק.

ווען סאַלסבורי האָט אָנגערופן זיין אַרבעט מיט די ווערטער: „די מלחמה צווישן רוסלאַנד און כינע וואָס קומט", וואָס דאָס מיינט „די אומפאַרמיידלעכע מלחמה", איז דערמיט אָנגעדייטעט ניט נאָר אַ מלחמה צוליב שטיקער לאַנד, ניט נאָר טעריטאָריע פאַר דער וואַקסנדער באַפעלקערונג פון כינע, נאָר אויך דער קאַמף צווישן צוויי קולטורן. פאַר דעם כינעזישן קאָמוניזם איז דער היינ־טיקער רעזשים אין דעם מאָסקווער קרעמל ניט קיין אַנדערער ווי דער המשך פון דעם אַלטן צאַריסטישן רעזשים מיט „נייע צאַרן" אין דער שפּיץ. דאָס איז ביי די כינעזער מער ווי אַן איינרעדעניש, מער ווי פּראָפּאַגאַנדע. דאָס איז אויך מער ווי פּאָליטישע עקשנות. עס איז אַ פעסטער גלויבן און די סאָוויעט־רעגירונג אַליין טוט אַלץ וואָס איז נאָר מעגלעך כדי צו שטאַרקן דעם גלויבן.

פאַר דעם „ווייטן אויסלאַנד" איז די רוסיש־כינעזישע גרענעץ אַ געאָגראַפישער באַגריף און די געשעענישן אויף ביידע זייטן פון דער גרענעץ עפּעס אַזוי פאַרנעפּלט אַז עס זעט גאָרניט אויס רעאַ־ליסטיש. אין דער אמת'ן איז אַ פולשטענדיקע מאָביליזאַציע צו אַן עווענטועלער מלחמה אין אַ האַסטיקן טעמפּאָ אין גאַנג. בשעת די

כינעזער זענען ביי זיך אין דער היים, דאַרפן די רוסן ברענגען יעדע קלייניקייט פון דער ווייטנס, צו מאָל פון טויזנטער מיילן וויט. בשעת די צייט אַרבעט פאַר די כינעזער און זיי קאָנען וואַרטן, ווערט רוסלאַנד געצוווּנגען צו איילן זיך און עפּעס אונטערנעמען, צו קומען צו וועלכער ס׳איז פאַרשטענדיקונג, אָבער די כינעזער ווילן מער ניט רעדן וועגן אַ „פאַרשטענדיקונג״. זיי פאַרלאַנגען אַ דעפיניטיווע „אָפּרעכענונג״, אַ דעפיניטיווע סעטלעמענט פון דעם גרויסן פּראָבלעם פון רוסיש־כינעזישער קאָ־עקסיסטענץ אין ווייטן מזרח פון אַזיע...

# רוסלאַנד אויפן וואַסער!

ס׳איז געשען אין סאָוויעט־רוסלאַנד דאָס אייגענע וואָס איז געשען אין זיין צייט מיט דייטשלאַנד, בשעת דאָס לאַנד איז געווען אונטער דער הערשאַפט פון ווילהעלם דעם צווייטן. אויף אַלע ימ׳ען איז דעמאָלט גרויס־בריטאַניע געווען די דאָמינירנדיקע ים־מאַכט און עס איז געווען אוממעגלעך פאָרצושטעלן זיך, אַז וועלכע ס׳איז אַנדערע גרויסמאַכט וועט פרווון צו בויען אַ קאָנקורירנדיקע פלאָט און אויפטרעטן ווי אַ וועלטמאַכט. אָבער ווילהעלם דער צווייטער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון אַ פאַרשטענדיקונג מיט ענגלאַנד און האָט אָנגעשריבן אויף אַ ראַפּאָרט וועגן דעם פאָרשלאַג פונעם קעניג עדוואַרד דער זיבעטער, אַז „מיר נעמען ניט קיין מתנות פון ענגלי־שע הענט״.

דער ענגלישער אָנבאָט איז אָפּגעוואָרפן געוואָרן און די קליקע פונעם דייטשן אַדמיראַל טירפּיץ האָט זיך גענומען בויען דעם נייעם דייטשן פלאָט. דער קייזער האָט פּראָקלאַמירט, אַז „די צו־קונפט פון דייטשלאַנד איז אויף דעם וואַסער״. צו די נאָענטע פריינד פונעם קייזער האָט געהערט אויך דער ייד באַלין, דער בויער און שעף פון דער האַמבורג — אַמעריקע ליניע. ווען דער דייטשער פלאָט איז געשלאָגן געוואָרן אין דער שלאַכט ביי יוטלאַנד און דייטשלאַנד האָט פאַרלוירן די מלחמה צוזאַמען מיט די רעשטלעך פון דעם נייעם פלאָט, האָט באַלין געליטן פון אַ שרעקלעכן עגמת־נפש און האָט זיך דערשאָסן...

סאָוויעט־רוסלאַנד קאָן ניט פאַרטראָגן, אַז אַמעריקע איז היינט די גרעסטע מאַכט אויף די ימ׳ען. סאָוויעט־רוסלאַנד בויט איצט

אַלערליי שיפֿן, מלחמה־שיפֿן, און ספּעציעל אונטערוואַסער־שיפֿלעך, באַוואָפֿנט מיט אָפֿענסיווע אַטאָמישע מכשירים. סאָוויעט־רוסלאַנד זוכט אַמעריקאַנער קרעדיטן און בכלל הילף פֿון אַמעריקע, כדי צו קאָנען שלאָגן אַמעריקע. אין אַלע ימ׳ען געפֿינען זיך אָפֿענע אָדער געהיימען רוסישע ים־באַזעס. אין אינדישן אָקעאַן, ניט ווייט פֿון כינע, אין מיטלענדישן ים, אין מורמאַנסק, ניט ווייט פֿון נאָרוועגן, אין צפֿון־ים, ניט ווייט פֿון ענגלאַנד.

עס פֿעלט נאָר דאָס פּראָקלאַמירן פֿון דעם כלל:

— רוסלאַנדס צוקונפֿט ליגט אויף דעם וואַסער!...

עס זענען אַוועק זיבעציק יאָר זינט רוסלאַנד האָט בשעת דער מלחמה מיט יאַפּאַן געשיקט אַ ריזיקע עסקאַדרע אין דעם ווייטן מזרח אונטער דער קאָמאַנדע פֿון צוויי אַדמיראַלן ראָזשדיעסטווענסקי און נעבאָגאַטאָוו. עס איז פֿאָרגעקומען די באַרימטע שלאַכט ביי די ברעגן פֿון יאַפּאַן, באַקאַנט אונטער דעם נאָמען די שלאַכט ביי צוסימאַ. די רוסישע עסקאַדרע איז באַגעגנט געוואָרן פֿון די יאַפּאַנער אונטער דער פֿירערשאַפֿט פֿון אַדמיראַל טאָגאָ און איז בוכשטעבלעך אין גאַנצן פֿאַרניכטעט געוואָרן. עס איז ניט געווען קיין שלאַכט, עס איז געווען איין גרויסער פּאָגראָם. די גאַנצע וועלט האָט מיט שפּאַנונג נאָכגעפֿאָלגט די לאַנגע רייזע פֿון דער ריזיקער רוסישער עסקאַדרע און איז דערשיטערט געוואָרן באַקומענדיק די נייעס וועגן איר פֿאַרניכטונג. די רוסישע שיפֿן זענען איינע נאָך דער אַנדערער דערטרונקען געוואָרן אָן שום שאַנסן צו ראַטעווען אַ טייל פֿון דער עסקאַדרע.

רוסלאַנד האָט געהאַט אין זינען „אָפּצורעכענען זיך" מיט די יאַפּאַנער פֿאַר דעם אויפֿרייס פֿון דער גרעסטער און מאָדערנסטער שיף „פּעטראָפּאַוולאָווסק" אין פּאָרט־אַרטור. די שיף איז אויפֿגעריסן געוואָרן ווען דער בויער פֿון דער שיף אַדמיראַל מאַקאַראָוו, אַ באַרימטער אַדמיראַל, האָט געטרונקען אַ טיי מיט אַ וויכטיקן גאַסט , דעם גרויסן קינסטלער ווערעשטשאַגין, באַרימט אויך מיט דער זעלטענער סעריע בילדער „נאַפּאָלעאָנס מאַרש אין רוסלאַנד". אַלץ וואָס די רוסישע אַרמיי, און ספּעציעל דער רוסישער פֿלאָט, האָבן אונטערגענומען איז געווען פֿאַרמשפּט צו אַ פֿולשטענדיקער

פאַרניכטונג. עס איז געווען צום ערשטן מאָל, אַז יאַפּאַן האָט מאַ־
ניפעסטירט איר אויסערגעוויינטלעכע מאַכט און רוסלאַנד האָט גע־
ליטן איין מפּלה נאָך דער אַנדערער. די אָפּגעשטאַנענקייט פון דער
רוסישער מאַכט, די אומפעאיקייט צו אַ גרויסן פאַרמעסט זענען גע־
ווען קלאָר. היינט פּראָקלאַמירט סאָוויעט־רוסלאַנד איר פּרעטענסיע
צו ווערן די גרעסטע ים־מאַכט אויף דער וועלט...

אמת, אַ סך זאַכן האָבן זיך געענדערט אין פאַרלויף פון די
זיבעציק יאָר, אַ היפּש ביסל מלחמות זענען אויסגעקעמפט געוואָרן
און געוואַלדיק גרויסע אָנשטרענגונגען אויף דעם געביט פון דער
אַרמיי זענען געמאַכט געוואָרן. פון דעסטוועגן קאָן מען ניט פאַר־
געסן די גרויסע הילף פון רוסלאַנדס פאַרבינדעטע בשעת דער
צווייטער וועלט־מלחמה. אפילו אויב רוסלאַנד האָט זיך שטאַרק
געענדערט און די רוסישע מאַכט איז אויסגעוואַקסן איז עס צווייפל־
האַפט צי די רוסישע מאַרינע איז אין שטאַנד צו „דאָמינירן די
ים'ען".

די פאַרגרעסערטע רוסישע באַוואָפענונג, צי זי דערגרייכט
דעם צוועק וואָס דער נייער רעזשים אין דעם נייעם רוסלאַנד האָט
זיך געשטעלט, אָדער ניט, רופט אַרויס אַ גרויסע אומרו אין דער
אויסנוועלט, הויפּטזאַכלעך ווייל אין דער אייגענער צייט איז סאָ־
וויעט־רוסלאַנד באַטייליקט אין די אַנטוואָפענונגס־פאַרהאַנדלונגען.

מיר האָבן גערעדט פריער וועגן דער רוסיש־יאַפּאַנער מלחמה.
דאַרפן מיר אויך געדענקען, אַז באַלד נאָך יענער מפּלה איז אויס־
געבראָכן אַ סעריע פון גרויסע פּאָגראָמען אויף יידן. עס איז דער
אָנהייב פון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע. די רעגירונג האָט
געגלייבט, אַז זי וועט דערטרינקען אין יידישן בלוט דעם דראַנג
פון דעם פאָלק צו פרייהייט. די פּאָגראָמען פון 1905 זענען געווען
דער אָנזאָג פון אַ גרויסער איבערקערעניש נאָך די מפּלות אין וויטן
מזרח פון אַזיע. פון יענער צייט און ביז צום היינטיקן טאָג גייט
אָן צוזאַמען מיט אַ מאָביליזאַציע און צוגרייטונגען צו אַ נייער
מלחמה אַ פּאָגראָם־באַוועגונג קעגן יידן. עס איז ניטאָ קיין שום
צוזאַמענהאַנג צווישן די צוויי געשעענישן, אָבער אַזוי איז דאָס
שטענדיק געווען אין רוסלאַנד...

# רוסלאַנד פאַר גרויסע געשעענישן

אפילו ווען מען ווייסט געגוי, אַז אַ פעלער איז באַגאַנגען גע־וואָרן ניט צוליב דעם בייזן ווילן, נאָר פאַרקערט, צוליב דעם בעסטן ווילן צו דערגרייכן די גרעסטע רעזולטאַטן פון אַ וויכטיקער פּאָליטישער אַקציע, טאָר מען ניט שווייגן און פאַרשווייגן די פּע־לערן. דער כלל מוז אָנגענומען ווערן ספּעציעל, ווען עס רעדט זיך וועגן בויען מדינת ישראל און דאָס פונדאַמענטאַלע פּראָבלעם פון דער אַקציע — וועגן דער איינוואַנדערונג אין דעם נייעם יידישן לאַנד.

די פאָדערונג פון אַמעריקאַנער סענאַטאָר דזשעקסאָן, זיין אַמענדמענט צו אַן עווענטועלן אָפּמאַך מיט סאָוויעט־רוסלאַנד באַ־שטייט אין דעם, אַז בירגערס פון רוסלאַנד — אַלע בירגערס, ניט נאָר יידישע בירגערס — זאָלן קאָנען אויסוואַנדערן, ווען זיי ווילן און וווהין זיי ווילן. דאָס הייסט רעספּעקטירן די רעכט פון ביר־גערס בכלל, אַנדערש — דאָס הייסט, אויב באַאַמטע זאָלן באַשטי־מען, צי דער אָדער יענער רוסישער בירגער מעג אָדער ער טאָר ניט פאַרלאָזן דאָס לאַנד אָן אַ ספּעציעלער דערלויבעניש, וואָס דאַרף נאָך באַצאָלט ווערן — וואָלט באַטייט, אַז רוסישע בירגערס האָבן ניט קיין עלעמענטאַרע מענטשן־רעכט.

מען דאַרף קיין וואָרט ניט פאַרלירן וועגן די מעטאָדן פון דער רוסישער פּאָליציי און פון די אַגענטן פון דער ק.ג.ב. זיי זענען אַלעמען גוט באַקאַנט.

פאָדערן ווי אַ ספּעציעלע פּריווילעגיע נאָר פאַר יידן דאָס רעכט

פריי צו פאַרלאָזן רוסלאַנד קיין ישראל איז ניט לאָגיש און פּרינצי־פּיעל קאָן עס ניט פאַרשטאַנען ווערן. עס ווילן עמיגרירן פון רוס־לאַנד רוסן, אוקראַינער, טאַטאַרן און ווער ווייסט וויפל אַנדערע נאַציאָנאַליטעטן, — הייסט עס, אַז זיי דאַרפן ניט אויסוואַנדערן? פאַר וואָס, אפשר דערפאַר, ווייל יידן זענען ספּעציעל באַליבט ביי דער סאָוויעטישער רעגירונג?

מיט אַ זעכציק יאָר צוריק, בשעת טאַפט איז געווען פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן, האָט אַמעריקע אָפּגעזאָגט דעם אַלטן רוסיש־אַמעריקאַנער האַנדלס־טראַקטאַט, ווייל רוסלאַנד האָט ניט געוואָלט געבן קיין אַריינפיר־וויזע אַן אַמעריקאַנער־יידישן סוחר. אויף וויפל איך דערמאָן זיך, האָט דער ענין געהאַט צו טאָן מיט דעם וויכטיקן אַמעריקאַניש־יידישן מנהיג יעקב שיף. עס איז גע־ווען אין דער צייט פון דער לעצטער דומע און אין די לעצטע יאָרן פון צאַריזם. די רוסישע פּאַטריאָטן זענען געווען שרעקלעך אויפּ־געבראַכט: אָפּשאַפן אַ האַנדלס־אָפּמאַך צוליב יידן! ס'איז געווען אַ פּאַטש אין פּנים, אָבער די רוסן האָבן גאָרניט אָפּגעלערנט פון דער לעקציע. דערפאַר מוזן מיר אָפּלערנען אַ סך פון אַזעלכע לעקציעס.

אַלע קענען די סאָוויעטישע פּאָליטיק, בפרט איר באַציאונג צו יידן און אַלע קענען די סאָוויעטישע פּאָליטיק בנוגע דעם „אַראַ־בישן קאָמוניזם". יידן דאַרפן ניט דערוואַרטן פּריווילעגיעס פון קרעמל. קיינער וואָלט דאָס ניט פאַרשטאַנען.

מדינת ישראל דאַרף ניט האָבן קיין מאַסן־אימיגראַציע, ביז עס וועלן זיך איינלעבן און איינבירגערן די, וואָס זענען שוין פריער געקומען.

מדינת ישראל איז פאַרוויקלט אין אַ קאָנפליקט מיט בלוטיקע שונאים. עס וועלן אַוועק יאָרן ביז דער נאָענטער אָריענט וועט זיך באַרואיקן. אויב די „פּאַלעסטינעזער" וועלן דערגרייכן זייער צוועק אפילו נאָר טיילווייז, וועט דאָס הייסן, אַז מדינת ישראל וועט זיך געפינען פּערמאַנענט אין אַ גרויסער געפאַר. די וועלט פון

איסלאַם האַלט אין איין מאָביליזירן זיך צו אַ גרויסער אַקציע. דער רוקנביין פון דעם פּאַן־אַראַבישן רענעסאַנס ווערט געשטיצט און סטימולירט פון סאָוויעט־רוסלאַנד. די סאָוויעטיש־אַמעריקאַנער כלו־מרשטע אַנטשפּאַנונג האָט דערוויל געפירט צו אַ פאַרגרעסערטער שפּאַנונג מצד די אַראַבישע לענדער. די פאַרשטענדיקונג צווישן די פאַראייניקטע שטאַטן און עגיפּטן האָט ניט אָפּגעשוואַכט, נאָר פאַרשטאַרקט דעם סאָוויעטיש־אַראַבישן פראָנט. קאָן מען אונטער אַזעלכע אומשטענדן דערוואַרטן אַ מאַסן־איינוואַנדערונג קיין ישראל ?...

**
*

די נייע כוואַליע פון אַרעסטן און פּראָצעסן אין סאָוויעט־רוס־לאַנד, קעגן יידן און ניט־יידן, די שפּאַנונג און נערוועזיטעט אין דעם קרעמל, די סקאַנדאַלן אַרום דער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדע אין מאָסקווע און די צוזאַמענשטויסן צווישן די אַגענטן פון דער ק.ג.ב. און די אַמעריקאַנער טוריסטן אין מאָסקווע און איבערן גאַנצן לאַנד, — באַווייזן אַז אין סאָוויעטישן רעזשים פאַרשטאַרקן זיך שפּאַנונגען.

עס קאָן זיין, אַז מיר שטייען ערב גרויסע געשעענישן אין רוסלאַנד. דער רעזשים פון טעראָר קאָן זיך ניט האַלטן זייער לאַנג. עס איז איצט אַ צייט פון אַ ברוטאַלן סטאַליניזם, ניט שטאַרק בעסער ווי ער איז געווען בעת דער הערשאַפט פון דעם קאַווקאַ־זישן דיקטאַטאָר.

לויט פאַרשידענע מעלדונגען פון ערנסטע קוועלן, גייט אָן אין סאָוויעט־רוסלאַנד אַן אומגעהייערע צוגרייטונג צו אַ מלחמה. אין די קרייזן פון דער „נאַטאָ" איז ניט קלאָר, צי די צוגרייטונגען זענען פאַר אַ מלחמה קעגן כינע אָדער קעגן מערב־אייראָפּע. די נייע אַמעריקאַנער דערקלערונג, אַז די אַמעריקאַנער אַרמיי אין אייראָפּע וועט ניט פאַרקלענערט ווערן איז אַן ערנסטע וואָרענונג, אָבער מען איז ניט זיכער, ווער עס האָט דאָס לעצטע וואָרט אין קרעמל, ברעזשניעוו, וועלכער האָט מורא פאַר אַ נייער מלחמה ווי

פאַרן טויט, אָדער גרעטשקאָ, וועלכער רעדט אין נאָמען פון דער רוסישער אַרמיי. אפשר האָבן רעכט די, וואָס זענען איבערצייגט, אַז ווו די מלחמה זאָל ניט אויסברעכן, וועט סאָוויעט־רוסלאַנד זיין געצוווּנגען צו קעמפן אויף צוויי פראָנטן און דאָס וועט מיינען אַ זיכערע מפּלה פאַר דעם היינטיקן רעזשים.

דעם חשבון מאַכן ניט נאָר די, וועלכע ווינטשן, אַז דער סאָוויעטישער קאָמוניזם זאָל זיך איינברעכן. מען קען גוט אָלע עלעמענטן פון דעם רעזשים און דעם אויפרייס־מאַטעריאַל, וואָס דער סאָוויעטישער רעזשים האָט אַליין צוגעגרייט און אָנגעזאַמלט אין פאַרלויף פון צענדליגער יאָרן. דעם חשבון מאַכט מען אין מאָסקווער קרעמל און גלייכצייטיק ביי דער „נאַטאָ" אין בריסל.

די פרייע וועלט מוז פאַרגרעסערן איר פּאָטענציעלן כּוח, אָבער מען דאַרף דאָך האָפן, אַז דער צוזאַמענברוך פון סאָוויעטישן רעזשים וועט קומען ניט דורך אַ נייער מלחמה — וואָס קאָן זיין די שרעקלעכסטע אין דער געשיכטע — נאָר פון אַן אינעווייניקסטן אויפרודער.

(„פרייע אַרבעטער שטימע", אויגוסט 1974)

# די רוסישע אַרמיי

עס איז אינטערעסאַנט צו זען, ווי אין דער מיט פון די אומ־ענדלעכע קאָנפערענצן וועגן אַ זיכערן און פּערמאַנענטן שלום, האָט מען אָנגעהויבן דיסקוטירן גאַנץ אָפן די פראַגע וועגן דער „קוואַליטעט פונעם רוסישן זעלנער״, דאָס הייסט אייגנטלעך וועגן דער אַלגעמיינער קוואַליטעט פון דער רוסישער אַרמיי. מען פאַרגלייכט דעם רוסישן זעלנער מיט דעם אַמעריקאַנער. מען ווייסט, אַז סאָוויעט־רוסלאַנד איז זייער ערנסט פאַרנומען מיט דעם פּראָבלעם, ווייל די היינטיקע טעכניק, די מאָדערנע וואָפן און די מאָדערנע סטראַטעגיע, צו קעמפן אין דער לופט, אויפן ים און אונטערן וואַסער, טראָגן גאָר אַן אַנדערן כאַראַקטער ווי עס איז געווען אַ מאָל. עס זענען גאָר אַנדערע פאָדערונגען צו דער היינטיקער אַרמיי.

סטראַטעגיע אין אַ ריין־מיליטערישן זין האָט גאָרניט, אָדער כמעט גאָרניט צו טאָן מיט פּאָליטיק. די רוסישע אַרמיי איז געשלאָגן געוואָרן אין דער מלחמה ביי סעוואַסטאָפּאָל אין מיטן פון פאָריקן יאָרהונדערט; געשלאָגן געוואָרן אין אָנהייב פון היינטיקן יאָרהונדערט בעת דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה; געשלאָגן געוואָרן אין דער ערשטער וועלט־מלחמה און איז געראַטעוועט געוואָרן אין דער צווייטער וועלט־מלחמה נאָר אַ דאַנק דער קאָלאָסאַלער מיליטערישער הילף פון די פאַרבינדעטע, ס׳רוב אַמעריקאַנער הילף. די דייטשע אַרמיי האָט ניט נאָר באַלאַגערט מאָסקווע און לענינגראַד, נאָר איז דערגאַנגען ביז צו דער וואָלגע. די הילף פון די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע איז געשיקט געוואָרן

איבער דער לאַבראַדאָר און דעם אינדזל גרענלאַנד אין אַזעלכע מענגעס, אַז צוויי יאָר נאָך דער מלחמה האָט מען נאָך ניט געהאַט אין גאַנצן צוגענומען די אָנגעזאַמלטע קריגס־מאַטעריאַלן פון אי־ראַן. סטאַלין האָט ניט אויפגעהערט צו שרייען און פאַרלאַנגען, אַז די פאַרבינדעטע זאָלן וואָס גיכער עפענען „אַ צווייטן פראָנט״. סטאַלין איז געווען דער סטראַטעג מיט אַ גלאָבוס אין דער האַנט. דער וואָס האָט אַ מאָל געזען אַ דעטאַלירטע מאַפּע אין אַ גענעראַל־שטאַב ווייסט וואָס פאַר אַ ווערט עס האָט אַ גלאָבוס־סטראַטעגיע. אָבער דאָס איז געווען סטאַלין.

צי איז דער היינטיקער רוסיש־סאָוויעטישער זעלנער קול־טורעלער און אינטעליגענטער פונעם היינטיקן כינעזישן, אָדער אַמעריקאַנער זעלנער?

צי איז דער אָרגאַניזאַציאָנעלער אַפּאַראַט פון דער רוסישער אַרמיי בעסער ווי ער איז געווען מיט פופציק יאָר צוריק?

דאָס איז היינט דאָס וויכטיקסטע פּראָבלעם ניט נאָר פאַר דער „נאַטאָ״, נאָר אויך פאַר דעם אַמעריקאַנער קריגס־מיניסטער שלע־זינגער, אַן אַמעריקאַנער פון יידישער אָפּשטאַמונג. דער פּענטאַגאָן, דאָס אַמעריקאַנער קריגס־מיניסטעריום, לאָזט פון צייט צו צייט פון זיך הערן מיט קורצע, אָבער גאַנץ עקזאַקטע מעלדונגען וועגן די נייע דערגרייכונגען פון דער רוסישער אַרמיי. די מעלדונגען זעען אויס ווי זייער צוועק וואָלט געווען צו אינפאָרמירן ניט נאָר דעם דורכשניטלעכן אַמעריקאַנער עולם, נאָר אויך רוסלאַנד און דעם רוסישן גענעראַל־שטאַב:

— מיר פאַרהאַנדלען מיט אייך וועגן אַ זיכערן און אייביקן שלום. מיר דינגען זיך מיט אייך, מיר גיבן אייך נאָך, אָבער מיר ווייסן זייער גוט, וואָס עס זענען אייערע פּלענער פאַר היינט און פאַר דער צוקונפט... איר רעדט וועגן שלום, איר ווילט האָבן ביי אונדז קרעדיטן, אָבער מיר ווייסן גענוי וואָס עס זענען אייערע פּלענער...

אַרום דער פּאָליטיק פון אַלגעמיינער אָדער פּראָפּאָרציאָנעלער

אַנטוואָפּענונג גייט אָן אַן ערנסטע שפּיל, און ביידע צדדים ווייסן, אַז די שפּיל קאָן זיך ענדיקן זייער מיאוס. ווען ניקסאָן קומט קיין סאָוויעט־רוסלאַנד, באַגלייט פון זיין אויסערן־מיניסטער הענרי קיסינגער — אויך אַ מאַן פון יידישער אָפּשטאַמונג — ווערט ער אויפגענומען ווי אַן אַלטער בוזעם־פריינד. אַזוי שטאַרק היט מען אָפּ דעם טייערן גאַסט, אַז מען אַרעסטירט פאַר דער צייט פון זיין באַזוך עטלעכע צענדליגג יידישע אַקטיוויסטן, הגם דער אַמעריקאַנער פּרעזידענט ווייסט אַלץ וואָס האָט צו טאָן מיט די רוסישע „די־סידענטן" און יידישע „אַקטיוויסטן".

אין מאָסקווע ווייסט מען אַלץ וואָס עס קומט פאָר אין וואַשינגטאָן, נאָר אין זאַך ווייסט מען ניט, אָדער מען וויל ניט זויסן, אַז אין וואַשינגטאָן קאָן אין איין שיינעם טאָג געשען דאָס, וואָס איז געשען אין קאַיראָ מיט אַ פּאָר יאָר צוריק, ווען צוואַנציק טויזנט רוסישע „עקספּערטן" און „טעכניקערס" האָבן פּלוצלינג געמוזט פאַרלאָזן עגיפּטן, אָבער פאַרלאָזן „תיכף ומיד". עס האָבן ניט גע־האָלפן קיין שום רייד. מען האָט געמוזט פאָרן אַ היים און מען איז געפאָרן.

די פּערזענלעכע פריינדשאַפט צווישן ד"ר קיסינגער און דאָב־רינין, דעם סאָוויעטישן אַמבאַסאַדאָר אין וואַשינגטאָן, העלפט אויס־מיידן געפערלעכע קאָנפליקטן, אָבער ניט דעמאָלט ווען דער קאָנ־גרעס און דער סענאַט ווערן מיד פון דעם קאָנפליקט און דער סע־נאַטאָר פולברייט, דער פאָרזיצער פון דער איינפלוסרייכער און מעכ־טיקער סענאַט־קאָמיסיע, מאַכט פּלוצלינג אַ רייזע קיין פּעקין און פירט זיינע אייגענע פאַרהאַנדלונגען מיט די כינעזישע פירערס. מען ווייסט, אַז אַמעריקע וויל בשום אופן ניט דערלאָזן צו אַ גרויסער מלחמה אין אַזיע. מען האָט זיך נאָך ניט באַרואיקט און מען האָט נאָך ניט פאַרענדיקט ווי עס דאַרף צו זיין די מלחמה אין וויעטנאַם.

די סכנה פון דער היינטיקער דיפּלאָמאַטישער שפּיל באַשטייט אין דעם, אַז דער אָדער דער צווייטער צד זאָל ניט איבערשפּילן. איין פאַלשער שריט און עס קאָן פירן צו אַ שרעקלעכן אויפרייס.

ניט קוקנדיק אויף דעם וואָס אַזוי פיל געשעפטלעכע פאַרבינדונגען צווישן אַמעריקע און סאָוויעט־רוסלאַנד זענען שוין אין פולן גאַנג. מאָסקווע האָט, ווייזט אויס, שוין באַקומען ניט ווייניק הונדערטער מיליאָנען דאָלאַרן אין אַ באַהאַלטענער פאָרעם. דער באַזוך פון פולברייט אין פעקין אין מיטן פון דער קאַמפּאַניע קעגן פרעזידענט ניקסאָן מוז האָבן אַ ספּעציעלן באַטייט.

„ניט איבערשפּילן!" — דאָס מוז זיין היינט דער אַלגעמיינער רוף, אָבער די סאָוויעטישע דיפּלאָמאַטן מיינען איינס און גרעטשקאָ און זיין אַרמיי מיינען עפּעס אַנדערש. זיי האָבן פולן פאַרטרויען צו דעם רוסישן זעלנער, וועלכער ווערט איצט אַנאַליזירט און געפּאָרשט פון אַלע זייטן.

די רוסישע אַרמיי ביי דער כינעזישער גרענעץ ווערט אַלץ מער פאַרשטאַרקט אונטער דעם אויסרייד פון אַ פאַרשטאַרקטן כינעזישן אַנטי־סאָוויעטיזם. פעקין גלייבט ניט אין די סאָוויעטישע שלום־דעקלאַראַציעס און טייטשט זיי נאָר אויס ווי אַ דעקמאַנטל פאַר די צוגרייטונגען צו אַ גרויסער מלחמה. וואָס פאַר אַ פאַרהאַנדלונגען אין אייראָפּע און אַמעריקע די רוסן זאָלן ניט פירן, האָט מאָסקווע אין זינען מער פון אַלץ די גרענעץ און דאָס וואָס דאָ קאָן זיך אָפּשפּילן אַ ליאַדע טאָג.

סענאַטאָר פולברייט איז אַ גרויסער באַוווּנדערער פון קיסינגערס דיפּלאָמאַטיע און זיין אויפבויען די נייע פאַרבינדונג צווישן וואַשינגטאָן און פעקין. עס איז ניט אויסגעשלאָסן, אַז ס'איז געווען קיסינגערס איניציאַטיוו, אַז פולברייט זאָל אַליין אויסגעפינען אין וואָס פאַר אַ שפּאַנונג עס געפינט זיך היינט די פּאָליטישע לאַגע אין אַזיע.

(„לעצטע נייעס", דעם 2־טן אויגוסט 1974)

# פאַרשפּעטיקטע ליטעראַטור

די ליטעראַרישע קריטיקערס באַגייען אַ פעלער, ווען זיי זאָגן, אַז עס איז ניט מער ווי אַ צופאַל, וואָס גלייכצייטיק זענען איצט אַרויס אין אַמעריקע און אין ענגלאַנד נייע גרויסע און ערנסטע ווערק וועגן רוסלאַנד, וועגן סטאַלינען און סטאַליניזם. וועגן לע־נינען א. א. וו. ניין, איך מיין, אַז דאָס איז גאָרניט קיין צופאַל. פאַר־קערט, מען האָט זיך איצט געכאַפּט, אַז מען האָט שוין לאַנג בע־גליזשירט דאָס פּראָבלעם רוסלאַנד, אַז מען האָט געהאַט אַ גרויסן מאַטעריאַל און מען האָט געשוויגן. סאָלזשעניצין, מעדוועדיעוו און אַ סך אַנדערע אַרויסגעשיקטע און אַנטלאָפענע רוסישע שרייבערס האָבן סוף כל סוף אויפגעוועקט דאָס געוויסן פון דער וועלט. מען האָט פאַר זיך דערזען די אמתע פּעסט. מען האָט זיך דערשראָקן. גראָד די נאַרישע רייד וועגן דער „דעטאַנט" האָבן אַרויסגערופן אַ פּאַניק, אַ טויטשרעק. ווי לאַנג קאָן די ק.ג.ב. געוועלטיקן? ווי לאַנג קאָן דער „אַרכיפּעלאַג" עקסיסטירן? ווי לאַנג קאָן די קרעמל־חברה, אַ מין רוסישע פּאָליטישע מאַפיאַ, אָנגיין מיט איר אַרבעט?

וואָס מער סאָלזשעניצינס „אַרכיפּעלאַג" ווערט געלייענט, ווערט אַלץ קלאָרער, אַז די גאַנצע וועלט איז אין אַ געפאַר. וואָס איז דאָס היינטיקע רוסלאַנד אַ מין טשילע אָדער אוגאַנדע? צו וואָס איז געשאַפן געוואָרן די אָנ"ו? צו האַלטן רעדעס, צו מאַכן חוזק פון זיך און פון די אָנטיילנעמערס? צו האָבן דאָרט אַן אַגענטור און שפּיאָנירן?

פאַר וואָס האָט מען כמעט פאַרשוויגן סטאַליניזם, ווען דער

מערדער האָט געלעבט? עס זענען דאָ הונדערטער אַזעלכע פראַגעס. פאַר וואָס פאַרשוויגט מען דעם פאַקט, אַז אַ מיליאָן מענטשן זיצן נאָך היינט אין די רוסישע לאַגערן, ניט נאָר מאַסן יידן און אַ מאַסע פון ניט־יידן, רוסישע „דיסידענטן״?

ס׳איז גאָר ניטאָ ביי וועמען צו פרעגן.

דער צופאַל איז ניט קיין צופאַל. דער אַמעריקאַנער סענאַטאָר דזשעקסאָן איז ניט קיין פיינד פון רוסלאַנד, נאָר אַ בלוטיקער שונא פון סאָוויעטישן רעזשים און זיין דראַנג צו עקספּאַנסיע.

מיר האָבן ניט בדעה צו פאַרטיפן זיך היינט אין דער אידעאָלאָגיע און אין דער פּראַקטיק פון לעניניזם־מאַרקסיזם. מיר ווילן זיך אָפּשטעלן היינט אויף איינעם פון די נייע ענגלישע ווערק, וואָס איז געווידמעט דער געשיכטע פון דער רוסישער רעוואָלוציע און איינעם פון אירע פאַנטאַסטישע העלדן, סערגיי ניעטשאַיעוו. לויט זיין טעמפּעראַמענט איז ער געווען דער טיפּ פון אַ רעוואָלוציאָנער ווי וולאַדימיר איליטש לענין, נאָר אָן זיין טעאָרעטישן באַגאַזש און וויסן. לויט זיין רעוואָלוציאָנערן אימפּעט איז ער געווען אַ משוגענער, וואָס איז געווען גרייט צו באַגיין און איז באַגאַנגען יעדן מין פאַרברעכן — אַלץ אין נאָמען פון דער רעוואָלוציע.

כדי צו באַשרייבן דעם כאַראַקטער פון דעם אָ רעוואָלוציאָנערן טיפּ, דאַרף מען האָבן דעם טאַלאַנט פון דאָסטאָיעווסקי אָדער פון וויקטאָר הוגאָ. אַז ניעטשאַיעוו איז געווען פאַרכאַפּט פון אַ רעוואָלוציאָנערן פייער, קאָן מען זען פון דעם, אַז ער האָט געקאָנט אימפּאָנירן שטאַרק אַזאַ געניטן און קלאָרן רעוואָלוציאָנער ווי מיכאַאיל באַקונין, אַ מאַן פון די באַריקאַדן און אַ קעגנער פון קאַרל מאַרקסעס טעאָריע וועגן „דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט״. באַקונין האָט געזאָגט, אַז יעדע דיקטאַטור, צי אַ רעכטע אָדער אַ לינקע, מוז פירן צו אַ פאַרגוואַלדיקונג פון מענטשלעכע רעכט און פרייהייט. באַקונין האָט ווי אַ נביא פאָראויסגעזען די איבער־

קערעניש אין רוסלאַנד מיט דער דיקטאַטור פון אַ קליקע אין דעם קרעמל.

די באַגייסטערונג פון באַקונינען פון דעם יונגן ניעטשאַיעוו האָט לאַנג ניט געדויערט. ער האָט געזען מיט וועמען ער האָט צו טאָן און האָט זיך אָפּגעטרייסלט פון אים.

ניעטשאַיעוו האָט בשעת זיין באַזוך אין זשענעווע (1869) גע־זוכט און געפונען אַ בעסערן קליענט, ניט מער און ניט וויניקער ווי די שיינע טאָכטער פון אַלעקסאַנדער הערצען, דעם באַרימטן רוסישן ראַדיקאַלן שרייבער, אַרויסגעבער אין לאָנדאָן פון דעם רוסישן זשורנאַל „קאָלאָקאָל" („דער גלאָק"). הערצענס טאָכטער, די פיינע „טאַטאָ", נאַטאַליע הערצען, איז שיער ניט אַריינגעפאַלן אין די הענט פון דעם רעוואָלוציאָנערן טיפּ. ניעטשאַיעוו האָט גע־דאַרפט האָבן געלט — נאַטירלעך, פאַר רעוואָלוציאָנערע צוועקן —אָבער דאָס מיידל האָט געהאַט מזל און איז געווען גענוג קלוג אין צייט פּטור צו ווערן פון אים. דאָס בוך „די טאָכטער פון אַ רעוואָלוציאָנער" איז רעדאַגירט פון פּראָפעסאָר פון ירושלימער אוניווערסיטעט קאָנפינאָ, וועלכער איז גוט באַקאַנט מיט דער קאָ־רעספּאָנדענץ צווישן דעם פאַרפירערישן רעוואָלוציאָנער און נאַ־טאַליען.

דער גרויסער אומגליק פון יעדן רוסישן רעזשים, פון דעם אַלטן אַזיאַטישן רעזשים און פון דעם נייעם באַרבאַרישן סטאַליניזם, באַשטייט הויפּטזאַכלעך אין דעם, וואָס דאָס לאַנד איז שטענדיק געווען אַרומגעצוימט מיט אַ כינעזישער מויער און דאָס אויסלאַנד האָט עס קיין מאָל ניט געקענט. אַלעקסאַנדער הערצען און טור־געניעוו, דער גרויסער ראָמאַן־שרייבער, האָבן געלעבט אין אויס־לאַנד. הערצען האָט אפילו מיט געלט געשטיצט דעם אויפשטאַנד פון פוילן אין 1863 קעגן דער רוסישער אימפּעריע. ניקאָלאַי דער ערשטער איז געווען אַ ברוטאַלער דעספּאָט, זיינע אייגענע קינדער האָבן געציטערט, ווען ער פלעגט אויף זיי קוקן. וועגן דער לאַגע פון די פּויערים איז ניט מעגלעך צו רעדן אָן האַרצקלאַפּעניש; זיי

פלעגן אַנטלויפֿן אין די וועלדער און לעבן פֿון רויב און מאָרד. דער פֿאָטער פֿון דאָסטאָיעווסקין, אַ מיליטער־דאָקטער, האָט אַזוי באַהאַנדלט זיינע פֿויערים־שקלאַפֿן, אַז זיי האָבן אים דערהרגעט. ערשט אין 1861 האָט מען באַפֿרייט די פֿויערים פֿון שקלאַפֿעריי.

די רוסישע יידן האָבן געליטן ווי בירגערס פֿון צענטן קלאַס. עס איז זיי געווען פֿינצטער און וויסט. די פּראָטעסטן פֿון אויסלאַנד האָט מען באַטראַכט ווי אַן „אַריינמישן זיך אין די אינערלעכע אַנגעלעגנהייטן״.

אַוואַנטוריסטישע טיפּן ווי ניעטשאַיעוו האָבן געבראַכט רוס־לאַנד צו דעם סטאַליניזם, וואָס האָט איבערגעטאַנצט די מערדע־רישע ברוטאַליטעט פֿון אַלטן רעזשים. באַקונין האָט ריכטיק אָפּגע־שאַצט די רוסישע „דיקטאַטור פֿון פּראָלעטאַריאַט״....

ווי געזאָגט, עס איז אַ פּאַרשפּעקטיקטע ליטעראַטור, אָבער עס איז פּאָרט בעסער שפּעטער איידער קיין מאָל ניט...

(„פֿרייע אַרבעטער שטימע״, אויגוסט 1974)

# פאַרשווייגן אָדער משפּטן?

מען זיצט אין אַ קרייז פון וויכטיקע יוריסטן און מען דעבאַ־טירט דאָס פּראָבלעם פון אינטערנאַציאָנאַלער יורידישער דיסציפּלין, — אויב אַזאַ דיסציפּלין עקסיסטירט; אינטערנאַציאָנאַלע פאַר־ברעכנס און אינטערנאַציאָנאַלע שטראָף. מען דעבאַטירט דעם נירנ־בערגער פּראָצעס: האָט מען געהאַט דאָס רעכט צו משפּטן און פאַרמשפּטן צום טויט די גרויסע נאַצי־פאַרברעכערס און לאָזן זיי עפנטלעך אויפהענגען? ס׳איז דאָ אַ מיינונג, אַז די זיגערס האָבן ניט געהאַט אַזאַ רעכט און קיין אינטערנאַציאָנאַלע יוריספּרודענץ פון אַזאַ מין איז ניטאָ. אָבער ניין פאַרברעכערס האָט מען געהאָנ־גען, היטלער, הימלער, גערינג און די געבעלס־משפּחה זענען באַ־גאַנגען זעלבסטמאָרד.

ס׳איז ניט סתם אַ דעבאַטע וועגן יושר און געזעץ. ס׳איז זייער אַן ערנסטער ענין. סאָלזשעניצין ברענגט אַ גרויסע רשימה פון קרבנות אין זיין „אַרכיפּעלאַג", גיט זייערע נעמען און שילדערט זייערע ליידן. דער גאַנצער „אַרכיפּעלאַג" איז אַן אָנקלאָגאַקט, אַ יורידישער אָנקלאָגאַקט. עס זענען דאָ די נעמען פון די פאַרברע־כערס, די אמתע ניט פאַרשטעלטע נעמען פון די קרבנות און אַלע איינצלהייטן פון פאַרברעכן.

איז עס מעגלעך, אַז די פאַרברעכערס זאָלן קיין מאָל ניט גע־משפּט ווערן? האָבן די סאָוויעטישע פאַרברעכערס אַ ספּעציעלע פּריווילעגיע צו באַגיין הימל־שרייענדיקע פאַרברעכנס און זיין זי־כער, אַז מען וועט זיי ניט באַשטראָפן? האָט סטאַלין געהאַט אַזאַ

פריווילעגיע, סטאַלין און זיינע באַהעלפערס? האָבן די יורשים פון דעם קאַווקאַזישן בלוטיקן דיקטאַטאָר בכלל איבערגענומען סטאַ־לינס רעכט אויף מענטשלעכע לעבנס?

אין אַלטן רוים האָט געהערשט — טעאָרעטיש — דער כלל: „זאָל הערשן יושר — אפילו אויב צוליב דעם וועט די וועלט אונ־טערגיין״ („פיאַט יוסטיציאַ — פערעאַט מונדוס״). אפשר איז עס געווען נאָר אַ טעאָרעטישער פרינציפ...

אין דעם גאַנצן ענין „אַרכיפּעלאַג״ איז דאָ אַ וויכטיקער עלע־מענט: סאָלזשעניצין, מעדוועדיעוו און עטלעכע צענדלינג אַרויס־געשיקטע אָדער אַנטלאָפענע „דיסידענטן״ געפינען זיך ניט מער אין די הענט פון דער סאָוויעטישער רעגירונג. זיי אַלע, היינט פרייע בירגערס אין אַ פרייער וועלט, זענען ניט נאָר אָנקלאָגערס, נאָר אויך עדות פון די באַגאַנגענע פאַרברעכנס. מען קאָן זיך קוים פאָר־שטעלן אַ מאָנסטער־פּראָצעס פון דעם וואָס איז געשען אין די לאַ־גערן פון דעם „אַרכיפּעלאַג״ און אין אַנדערע באַהאַלטענע פלע־צער. אָבער עס איז ניט מעגלעך צו מאַכן שלום מיט דעם געדאַנק, אַז די פאַרברעכנס וועלן פאַרשוויגן ווערן און ניט אַרויסגעבראַכט ווערן אין אַן אָפענעם געריכט־פּראָצעס.

איך דערמאָן זיך זייער גוט דעם „פּריוואַטן פּראָצעס״, וואָס איז געפירט געוואָרן אין לאָנדאָן מיט עטלעכע צענדלינג יאָר צו־ריק, ווען היטלער האָט געלאָזט פאַרברענען דעם רייכסטאַג. די נאַציס האָבן זיך אַ ביסל דערשראָקן פאַר דעם טומל, וואָס די שריפה האָט אַרויסגערופן אין דער וועלט. זיי האָבן דעמאָלט גע־פונען אַ יונגן גייסטיק־קראַנקן האָלענדישן בחור, וועלכער זאָל האָבן אונטערגעלייגט פייער אונטער דער ריזיקער געביידע. דאָס איז געווען שווינדל. די נאַציס האָבן דעמאָנסטרירט זייער גרייט־קייט ניט אָפּצושטעלן זיך פון קיין שום פאַרברעכן, כדי צו באַ־ווייזן, וואָס זיי מיינען מיט איבערנעמען די מאַכט. איך געדענק ניט איצט די רייכסטאַג־מענער ביים פּראָצעס, אָבער מען האָט פאַר־שטאַנען זייער גוט, וואָס מען קאָן דערוואַרטן פון די באַרבאַרן. עס

איז אויך געווען דער אָנהייב פון דער פּאַרטיליקונג פון מיליאָנען ייִדן...

ווי געזאָגט, עס איז געווען אַ „פּריוואַטער פּראָצעס" און קיין קאָנקרעטע קאָנסעקווענצן האָט ער ניט געקאָנט האָבן.

די אָנ"ו, דער היינטיקער העכסטער אָפיציעלער טריבונאַל אין דער וועלט, וואָלט געדאַרפט זיין די אינסטיטוציע צו פּאַרלאַנגען אַן אמתן טריבונאַל, עס איז ניט דער ווונטש צו זען די געפאַלענע קעפּ פון די פּאַרברעכערס. עס איז דער ווונטש צו וואָרענען די אומפאַראַנטוואָרטלעכע פירערס פון די נייע מלוכות אין אַפריקע און אין דרום־אַמעריקע, ס'רוב די מיליטערישע פּוטשיסטן, אַנ־זאָגן זיי אַלערליי שטראָפן און אויף יעדן פאַל צונעמען ביי זיי דאָס רעכט צו זיין אַ מיטגליד אין דער אָנ"ו. עס איז אַ קאָמפּליצירט און דרינגלעך פּראָבלעם. עס איז ניט קיין ענין פון נעמען נקמה פאַר די באַגאַנגענע פאַרברעכנס. עס איז אַ פּראָבלעם פון ניט אומקערן זיך צום מיטלעלטער און זיין באַציאונג צום מענטשן, צום יחיד. די אָנ"ו האַלט אָפּ אָן אַ שיעור קאָנפערענצן, אָבער דער־ווייל ווערן איגנאָרירט די עלעמענטאַרע מענטשן־רעכט און דאָס לעבן פון די מאַסן ווערט נעגליזשירט.

דער פּראָצעס אין לאָנדאָן האָט, נאַטירלעך, דעם כאַראַקטער פון אַמאַטאָרישער יוריספּרודענץ און האָט קיינעם ניט פאַרפליכט. דער פּראָצעס אין נירנבערג האָט געמוזט אַרויסרופן אַ שרעק, ווייל ער האָט געהאַט צו טאָן מיט בעסטיעס, וואָס האָבן אויסגעמאָרדעט מיליאָנען מענטשן. אַ מאַן ווי גערינג, משוגע ווי ער איז געווען, — צוויי מאָל געווען אַ פּאַציענט אין שפּיטאָלן פאַר גייסטיק־קראַנ־קע — האָט זיך ניט געוואָלט בייגן פאַר דעם פסק־דין און האָט איינגענומען סם אַנשטאָט געהאָנגען צו ווערן.

סאָלזשעניצין האָט פאַרעפנטלעכט נאָך דעם אָנהייב פון „אַר־כיפּעלאַג" און נייע טיילן פון זיין דאָקומענטן־זאַמלונג דאַרפן דער־שיינען. עס איז אַ מאַטעריאַל פאַר אַן אויספאָרש־ריכטער און פאַר אַ געריכט. ניט באַטראַכטן דעם „אַרכיפּעלאַג" פאַר אַן אָנקלאָג־

אַקט און ניט אָנפירן אַ פּראָצעס קעגן די שולדיקע קאָן נאָר דער, וואָס וויל אונטער אַלע אומשטענדן פאַרשווייגן דאָס געשעענע און זיך מאַכן ניט וויסנדיק.

דער הויפּט־שולדיקער אין די פאַרברעכנס און זיינע מיטשול־דיקע מיטאַרבעטערס זענען מער ניטאָ אויף דער וועלט. געווען מיט־אַרבעטערס מיט סטאַלינען לעבן נאָך און גייען אַן מיט דער „אַר־בעט״. ווי געזאָגט, האַנדלט זיך איצט ניט וועגן נקמה און שטראָף. עס איז אַ שטיק פאַרבלוטיקטע געשיכטע פון רוסלאַנד און די פאַקטן דאַרפן פעסטגעשטעלט ווערן אַזוי, ווי זיי זענען געווען באמת. עס זענען אַוועק צענדליגער יאָרן, אָבער די פאַרברעכנס זענען ניט פאַרגעסן, טאָרן ניט פאַרגעסן ווערן. דער „אַרכיפּעלאַג״ איז איבערגעזעצט אין אַ סך שפּראַכן. מיליאָנען מענטשן האָבן געלייענט די זאַמלונג פון די שרעקלעכע דאָקומענטן. מיליאָנען מענטשן האָבן פאַרלוירן אין דער קאַטאַסטראָפע זייערע נאָענטע און מיליאָנען מענטשן פאַרלאַנגען אַ פּראָצעס. אַזאַ מאָנסטער־פּראָ־צעס דאַרף פאָרקומען, אַז די פאַרברעכנס זאָלן ניט פאַרשוויגן און ניט פאַרגעסן ווערן.

מענטשן מעגן פאַרגעסן גרויסע געשעענישן אָבער די גע־שיכטע פאַרגעסט זיי ניט .דער פּראָצעס מוז אָרגאַניזירט און דורכ־געפירט ווערן ווי אַן אַקט פון אַן אָפיציעלער אינסטיטוציע. עס האַנדלט זיך ניט נאָר וועגן אַ דעזינפעקציע נאָך אַ פעסט, נאָר וועגן אַ פאַרברעכן, וואָס ווערט נאָך היינט פּראַקטיצירט אין סאָוויעט־רוסלאַנד און אין אַ ריי דיקטאַטאָרישע קלענערע לענדער, — היינט, ווען עס עקסיסטירט די אָנ״ו און עס עקסיסטירט דאָס העכ־סטע אינטערנאַציאָנאַלע געריכט. עס איז ניט צו שפּעט דורכצו־פירן אַזאַ מין חשבון־הנפש. עס וועט קיין מאָל ניט זיין צו שפּעט. מיר האָבן ניט נאָר דאָס רעכט, נאָר מיר האָבן די פליכט צו גע־דענקען דעם אַלט־רוימישן כלל: גערעכטיקייט זאָל הערשן אויף דער וועלט...

(„פרייע אַרבעטער שטימע״, אָקטאָבער 1974)

# מזומנים און קרעדיטן

עס וואָלט געווען זייער אינטערעסאַנט צו וויסן די מעכאַניק פון סאָוויעט־רוסלאַנדס פינאַנס־פּאָליטיק. די סאָוויעט־רעגירונג שיקט קיין סיריע און איראַק מאַסן פון דער סאָוויעטישער אַמו־ניציע. די סחורה מוז קאָסטן הונדערטער מיליאָנען דאָלאַרן, וועלכע קאָנען ניט באַצאָלט ווערן פון די אַראַבישע לענדער. דאָס נייע רוסישע געווער דאַרף קאָנקורירן מיט דעם אַמעריקאַנער געווער, וואָס ווערט געשיקט צו מדינת ישראל. די רוסן זאַמלען אין דעם נאָענטן מזרח אַזוי פיל געווער, וויפל ס'איז נאָר מעגלעך אין פאַל ווען מען וועט עס פּלוצלינג דאַרפן האָבן...

עס איז ניט מער ווי לאָגיש צו פרעגן, פון וואַנען קומען די הונדערטער מיליאָנען דאָלאַרן אויף צו פּראָדוצירן די מאָדערנע נייע רוסישע וואפן?

זענען דאָס ספּעציעלע פאָנדן, מלחמה־פאָנדן?

ווי באַקאַנט, האָט די סאָוויעט־רעגירונג שוין אַריינבאַקומען פון אַמעריקע עטלעכע הונדערט מיליאָן דאָלאַר, נאָך איידער די קיסינגער — ברעזשניעוו־פאַרהאַנדלונגען וועגן אַ גרויסן פונדאַ־מענטאַלן אָפּמאַך צווישן די צוויי לענדער האָבן זיך פאַרענדיקט. עס איז לעכערלעך צו האָבן טענות צו קיסינגערן פאַר זיין נאָכ־גיביקייט. ווען אַזעלכע צוויי סופּער־גרויסמאַכטן ווי דער ראַטנ־פאַרבאַנד און די פאַראייניקטע שטאַטן, צוויי לענדער מיט קעגנ־זעצטע רעזשימען און אידעאָלאָגיעס, פאַרהאַנדלען וועגן אַ פּער־מאַנענטן שלום, דאַרף מען זיין צוגעגרייט צו אַלערליי אינצידענטן.

קיסינגער האָט אויף זיך גענומען אַ העלדן־ראָל איינצוברעכן די עקשנות פון דער סאָוויעטישער אידעאָלאָגיע און האָט, ניט גע־קוקט אויף אַלע שוועריקייטן, פאָרט דערגרייכט אַ געוויסע בויג־זאַמקייט מצד מאָסקווע. ער האָט נאָך אַ לאַנגן וועג צו גיין ביז דער הויפּטצוועק פון די פאַרהאַנדלונגען וועט דערגרייכט ווערן.

אָבער אויב די אַמעריקאַנער געלטער זענען באַנוצט געוואָרן פאַר דעם נייעם געווער, וואָס איז באַרעכנט ס׳רוב פאַר אַן עווענ־טועלן קאַמף קעגן אַמעריקע, וועט מען קאָנען נאָר זאָגן, אַז מאָס־קווע בלייבט מאָסקווע, אַז מאָסקווע ענדערט זיך גאָרניט. צי דאָס אַוועקגיין פון ניקסאָן און דאָס קומען פון פּרעזידענט פאָרד וועט ברענגען אַ געוויסע ענדערונג, וועט מען ערשט זען נאָך דעם ווי דער אַמעריקאַנער פּרעזידענט וועט זיך טרעפן פערזענלעך מיט לעאָניד ברעזשניעוו.

מען איז געצוווּנגען נאָך אַ מאָל צו זאָגן, אַז די סאָוויעטישע אידעאָלאָגיע איז איינס, און די סאָוויעטישע פּראַקטיק איז גאָר אַן אַנדערע זאַך. עס איז גוט, וואָס קיסינגער האָט נאָך אַלעמען פאַרשטאַנען, אַז עס איז אַרויסגעוואָרפן די מי צו דערגרייכן אַ פונדאַמענטאַלן אָפּמאַך צווישן די צוויי צדדים און אַז עס האָט אַ גרעסערן זין צו קומען צו אַ פאַרשטענדיקונג פון פאַל צו פאַל. דעמאָלט וועט אפשר מעגלעך זיין צו דערגרייכן אַ געוויסן גראַד פון אמתער קאָאָפּעראַציע...

די רייד וועגן זעכציק טויזנט וויזעס פאַר רוסישע יידן, וואָס ווילן זיך באַזעצן אין ישראל — זעכציק אָדער גאָר ניינציק טויזנט — זענען אויך אַרויסגעוואָרפן אַזוי לאַנג, ביז עס הערשט די היינ־טיקע אַטמאָספערע, די אַטמאָספערע פון קעגנזייטיקער פיינד־שאַפט. עס זיצן נאָך ביז צום היינטיקן טאָג געצווּנג יידן אין די רוסישע געפענגענישן, ניט קיין געמשפטע, נאָר פאַר זייער ווונטש צו פאַרלאָזן דאָס לאַנד. צו דעם מוז נעמען אַ סוף.

מען דאַרף האָבן אַ סך געדולד און מען דאַרף ניט זיין דער־שטוינט, אַז ווידער און ווידער וועלן זיך די פאַרהאַנדלונגען צווישן

די צוויי רעגירונגען „אָנהייבן" און ניט פאַרענדיקט ווערן ביז צו אַ נייעם „אָנהייב". מען דאַרף האָבן פאַר די פאַרהאַנדלונגען מיט רוסלאַנד די רוסישע געדולד. די פראַגע פון „מזומנים און קרעדיטן" האָט אייגנטלעך ווייניק צו טאָן מיט יידישע אינטערעסן, ווייל דער אַמעריקאַנער געלטגעבער איז דירעקט פאַראינטערע־סירט אין דעם ענין. מאָסקווע מיינט, אַז די אַמעריקאַנער זענען אַזוי נאַאיוו, אַז זיי פאַרשטייען ניט, אַז זיי האָבן דאָ צו טאָן מיט אַ פּאָליטישן פּראָבלעם און ניט מיט קיין פינאַנסיעלן. מען רעדט וועגן צענדליגער טויזנטער וויזעס פאַר יידישע עמיגראַנטן ווי דאָס וואָלט געווען דער קערן פון דעם גאַנצן רוסיש־אַמעריקאַ־נישן פּראָבלעם, אָבער דאָס איז עס ניט. קיסינגער האָט אָפּגעטאָן אַ שיין שטיקל אַרבעט און האָט אָפּגערייניקט דעם וועג פאַר דירעקטע, אָפענע פאַרהאַנדלונגען. סענאַטאָר דזשעקסאָן און סע־נאַטאָר פולברייט זענען אפשר ניט געווען קיין סטודענטן אין האַרוואַרד־אוניווערסיטעט, אָבערביידע זענען צו געניטע פּאָלי־טיקער, דאָס וואָס מען רופט אָן רעאַל־פּאָליטיקער , און דער אַמע־ריקאַנער אינטעליגענס־סערוויס האָט אויך גענוג דערפאַרונג, כדי צו באַזאָרגן זיי מיט די נויטווענדיקע אינפאָרמאַציעס. נאָך אַלעמען איז אפשר ריכטיק דער קלאַנג, אַז אין מאָסקווע האָט מען באַשלאָסן צו נאָרמאַליזירן די באַציאונגען מיט מדינת ישראל און אומקערן זיך צו ריכטיקע דיפּלאָמאַטישע פאַרבינדונגען מיט ירושלים. פון דעם קאָנען געווינען ביידע צדדים, אויך דער ענין „מזומנים אָדער קרעדיטן" קאָן זיך אַ רוק טאָן פאָראויס און ניט בלייבן שטיין יעדן צווייטן טאָג ביי אַ נייעם קאָנפליקט און צוזאַ־מענפאַלן...

(„לעצטע נייעס", דעם 6־טן נאָוועמבער 1974)

# דער פּראָוואָקאַטאָר

דאָס מיאוסע וואָרט „פּראָוואָקאַטאָר" האָט באַקומען אינטער־נאַציאָנאַלע פּאָפּולאַריטעט הויפּטזאַכלעך אַ דאַנק די רוסישע רע־וואָלוציאָנערע באַוועגונגען. אַ גרויסער „סטאַר" איז געווען דער באַרימטער נעטשאַיעוו, וועלכער האָט אָנגעהויבן זיין קאַריערע פון אַ רעוואָלוציאָנער אַלס גוטער פריינד, שיער, שיער ניט אַלס אינטימער פריינד פון באַקונין, דעם אַנאַרכיסט און קעמפער אויף באַריקאַדן. דער האַלב־משוגענער חברה־מאַן איז געווען פעאיק צו באַגיין יעדעס פאַרברעכן און איז באַגאַנגען שרעקלעכע פאַר־ברעכנס — אַלץ צוליב זיין רעוואָלוציאָנערן אידעאַליזם און באַ־קונין האָט שפּעטער אָפּגעטרייסלט זיך פון אים — צו שפּעט.

צום באַדויערן, זענען צווישן די רוסישע רעוואָלוציאָנערן די פּראָוואָקאַטאָרן געווען אויך יידן. דער מערדער פון דעם פּרעמיער־מיניסטער סטאָליפּין איז געווען דער ייד באַגראָוו, וועלכער איז געווען אַ סאָציאַל־רעוואָלוציאָנער און גלייכצייטיק אַן אַגענט פון דער געהיימער פּאָליציי. ער האָט דערשאָסן סטאָליפּינען אין דער אָפּערע פון קיעוו פאַר די אויגן פון ניקאָלאַי דעם צווייטן.

דער גרעסטער פון די רעוואָלוציאָנערע פּראָוואָקאַטאָרן איז געווען דער ייד אזעף, וועלכער איז געווען דער העכסטער שעף פון דער „באָיוווקע" פון די סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן און גלייכ־צייטיק אַן אַגענט פון דער אָכראַנע. ער האָט אומגעבראַכט אַלס אַגענט אַ סך רעוואָלוציאָנערן, אָבער דערפאַר אָרגאַניזירט דעם מאָרד פון דעם גרויספירשט סערגיי אַלעקסאַנדראָוויש, דעם גענע־

ראַל־גובערנאַטאָר פון מאָסקווע, אַ ווילדע בעסטיע און אַ בלוט־טיקער שונא ישראל. אַ באָמבע, געוואָרפן פון קאַליסעס האָט אים צעריסן אויף שטיקער.

אַז אזעף איז געווען אַן אַגענט־פּראָוואָקאַטאָר האָט באַשטעטיקט דער דירעקטאָר פון פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט לאָפּוכין אין אַ שמועס מיט דעם באַקאַנטן היסטאָריקער פון די רוסישע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונגען בורצעוו. עס האָט דעמאָלט געמאַכט אַ געוואַלדיקן רושם אין רוסלאַנד און אין אַלע צענטערן פון דער וועלט.

איך וואָלט באַגאַנגען אַ גרויסע זינד אויב רעדנדיק וועגן די רוסישע רעוואָלוציאָנערע פּראָוואָקאַטאָרן וואָלט איך ניט דערמאָנט דאָ מאַלינאָווסקי, דעם פּערזענלעכן פאַרטרויאונגס־מאַן פון וולאַדימיר איליטש לענין. איך האָב געהאַט דעם זכות צו זען אים יאָרנלאַנג אַזוי גוט ווי יעדן טאָג ווען ער איז געווען אַ דעפּוטאַט אין דער לעצטער דומע און דער פירער פון אַ צענדלינג באָלשעוויקעס, זייענדיק אַן אַגענט פון דער אָכראַנע, דאָס הייסט, אַ באַצאָלטער פּראָוואָקאַטאָר.

עס זענען אַוועק איבער 60 — זעכציק! — יאָר זינט דעם טאָג ווען ראָדזיאַנקאָ, דער פּרעזידענט פון דער דומע, האָט איבערגעריסן די נאָכמיטאָג־זיצונג און גערופן צו זיך אין קאַבינעט דעם סעניאָרן־קאָנגרעס, דאָס הייסט, פאַרטרעטער פון אַלע פּאַרטיי־גרופּירונגען, כדי זיי לאָזן צו וויסן, אַז ער האָט באַקומען אַן אָפּיציעלע באַשטעטיקונג, אַז מאַלינאָווסקי איז אַן אַגענט פון דער אָכראַנע, אַ פּראָוואָקאַטאָר. זיינע „רעדעס" זייער רעוואָלוציאָנערע, פלעגט מען שרייבן פאַר אים אין דעם פּאָליציי־דעפּאַרטאַמענט. ווי נאָר ער פלעגט זיי איבערלייענען פון דער טריבונע איז ער באַלד געקומען צו לויפן אין דער פּרעסע־לאָזשע און פאַרגעשלאָגן זיין סחורה וואָס קיין מענטש האָט ניט געוואָלט צורירן זיך צו איר. איך געדענק דעם טאָג אַזוי ווי דאָס וואָלט געווען ערשט נעכטן. מאַלינאָווסקי איז אַנטלאָפן דעם איגענעם טאָג, אָבער גע־

קומען צוריק ווען די באָלשעוויקעס האָבן איבערגענומען די מאַכט. מען האָט אים געמשפּט — אין אָנוועזנהייט פון לענין — און דער־שאָסן...

איך דערצייל דאָס אַלץ ניט כדי די לייענער זאָלן געניסן פון דעם קרימינאַל־ראָמאַן, נאָר כדי יידן זאָלן פאַרשטיין די סובסטאַנץ פון דער רוסישער נשמה, די אַזוי פיל באַזונגענע „דושאַ". די דאָזיקע „דושאַ" איז אויף אַלץ פעאיק. זי קאָן אין דער אייגענער צייט זוכן קרעדיטן און האַנדלס־פּריווילעגיעס און געהיים באַ־וואָפענען די אַראַבישע לענדער און פּראָוואָצירן אַ מלחמה. מען מוז דאָך זיך פרעגן: ווי איז אַזאַ קאָמבינאַציע מעגלעך?

אָבער ווען לענין האָט געקאָנט האָבן אַ פאַרשטענדיקונג מיט דעם דייטשן גענעראַל־שטאַב בשעת דייטשלאַנד האָט פּאָגראָמירט רוסלאַנד, פאַרוואָס האָט מאַלינאָווסקי ניט געקאָנט זיין אַ באָל־שעוויסטישער דעפּוטאַט און גלייכצייטיק אַן אַגענט פון דער אָכ־ראַנע און אַ פּראָוואָקאַטאָר? אויסלענדער, וואָס האָבן ניט גע־לעבט אין רוסלאַנד, זאָגן זיך אָפּ צו גלייבן, אַז דאָס איז אמת וואָס מען דערציילט.

בשעת ברעזשניעוו איז געווען אין וואַשינגטאָן און געפּרע־דיקט „דעטאַנט", דאָס הייסט, „לאָמיר זיך איבערבעטן", איז קאָ־סיגין געפלויגן אין די אַראַבישע לענדער און זיך באַראַטן ווי אַזוי אַמבעסטן צו איבעררעשן די יידעלעך, אַז זיי זאָלן שוין קיין מאָל ניט קאָנען קומען צו זיך. ווען מען האָט זיי געכאַפּט ווי גנבים בשעת דער גניבה האָט דער אייגענער ברעזשניעוו געדראָט, אַז ער וועט „פאַרניכטן" מדינת ישראל, ניט מער און ניט ווייני־קער. און אַלץ גייט ביי זיי צוזאַמען: מיטלענדישער ים, אינדי־שער אָקעאַן, קורילן־אינדזלען, מאָנגאָליע, פּראַג, בודאַפּעשט, נאָר־וועגישע באַזעס, וואָס איר ווילט...

מען וויל פאַרשטיין, אָבער עס איז שווער צו באַנעמען פּסי־כאָלאָגיש דעם רוסישן פענאָמען. די אַוואַנטורע אין נאָענטן מזרח

איז נאָך ניט פֿאַרענדיקט און שווין גרייט מען זיך צו אַ נייער אַוואַנטורע.

עס ווערט זייער ווייניק געשריבן וועגן דעם וואָס עס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין דער נאַכט פֿון 25־טן אָקטאָבער 1973 ווען פּרעזידענט ניקסאָן האָט דעקלאַרירט כמעט קריגס־צושטאַנד פֿון אַלע אַמעריקאַנער מיליטערישע כוחות. דאָס איז געווען נאָך דעם ווי ער האָט באַקומען פֿון ברעזשניעוון אַ גראָביאַנסקע דראָאונג, אַז ער איז גרייט צו מאַרשירן מיט פֿאַראַשוטיסטן און פֿאַרניכטן ישראל. ווען אַלע איינצלהייטן וועלן ווערן באַקאַנט וועט מען ווּיסן, אַז מיר זענען געווען ערב אַ מלחמה צווישן אַמעריקע און סאָ־וויעט־רוסלאַנד, אפשר נאָר פֿינף מינוט פֿאַר דער מלחמה...

וואָס דער קרעמל האָט זיך אין יענע טעג דערלויבט קאָן מען דערקלערן נאָר מיט דער מענטאַליטעט פֿון פּראָוואָקאַטאָרן. „אַזוי איז עס שטענדיק געווען — אַזוי וועט עס שטענדיק זיין" — דאָס איז אַ כלל וואָס ניט קיין אַנדערער ווי סטאָליפּין האָט דע־קלאַרירט. אַ שעה נאָך דעם ווי ניקאָלאַי דער צווייטער האָט זיך געלאָזט איבעררעדן פֿון דעם קריגס־מיניסטער סוכאמלינאָוו און האָט אונטערגעשריבן דעם דעקרעט וועגן אַן אַלגעמיינער מאָבי־ליזאַציע — פֿאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה — האָט ער גע־הייסן אָפּשטעלן די מאָביליזאַציע, אָבער עס איז געווען צו שפּעט. ער האָט געוווסט, אַז ער האָט אונטערגעשריבן זיין טויט אָדער זיין זעלבסטמאָרד־אורטייל. דאָס אייגענע האָט זיך איצט אָפּגע־שפּילט אין דעם קרעמל, ווען ברעזשניעוו האָט באַפֿוילן צו מאָבי־ליזירן די פֿאַראַשוטיסטן. ער וועט איצט האָבן „צו זינגען און צו זאָגן". ניט נאָר יידן ווייסן, נאָר אַלע ווייסן, אַז דער אינטערנאַ־ציאָנאַלער שלום־קאָנגרעס אין מאָסקווע איז געווען ניט מער ווי אַ מאַסקאַראַד און אַז אַלץ ווערט געטאָן כדי צו פֿאַרשלייערן די צוגרייטונג צו אַ גרויסן פּאָגראָם.

אינעם פּאַריזער בלאַט „לע מאָנד" (פֿון 3־טן נאָוועמבער 1973) איז דערשינען אויף דער ערשטער און דריטער זייט אַ סענסאַציאָ־

נעלער אַרטיקל אונטער דעם טיטל „וואָס איז געשען דעם 25־טן אָקטאָבער?״. דער אַרטיקל דערציילט אויספירלעך וועגן די רו־סישע צוגרייטונגען צו אַ גרויסער מלחמה. פון דעם אַרטיקל, פאַר־שטייט מען, אַז דער מחבר ווייסט אַ סך מער ווי ער דערציילט. דער אַרטיקל באַווייזט דרך אגב, אַז די פראַנצייזישע עפנטלעכע מיינונג לאָזט זיך ניט פאַרפירן פון דער פראָ־רוסישער און פראָ־אַראַבישער פּאָליטיק פון דער פראַנצייזישער רעגירונג. פראַנק־רייך איז היינט אין די הענט פון אַ גאָליסטישער רעגירונג, וועלכע רעכנט זיך ניט מיט דער עפנטלעכער מיינונג פונעם לאַנד, אָבער דאָס איז, ווי געזאָגט, אַ קאַפּיטל פאַר זיך.

אין צענטער פון דער אויפמערקזאַמקייט פאַרבלייבט דער מאָסקווער קרעמל און זיינע מושלים...

(„לעצטע נייעס״, דעם 23־טן נאָוועמבער 1973)

# הונדערט יאָר מלחמה

ס׳איז ניט קיין דיסקוסיע סתם וועגן מלחמות. ס׳איז אַ פראַגע וועגן דער מלחמה וואָס רוסלאַנד פירט די לעצטע הונדערט יאָר קעגן דער יידישער אויסוואַנדערונג, צו ערשט בעת דעם אַלטן רעזשים און שפּעטער — ביז צום היינטיקן טאָג. די עפּאָכע פון ניקאָלאַי דעם ערשטן האָט אָנגעוואָרפן אַזאַ שרעק אויף דעם רו־סישן יידנטום, אַז דער איינציקער אויסוועג איז געבליבן נאָר אויס־וואַנדערן, אַנטלויפן ווהין די אויגן טראָגן. „ניקאָלאַיעווּשטשינע״, דאָס כאַפּן קליינע יידישע קינדער און אָפּשמדן זיי און אַנדערע רדיפות און נגישות וועט מען קיין מאָל ניט פאַרגעסן.

נאָך דעם איז געקומען די אַזוי גערופענע „עפּאָכע פון גרויסע רעפאָרמען״. פאַר יידן האָט זיך גאָר ניט געענדערט. דער גרויסער רעפאָרמאַטאָר, אַלעקסאַנדער דער צווייטער איז דערהרגעט גע־וואָרן פון אַ רעוואָלוציאָנער און אין 1881 זענען אַרויסגעגעבן גע־וואָרן די צייטווייליקע תקנות פאַר רוסישע יידן — אַ פולשטענ־דיקע דעגראַדאַציע פון זייערע בירגערלעכע רעכט. יידן זענען געוואָרן בירגער פון צווייטן קלאַס. יידן האָבן ניט געקאָנט וווינען ווו זיי האָבן געוואָלט, ניט געקאָנט געבן צו קינדער קיין בילדונג און אַזוי ווייטער.

די מאַסן־עמיגראַציע פון רוסישע יידן האָט זיך מיט אַ מאָל פאַרוואַנדלט אין אַן אמתער מלחמה אויף די גרענעצן פון רוס־לאַנד, גאַנץ באַזונדערס אויף דער גרענעץ מיט דייטשלאַנד. אַזוי ווי אַ וויזע איז געווען אוממעגלעך צו באַקומען, האָט מען גע־

מוזט „גנבענען" די גרענעץ. אַן אַרמיי פון אַגענטן האָט געזאַמלט די עמיגראַנטן און אַריבערגעבראַכט זיי איבער דער גרענעץ אונ־טער דער שיסעריי פון רוסישע סאָלדאַטן. אַ סך קרבנות זענען אומגעקומען בשעת דער יאַגד אויף די אומגליקלעכע מענטשן, אָבער ביז הונדערט און פופציק טויזנט אַ יאָר האָבן פאָרט געגנבעט די גרענעץ. דאָס האָבן זיי געבויט די נייע גרויסע ישובים אין די פאַראייניקטע שטאַטן, אין קאַנאַדע, אין דרום־אַפריקע און דרום־אַמעריקע. דער דראַנג צו בויען אַ נייע היים אין אַ פרייען לאַנד איז געווען צו שטאַרק, אַז דער שונא זאָל ניט ליידן אַ גרויסע מפלה.

דאָס וואָס שפילט זיך איצט אָפּ אין רוסלאַנד איז ניט ניי, עס איז נאָר מער אוממענטשלעך, מער ברוטאַל. עס פאַרלאָזן דאָס לאַנד, דאָס געבענטשטע לאַנד, יעדעס יאָר צענדלינגער טויזנטער יידן. נאָך אַלעמען, קאָן מדינת ישראל ניט אויפנעמען מיט אַ מאָל אַ סך מער פאַרוואָגלטע יידן.

ווען די געשיכטע פון יידישע וואַנדערונגען וועט געשריבן ווערן, וועט די אויסוואַנדערונג פון רוסלאַנד זיכער באַצייכנט ווערן ווי אַ העלדן־קאַמף פאַר דער עקסיסטענץ פון יידישן פאָלק. דאָס קליינע פאָלק, געיאָגט און געפּלאָגט, וויל לעבן און וועט ניט אונ־טערגיין צוליב דעם בייזוויליקן ווילן פון איוואַן איוואַנאָוויטש.

עס איז מערקווערדיק צו זען, ווי דער שונא האַסט יידן און וויל זיי פאָרט באַהאַלטן אין זיינע גרענעצן. עס איז אַ האַס וואָס דאַרף ספּעציעל געפאָרשט ווערן און וועט מסתמא קיין מאָל ניט פאַרשווינדן. צו דער „דעטאַנט" וועלכע קיסינגער וויל רעאַליזירן, האָט ער ניט קיין גרויסע שייכות. נאָך אַלעמען, וויל סאָוויעט־רוס־לאַנד יאָ האָבן אַ מין פאַרשטענדיקונג מיט אַמעריקע. אפילו דער לעצטער קאָנפליקט מיט דעם רוסישן אָפּזאָגן זיך פון דעם אָפּ־מאַך פון 1972, איז באַגלייט פון אַ ספּעציעלן קאָמוניקאַט, אַז דאָס מיינט ניט אַן אָפּזאָגן זיך פון די פאַרהאַנדלונגען וועגן אַ „דע־טאַנט". רוסלאַנד איז נאָך האַלב אַזיע און האַלב אייראָפּע. אינעם

קרעמל מוזן פֿאַרקומען גרויסע קאַמפּן צווישן די צוויי עלעמענטן, מוז מען שטענדיק געדענקען.

דאָס אָפּזאָגן זיך פֿון דעם האַנדלס־אָפּמאַך איז אַ פֿיינלעכער עפּיזאָד, וואָס סיי קיסינגער און סיי ניקסאָן האָבן געוואָלט אויס־מיידן. סענאַטאָר דזשעקסאָן האָט זייער אַ גוטע באַציאונג צו יידן, אָבער ער האָט איבערגעכאַפּט די מאָס. צי אונדז געפֿעלט אָדער ניט, איז דער ראַטנפֿאַרבאַנד אַ גרויסמאַכט, און דערמיט מוז מען זיך רעכענען, בפֿרט ווען מען ווייסט, אַז אין קרעמל איז סיי ווי סיי פֿאַראַן אַ פֿערמאַנענטע שפּאַנונג. אַ סענאַטאָר אין וואַשינגטאָן קאָן ניט „דיקטירן" מאָסקווע זיין ווילן.

ניט סאָלזשעניצין מיט זיינע שרעקלעכע שריפֿטן, ניט דער אַקאַדעמיקער סאַכאַראָוו מיט זיין דערפֿונדענער אַטאָם־באָמבע, ניט אַלע רוסישע „אַקטיוויסטן" קאָנען ניט דורכברעכן די מויער וואָס רינגלט אַרום דעם קרעמל. פֿאַרפֿאַלן, אַזוי איז.

אָבער קיסינגער האָט יאָ דורכגעבראָכן. רופֿט עס אָן דיפּלאָ־מאַטיע אָדער אַנדערש, אָבער ער האָט באַוויזן די קונסט. איצט וועט מען זיך וואַרפֿן אויפֿן סענאַטאָר דזשעקסאָן מיט באַשולדי־קונגען, און דאָס וועט ווידער זיין אַ נאַרישקייט. „סענאַטאָר דזשעק־סאָן טוט עס אַלץ — ווילן זיינע קעגנערס איינרעדן דעם עולם, — ווייל אין צוויי יאָר אַרום וויל ער אַרויסשטעלן זיין קאַנדידאַטור צו די פּרעזידענט־וואַלן". ער אַליין האָט עס קיין מאָל ניט געזאָגט. אַ שטילע קאַמפּאַניע ווערט געפֿירט קעגן קיסינגער. עס קאָכט זיך אין קרעמל. מען איז דאָ שטענדיק ניט צופֿרידן, אַז מען האָט צו־פֿיל נאָכגעגעבן" און „צו ווייניק" באַקומען. אינטריגעס אויף אינ־טריגעס, ביז עס ווערט אַן ערנסטער קאָנפֿליקט, פֿון וועלכן מען קאָן ניט אַרויס.

ווייניקער פֿון אַלעמען רעדט פּוסטע רייד קיסינגער. דער ענין איז זייער אַ דעליקאַטער און וואָס ווייניקער מען רעדט און קאָמענטירט, איז געזונטער, אפֿילו פֿאַר דעם ניט אין גאַנצן גע־זונטן ברעזשניעוו.

עס איז מעגלעך, אַז דער סענאַטאָר דזשעקסאָן האָט איבערגע־
כאַפּט די מאָס מיט זיין אייגענער דיפּלאָמאַטיע, אָבער ווען סאָ־
וויעט־רוסלאַנד זאָגט־אָפּ דעם האַנדלס־אָפּמאַך פון 1972, זעט מען,
אַז ער האָט רעכט, אַז יעדעס וואָרט מוז געוווּיגן און געמאָסטן
ווערן, ווען מען האַנדלט מיטן קרעמל...

(„דאָס פרייע וואָרט״, מערץ 1975)

# די רוסישע רעוואָלוציע

מיר האָבן זיך צוגעווינט צו אַ פאַלשן חשבון און זאָגן אַלץ „ערשטע וועלט־מלחמה‟, „רוסישער בירגער־קריג‟, „צווייטע וועלט־מלחמה‟ און אַזוי ווייטער. ווען דעם 28־טן יוני 1914 האָט מען אין סאַראַיעוואָ, סערביע, דערשאָסן דעם עסטרייכישן קרוין־פּרינץ פראַנץ־פערדינאַנד און פרוי האָט עסטרייך־אונגאַרן אַ חודש נאָך דעם דערקלערט סערביע אַ מלחמה. רוסלאַנד האָט תיכף דערקלערט די ערשטע מאָביליזאַציע און דעם 31־טן יולי 1914 דעקלאַרירט אַן אַלגעמיינע מאָביליזאַציע. מיט צוויי טעג פריער האָט דער דייטשער אימפּעריאַל־קאָנסול אין פּאָטסדאַם דערקלערט רוסלאַנד מלחמה.

דער שאָס פון סאַראַיעוואָ האָט אויפגעריסן די גאַנצע אייראָ־פּעאישע סיסטעם. די מלחמה וואָס האָט זיך אָנגעהייבן אויף דער רוסיש־עסטרייכישער און אויף דער רוסיש־דייטשער גרענעץ האָט אַריינגעצויגן אין דעם בלוטיקן שטורעם גאַנץ איראָפּע.

איך געדענק גוט יענע טעג. דריי טעג פאַר דעם אויסברוך פון דער רוסיש־דייטשער מלחמה איז פּואַנקאַרע, דער פּרעזידענט פון פראַנקרייך, און וויוויאַני, זיין פּרעמיער־מיניסטער, געווען געסט פונעם צאַר. איך האָב זיי ביידע געזען אין אַן אָפענער פּאַראַדנער קאַרעטע אויף דעם נעווסקי פּראָספּעקט אַרומגערינגלט פון אַ פּראַכטפול־געקליידעטן קאָזאַקן־קאָנוואָי אויפן וועג צום ווינטער־פּאַלאַץ. מען איז זיכער געווען, אַז אָט־אָט וועט אויסברעכן די מל־חמה און מען האָט מורא געהאַט, אַז די געסט זאָלן ניט אַריינפאַלן אין דייטשע הענט אויפן צוריקוועג אַ היים.

די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן מיטן אַריינפאַלן פון דער רו־סישער אַרמיי אין מזרח־דייטשלאַנד (פּרייסן), ווו זי האָט געליטן אַ גרויסע מפּלה — די גאַנצע רוסישע אַרמיי איז געפאַנגען גע־וואָרן פון די דייטשן און צום ערשטן מאָל האָבן רוסן דערהערט די נעמען פון די דייטשע העלדן־גענעראַלן הינדענבורג און לודענ־דאָרף. דער רוסישער קאָמאַנדירנדיקער גענעראַל סאַמסאָנאָוו, האָט זיך אַריינגעשאָסן אַ קויל אין קאָפּ. דער צווייטער קאָמאַנדיר, דער באַקאַנטער „אויסראָטער" פון פּויערים־אומרועו, רעננקאַמף, איז אַנטלאָפן, זיך געראַטעוועט. די ערשטע שרעקלעכע מפּלה האָט אַרויסגערופן אין גאַנץ רוסלאַנד אַ געוואַלדיקע פּאַניק.

אין דער שפּיץ פון דער גאַנצער אַרמיי האָט מען אַוועקגע־שטעלט דעם גרויספירשט ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש, באַקאַנט אַלס אַ ברוטאַלער באַרבאַר, און זיין גענעראַל־שטאַב־שעף, יאַנושקע־וויטש. די צוויי פאַרשאָלטענע נעמען דאַרף מען געדענקען, ווייל מיט זיי וועלן מיר האָבן צו טאָן. די חברה איז געווען מער פון אַלע שאָקירט פון דער מפּלה. זיי האָבן אָנגעהויבן מיט אַ מפּלה און באַלד געזוכט אַ תירוץ. דער איינציקער תירוץ איז פאַר זיי געווען יידישער „שפּיאָנאַזש" און יידישע סימפּאַטיעס צו די דייטשן. דערמיט האָבן זיי אָנגעהויבן דעם אוניווערסאַלן פּאָגראָם אויף דעם רוסישן יידנטום און דערמיט האָט זיך געענדיקט דער אוניווערסאַלער פּאָגראָם אויף גאַנץ רוסלאַנד. דערמיט האָבן זיי פּאַקטיש געעפנט טיר און טויער פאַר דעם אַלגעמיינעם צוזאַ־מענברוך אין גאַנץ רוסלאַנד.

יידן פון פּוילישע גרענעץ־שטעטלעך וואָס פאַרשטייען ניט קיין רוסיש און קענען ניט קיין דייטש האָט מען באַשולדיקט אין געבן אינפאָרמאַציע דער דייטשער אַרמיי וועגן דער רוסישער אַרמיי. אָבער פאַר די מערדער, וועלכע האָבן געהאַנגען אומשול־דיקע מענטשן, איז די אויסגעטראַכטע לעגענדע געווען אַ רעאַלער תירוץ. די לעגענדע איז אויסגעוואַקסן אין אַ קאָמונאַל־ראָמען.

דער גרויספירשטלעכער באַרבאַר האָט געהייסן „אָפּריינקן"

די גרענעץ־שטעטלעך תיכף ומיד פון דער גאַנצער יידישער באַ־פעלקערונג; אַלטע און יונגע, און קינדער, געזונטע און קראַנקע — גאַנצע זעקס הונדערט טויזנט נפשות! ניט מער און ניט ווייניקער, און אָן שום רחמנות! דער לייענער קאָן זיך אַליין פאַר־שטעלן, וואָס דאָס האָט געמיינט בשעת אַ מאָביליזאַציע, פאַר דער מלחמה — אַ גירוש פון זעקס הונדערט טויזנט נפשות מיט זייער באַגאַזש, די פּאַניק, דער טומל, די געשרייען, די קראַנקע, די טויטע! אָבער ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש און יאַנושקעוויטש האָבן עס גוט פאַרטראָגן, דורכגעפירט דעם גראַנדיעזן פּלאַן...

איך בין אָנגעקומען פון פּעטראָגראַד קיין וואַרשע נאָך דער רוסישער מפּלה אין מזרח־דייטשלאַנד, אָנגעקומען בשעת דער גרויסער שלאַכט פאַר לאָדזש. די דייטשע אַרמיי אונטער דעם גע־נעראַל מאַקענזען האָט פאַרנומען לאָדזש. די שטאָט וואַרשע איז געווען איבערגעפּאַקט מיט פּליטים, מיט צענדליגער טויזנטער „פשיטולקעס" פאַר היימלאָזע קינדער. ס'איז אָנגעגאַנגען אַ גרוי־סער קאַמף פאַר די קינדער... צווישן די ציוניסטן, סאָציאַליסטן, אַסימילאַטאָרן.

***

בשעת די מלחמה האָט געהאַלטן אין צעפלאַקערן זיך און די דייטשע אַרמיי האָט זיך גערוקט אַלץ נעענטער צו וואַרשע, — מיין סטאַנציע איז געווען ביי סאָכאַטשעוו, אַ זיבעציק מייל פון וואַרשע, — איז אין פּעטערסבורג אָנגעגאַנגען דער פאַרביסענער קאַמף צווישן דער דומאַ און דער רעגירונג. די דומאַ האָט געוווסט, אַז אויפן פראָנט איז אַן אמתע קאַטאַסטראָפע און מען דאַרף צונעמען דעם ווילדן גרויספירשט פון דער הויפּט־קאָמאַנדע. איצט מעג מען זאָגן, אַז מען האָט שוין דעמאָלט פאַרשטאַנען, אַז די מלחמה איז פאַרשפּילט, אַז דאָס לאַנד איז צערודערט, זיכער האָט מען געוווסט וועגן דער „שפּיאָנאָמאַניע" פון דעם גרויספירשט און זיין קליקע ביים הויף. עס האָט אָבער לאַנג געדויערט ביז מען האָט אים צוגענומען פון פּאָסטן און געשיקט אים אַלס הויפּט־קאָמאַנדיר

אויף דעם פראָנט פון קאַווקאַז. די דומאַ האָט באַשלאָסן צו שיקן אַ ספּעציעלע דעלעגאַציע אין דער הויפּט־קוואַרטיר פון דער אַר־מיי, ווו עס האָט זיך געפונען ניקאָלאַי דער צווייטער, דער צאַר, כדי צו געבן אים צו פאַרשטיין, אין וואָס פאַר אַ קאַטאַסטראָפאַלער לאַגע דאָס לאַנד געפינט זיך. מען האָט אַלס דעלעגאַטן באַשטימט דעם פינאַנץ־מיניסטער באַרק און דעם קולטור־מיניסטער גראַף פּאַוועל איגנאַטיעוו. צו די צוויי פּערזאָנען האָט מען געהאַט פולן פאַרטרויען. מיט דעם צווייטן, גראַף איגנאַטיעוו, בין איך שפּע־טער זייער באַפריינדעט געוואָרן. ער האָט מיך פערזענלעך גענוי אינפאָרמירט וועגן דעם, איך מעג זאָגן, היסטאָרישן באַזוך ביי ניקאָלאַי דעם צווייטן אין דער הויפּט־קוואַרטיר:

— „דער צאַר האָט אונדז פריינדלעך אויפגענומען און מיר האָבן אים איבערגעגעבן וועגן דער זאָרג פון דער דומאַ. מיר האָבן אים געזאָגט, אַז עס איז דער ווונטש פון דער דומאַ צו גע־פינען אַ וועג פאַר דער צוזאַמענאַרבעט מיט דער רעגירונג. ני־קאָלאַי איז געווען אין אַ פּאָזיטיווער שטימונג און האָט אונדז איינ־געלאַדן צו קומען מאָרגן צום מיטאָג.

„עפּעס איז אָבער געשען אין דער נאַכט. אימעצער האָט טעלע־פאָנירט דער קייזערין וועגן דעם באַזוך, זי האָט גענומען אַלע קינדער אין אַ צוג און אין דער פרי איז די פאַמיליע אָנגעקומען אין דער הויפּט־קוואַרטיר. אַלץ האָט זיך מיט אַ מאָל געענדיקט...

„מיט דעם צאַר האָט מען גאָרניט געקאָנט רעדן. מען האָט חוזק געמאַכט פון די צוויי דעלעגאַטן. עס איז פּשוט געווען אַ באַ־ליידיקונג וואָס די אָפיצירן האָבן זיך דערלויבט. פון די פאַרהאַנד־לונגען פון נעכטן איז גאָרניט געוואָרן. דער לעצטער פאַרזוך צו קומען צו אַ פאַרשטענדיקונג צווישן דער רעגירונג, דאָס הייסט, צווישן דעם הויף פונעם צאַר מיט דער דומאַ, איז געווען אַ פול־שטענדיקער דורכפאַל.

עס איז קלאָר, אַז די הויף־קליקע האָט זיך ניט אָפּגעגעבן קיין דין וחשבון, אַז דאָס לאַנד געפינט זיך שוין אין אַ צושטאַנד פון

אַ רעוואָלט — אויב ניט ערב אַ רעוואָלוציע. די געשעענישן אויף דעם פראָנט זענען געווען קאַטאַסטראָפאַל: איין דורכפאַל נאָך דעם אַנדערן. דער פראָנט האָט געהאַלטן ביים צוזאַמענברוך...״.

***

פאַר דעם פולשטענדיקן כאַאָס, וואָס האָט פאַרכאַפּט דאָס לאַנד האָט פריער פאַר אַלעמען געדאַרפט צאָלן דאָס רוסישע יידנטום. דער כאַאָס איז געווען קלאָר פאַר אַלעמען. אין וואַרשע גופא האָבן סאָלדאַטן־פּאַטרולן, באַגלייט פון רייטנדיקער פּאָליציי געכאַפּט בייטאָג און ביינאַכט סאָלדאַטן, וואָס זענען אַנטלאָפן פון פראָנט. מען האָט געזוכט און געכאַפּט אַנטלאָפענע אָפיצירן, וועלכע האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין פאַרדעכטיקע הייזער.

דאָס רוסישע יידנטום האָט געשמאַכט אונטער דעם פאַרדאַכט פון „סימפּאַטיע צו די דייטשן״. דער פאַרדאַכט האָט באַקומען זיין אויסדרוק אין דעם „זייער געהיימען באַפעל״ פון דער הויפּט־קוואַרטיר צו נעמען פון די יידישע געמיינדעס זאַקלאַדניקעס אין פאַל די רוסישע אַרמיי וועט זיין געצוווּנגען צו פאַרלאָזן די שטאָט און צוריקציען זיך.

דער באַפעל האָט אַרויסגערופן ביים רוסישן יידנטום אַ שרעקלעכע פּאַניק, ניט קוקנדיק אויף דעם וואָס ביי דער הויפּט־קוואַרטיר זענען געווען פאַרטרעטער פון רוסלאַנדס פאַרבינדעטע, דאָס הייסט, ענגלענדער און פראַנצויזן, איז דאָס יידנטום געבליבן איזאָלירט. אין אויסלאַנד האָט מען אין יידישע קרייזן גאָרניט געוווּסט וועגן דעם „זייער געהיימען באַפעל״ און פאַר דעם יידישן פּאָליטישן קאָמיטעט אין פּעטראָגראַד איז געווען די וויכטיקסטע אויפגאַבע צו ברענגען דעם דאָקומענט אין אויסלאַנד און לאָזן צו וויסן די יידישע עפנטלעכע מיינונג וועגן דעם וואָס שפּילט זיך אָפּ אין רוסלאַנד.

היינט צו טאָג נעמען „זאַקלאַדניקעס״ אַלערליי טעראָריסטן

און באַנדיטן, אָבער דעמאָלט, מיט פופציק יאָר צוריק, איז דאָס געווען אומבאַקאַנט. אויב איך מאַך ניט קיין טעות האָט די רוסישע אַרמיי גענומען די ערשטע יידישע זאַקלאַדניקעס ביים צוריקטרעטן פון גאַליציע. דער „זייער געהיימער" דאָקומענט איז געבראַכט געוואָרן אין אויסלאַנד און האָט געמאַכט דעם געהעריקן איינדרוק. עס איז שווער היינט צו טאָג איבערצוגעבן די רעאַקציע וואָס די נייעס פון רוסלאַנד, וואָס זענען געקומען פונעם רוסישן פראָנט קיין אַמעריקע, האָבן אַרויסגערופן. רוסלאַנדס פאַרבינדעטע האָבן געשוויגן. זיי האָבן געהאַלטן, אַז די מלחמה באַרעכטיקט יעדעס פאַרברעכן און צוליב דער געווינטשטער מפלה פונעם קעגנער מוז מען שווייגן. מיר קענען די טאַקטיק פון היטלערס פאַרברעכנס, הגם עס איז קלאָר, אַז אַ סך אומגליקן און קרבנות וואָלט מען געקאָנט אויסמיידן, אויב מען וואָלט באַצייטנס געוואָרנט די פאַרברעכערס.

די פאַרבינדעטע האָבן טייער באַצאָלט פאַר זייער שווייגן, זיי האָבן געעפּנט טיר און טויער פאַר דעם קומענדיקן בירגער־קריג אין רוסלאַנד און פאַר דער רוסישער רעוואָלוציע, וואָס גייט נאָך אָן, וועט נאָך אפשר זייער לאַנג אָנגיין. די רוסישע אימפּעריע איז אַ זעלטענע פעדעראַציע: האַלב אַזיע און האַלב אייראָפּע, מיט גאַנץ פאַרשידענע און קעגנזייטיקע אינטערעסן. ס'איז ניט איין פאָלק, נאָר אַ געמיינשאַפט פון צענדלינגער פעלקער, עס איז אַ וועלט פאַר זיך, יידן ווערן צעריבן דאָ ווי זאַמד.

דער אָפּמאַך צווישן סטאַלין, דעם רוסישן היטלער, און היטלער, דעם דייטשן סטאַלין, איז דער בעסטער באַווייז, אַז אין ביידע לענדער גייט אָן דער אייגענער פּראָצעס. מען דאַרף זיך ניט וווּנדערן, וואָס מזרח־דייטשלאַנד האָט איבערגענומען דעם רוסישן קאָמוניזם. מזרח־דייטשלאַנד וועט נאָך שפּילן אַ וויכטיקע ראָלע אין דער צוקונפט, זעען מיר היינט, אַז ניט געקוקט אויף די אַלע פאַרהאַנדלונגען וועט מזרח־דייטשלאַנד פאַרבלייבן אַ רוסישע קאָלאָניע.

רוסלאַנד האָט דערווייל חרוב געמאַכט די רוסישע אַגריקולטור

און די צענדליגגער מיליאָנען רוסישע פּויערים, ס׳רוב אין דער אוקראַינע, רעוואָלטירן זיך היינט, גרייטן זיך צו דער באַפרייאונג, דאָס איז היינט דער וויכטיקסטער פּראָצעס אין סאָוויעט־רוסלאַנד. סאָלזשעניצין, מעדוועדעוו, סאַכאַראָוו און אַנדערע באַרימטע „דיסי־דענטן״ זענען נאָר אַ סימן פון דער קומענדיקער פּויערים־רעוואָ־לוציע. קיין אַרמיי וועט ניט זיין אין שטאַנד אונטערצודריקן די אמתע רעוואָלוציע.

די אונטערדריקונג און פאַרניכטונג פון די נאַציאָנאַלע מינ־דערהייטן איז נאָר גוט אויף צוצודעקן און פאַרשלייערן דעם אויפשטאַנד פון די מיליאָנען פּויערים.

דאָס יידנטום דאַרף זיך אָפּגעבן אַ דין וחשבון וועגן די היינ־טיקע געשעענישן אין סאָוויעט־רוסלאַנד. מיר שטייען דאָרט פאַר גרויסע געפאַרן...

(„דער וועקער״, מערץ 1975)

# רוסיש־פוילן אין 1914 — 1917

ווען די מלחמה צווישן רוסלאַנד און דייטשלאַנד איז אויסגע־בראָכן האָט זיך די גאַנצע פּאָליטישע לאַגע אין איירָאָפּע געענ־דערט. רוסלאַנד, וואָס האָט פריער מיט הונדערט יאָר צוריק צע־שטערט די פּוילישע מלוכה און זי ברוטאַל אָקופּירט, איז איצט געוואָרן אָפּהענגיק פון דעם אָקופּירטן לאַנד. די פּאָליאַקן האָבן געוווּסט אַז ס'איז געקומען אַ סוף צו דעם געהאַסטן הערשער, אָבער אויפגעפירט זיך אַנשטענדיק. אי די רוסן אי די פּאָליאַקן האָבן געהאַסט די יידן און דאָס האָט זיי אין אַ גרויסער מאָס „פּאַראַיי־ניקט", אויב מען מעג דאָ באַנוצן דעם אויסדרוק. אַ שיינע פאַר־אייניקונג!

בשעת דער פראַנצייזישער רעוואָלוציע, ווען נאַפּאָלעאָן האָט געהאַט זיינע פּלענער וועגן אַ קאַמפּאַניע קעגן רוסלאַנד, האָט ער זיך געשפּילט מיט די פּוילישע חלומות וועגן אַ קומענדיקן רענע־סאַנס און דערנענטערט צו זיך זיין ליבלינג־מאַרשאַל יוזעף פּאָניאַ־טאָווסקי, אַן אמתער קראַסאַוויעץ און אַ העלד. ער איז אומגעקומען פאַר די אויגן פון נאַפּאָלעאָן אין דער שלאַכט ביי לייפּציג, אַריינ־פאַלנדיק צוזאַמען מיט זיין פערד אין דער עלבע.

פּוילישע יידן זענען געווען פּוילישע סופּער־פּאַטריאָטן, אָבער היינט איז פּוילן יידן־ריין. פון דריי מיליאָנען אָדער מער זענען געבליבן נאָר יידישע קברים. די ברוטאַלסטע פאַרפאָלגונגען, דער גירוש, היטלעריזם און אַלערליי נאַציזמען האָבן פאַרניכטעט אַ טויזנט־יאָריקן יידישן ישוב.

פאַר דעם שרייבער פון די שורות איז וואַרשע ניט געווען קיין פרעמדע שטאָט. איך פלעג קומען אַהין יאָרנלאַנג ווען איך בין געווען אַ מיטאַרבעטער ביי דעם צענטראַלן קאָמי־טעט פון ייק״א אין פעטערסבורג, אין דער אָפּטיילונג פאַר עמי־גראַציע. איך האָב געהאַט אַ סך פריינד ווי אַ לאַנגיאָריקער קאָרעס־פּאָנדענט פון „היינט״, ווו איך האָב אָפט געשריבן. ניט זייענדיק קיין פּוילישער ייד האָב איך זיך געפילט אין פּוילן „ווי ביי זיך אין דער היים״.

אָבער דער מלחמה־פּאָגראָם האָט אַלץ צעשטערט, אַלץ גע־ענדערט. דער וויכטיקסטער יידישער צענטער אין וואַרשע איז גע־וואָרן די געמיינדע אויף גזשיבאָווסקאָ, דער וויכטיקסטער און דער איינציקער. דער הויף פון דער געמיינדע איז געווען איבערגעפּאַקט מיט וואָגנס פון די אַרויסגעטריבענע יידן און זייער באַגאַזש, מישטיינס געזאָגט. אין דער געמיינדע האָט עס געקאָכט דעם גאַנצן טאָג מיט מענטשן. אין דעם גרויסן זאַל איז אַרום דעם פּרעזידענט פאַרבשטיין געווען פאַרזאַמלט די פאַרוואַלטונג און פאַרטרעטערס פון פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס, פון די גרויסע רבנים. מען האָט געדאַרפט ראַטעווען יידן, ראַטעווען פון אָפענע רוצחים.

אָבער קומענדיק קיין וואַרשע און באַלד אין דער געמיינדע האָב איך פריער פון אַלץ געוואָלט זען אונדזער גרויסן שרייבער און דיכטער יצחק לייבוש פּרץ, אַ לאַנגיאָריקער מיטאַרבעטער אין דער געמיינדע. אַזוי אָפט ווי איך פלעג קומען פונעם פראָנט — ביי סאָכאַטשעוו — קיין וואַרשע בין איך געגאַנגען טרעפן י. ל. פּרצן. איך בין געווען באַצויבערט פון זיין פּערזענלעכקייט, זיין אויסזען, זיין וויי־ניק רעדן און קלוגע אויגן. די פאָטאָגראַפישע ביל־דער פון אים זענען אַקוראַט, אָבער געבן אַ פאַלשן איינדרוק. ער איז געווען ווייך און מילד ווען ער איז ניט געווען אויפגעבראַכט. ער איז געווען שטרענג צו אַנדערע, אָבער פריער פון אַלץ צו זיך. ער האָט גערעדט קורץ און קלאָר. איך האָב אים געטראָפן צעבראָכן און דערשיטערט פון דער יידישער קאַטאַסטראָפע — און ווי מיר אַלע, הילפלאָז, אָנמעכטיק.

עס ווילט זיך ניט דאָ דערמאָנען, אַז גראָד אין דער צייט איז דער דיכטער געווען איזאָלירט, דאָס הייסט, צעקריגט מיט דער גאַנצער שרייבערישער משפחה, אָבער עס וואָלט ניט געווען ריכ־טיק צו פאַרשווייגן דעם קאָנפליקט. אַ לאַנגע צייט איז אָנגעגאַנגען אַ פיינלעכע קריגעריי אין דער פרעסע צווישן אים און דוד פריש־מאַן, אונדזער גלענצנדיקער פובליציסט. ביידע מענער זענען געווען גרויסע שרייבערס און ביידע שטאָלץ, פאַרעקשנט. איך האָב פער־זענלעך ליב געהאַט דוד פרישמאַנען. עס איז פאַר מיר געווען אַ גרויסער האַרצוויטיק נאָכצופאָלגן די קעגנזייטיקע זידלעריי, אָבער איך בין געווען צו יונג און געהאַט צו פיל רעספעקט פאַר ביידע, כדי צו מישן זיך אין דעם קאָנפליקט צווישן די צוויי גדולים. אפילו אויף אַ דיסטאַנץ פון זעכציק יאָר פיל איך דעם האַרצוויטיק צוליב דער פערזענלעכער קריגעריי...

י. ל. פרץ איז געבוירן אין זאַמאָזש, אַ ניט קלעריקאַלן צענ־טער אין דעם פאַנאַטיש־קאַטוילישן פוילן, געבויט פון אַ ליבעראַלן פוילישן אַקאַדעמיקער גראַף זאַמאָיסקי, וועלכער האָט געוואָלט האָבן אין זיין היים כאָטש אַ ווינקעלע פאַר פרייע מענטשן און פאַר דעם פרייען געדאַנק. זאַמאָזש איז אויך געווען פריי פון חסידים, אָבער דער מחבר פון די באַרימטע „חסידישע מעשה־לעך" איז געווען אַזוי פאַרכאַפּט פון דער חסידישער נשמה, אַז גראָד ער האָט אַריינגעבראַכט דעם חסידישן גייסט אין דער קול־טור פון דעם פוילישן יידנטום. די חסידים, ווי באַקאַנט, האָבן ניט אַרויסגעוויזן קיין גרויסע באַגייסטערונג פאַר די מעשהלעך און י. ל. פרץ אַליין איז ניט געוואָרן קיין חסיד. ער איז געווען אַ פריי־דענקער און „נאָך העכער"...

מיט אַ פּאָר יאָר צוריק, בשעת איינער פון מיינע רייזעס אין איטאַליע, האָב איך געזען אין די פייערלעכע סאַלאָנען פון פאַדואַ־אוניווערסיטעט אַ גרויסן פּאָרטרעט פון גראַף זאַמאָיסקי. עס האָט ביי מיר אויפגעלעבט די געשיכטע פון אונדזער גרויסן דיכטער פון זאַמאָזש .איך דערמאָן זיך אַלע איינצלהייטן פון אונדזערע באַגעגענישן אין וואַרשע אין יענע טראַגישע טעג.

די מלחמה האָט זיך צעפלאַקערט אויף ביידע פראָנטן. אין פראַנקרייך האָט זיך די דייטשן ניט איינגעגעבן צו קומען צו דער מאַרנע און פאַרכאַפּן פּאַריז, כאָטש עס איז געווען קלאָר, אַז די פראַנצויזן און די ענגלענדער צוזאַמען, אָן די אַמעריקאַנער, וועלן ניט זיין אין שטאַנד צו ראַטעווען דאָס לאַנד. די לאַנג דויערנדיקע שלאַכט ביי ווערדען האָט געקאָסט די פראַנצויזן הונדערטער טויזנ־טער סאָלדאַטן. אָט־אָט האָט געזאָלט אָנקומען פון אַמעריקע די עקספּעדיציע פון גענעראַל פּערשינג. זי איז געקומען.

אָבער אויף דעם רוסישן פראָנט האָבן די דייטשן זיך גערוקט אַלץ נענטער צו וואַרשע. לאָדזש איז שוין געפאַלן. ס׳איז געווען קלאָר, אַז זיי וועלן פאַרנעמען וואַרשע.

ניט געקוקט אויף די מפּלות פון דער רוסישער אַרמיי איז דער גירוש פון די פּוילישע יידן אָנגעגאַנגען. דער האַלב־משוגענער גרויספירשט ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש, דער הויפּט־קאָמאַנדיר, איז אַלץ געווען פאַרכאַפּט פון זיין „שפּיאָנאָמאַניע". דער כאַאָס אין לאַנד איז געוואָרן גרעסער און טיפער. פאַקטיש איז די מלחמה אויף דעם רוסישן פראָנט שוין געווען דעפיניטיוו פאַרלוירן. די בעסטע רוסישע פּאָליטיקער האָבן עס ניט געוואָלט גלייבן.

איך קום פון סאָכאַטשעוו און טרעף דאָ צופעליק דעם געוועזענעם דעפּוטאַט אין דער ערשטער דומאַ און שפּעטער דעם גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער איינפלוסרייכער ליבעראַלער „קאַדעטן"־פּאַרטיי קאָלעבאַקין. ער איז געווען פאַרמשפּט צוזאַמען מיט אַ פּאָר הונדערט אַנדערע פּאַר אונטערשרייבן דעם אַזוי גערופענעם ווי־באָרגער פּראָטעסט. וויבאָרג איז אַ גרויסע שטאָט אין פינלאַנד. נאָכן פונאַנדערטרייבן די ערשטע דומאַ און אַרעסטירן אַ סך סאָציאַליסטן האָבן די „קאַדעטן" — קאָנסטיטוציאָנאַליסטן־דעמאָקראַטן — זיך פאַרזאַמלט אין וויבאָרג און אויסגערופן אַ פּראָטעסט קעגן דער רעגירונג. מען האָט זיי געמשפּט און צוגענומען געוויסע בירגער־רעכט. זיי האָבן ניט געקאָנט ווידער זיין קאַנדידאַטן ביי די נייע וואַלן צו דער דומאַ. רעזערווו־אָפיצירן האָבן ניט געקאָנט

זיין אין דער אַרמיי, אין פאַל פון אַ מלחמה. קאַלעבאַקין, אַ געוועזע־נער רעזערוו־אָפיציר, האָט ניט געקאָנט גערופן ווערן צום דינסט אין דער אַרמיי. ער פלעגט קומען אין דער דומאַ אַלס גאַסט פון דער פרעסע. דאָ האָבן מיר זיך אָפט געטראָפן. ער איז געווען אַ פיי־נער מאַן.

איך בין געווען דערשטוינט צו טרעפן קאַלעבאַקין אין וואַר־שע בשעת דער אַלגעמיינער אויפרעגונג צוליב די שווערע רוסישע מפּלות. אונדזערע געשפּרעכן האָבן געדויערט לאַנגע שעהן. ער האָט מיר דערציילט, אַז ער האָט זיך געווענדעט צום צאַר מיט אַ בקשה מען זאָל אים לאָזן באַטייליקן זיך ווי אַ קעמפער פאַר זיין פאָטערלאַנד. זיין בקשה איז באַוויליקט געוואָרן...

איך האָב אים דערציילט וועגן דער מיליטערישער לאַגע. איך האָב ניט באַליידיקט זיינע פּאַטריאָטישע געפילן, פאַרקערט, איך האָב זיך געבעטן ביי אים ניט צו קעמפן, ווייל נאָך דער אומגליק־לעכער מלחמה דאַרף דאָס לאַנד האָבן מענטשן ווי קאַלעבאַקין. ער איז געבליבן ביי זיינס. זיין טענה איז געווען איינפאַך: דער וואָס רופט אַנדערע צו פאַרטיידיקן דאָס פאָטערלאַנד דאַרף זיך אַליין באַטייליקן אין דער פאַרטיידיקונג און דערביי איז עס גע־בליבן.

אַ וואָך אָדער צען טעג שפּעטער האָב איך זיך באַטייליקט אין זיין לוויה. מען האָט אים געבראַכט אַ טויטן פונעם פראָנט. איך האָב באַוויינט דאָס אַוועקגיין פון דער וועלט די ריינע, פיינע נשמה פונעם רוסישן פּאַטריאָט...

אויך אויף „אונדזער פראָנט" איז געווען פינצטער און וויסט. מען האָט צעוואָרפן איבער דער ריזיקער איראָפּעאיש־אַזיאַטישער אימפּעריע זעקס הונדערט טויזנט יידן און איבערגעלאָזט זיי אויף גאָטס באַראַט...

איין טאָג, ווען איך האָב באַגלייט י. ל. פרצן פון דער גמינע צו אים אַ היים אויף דער יעראָזאָלימסקאָ און מיר זענען פאַרביי־

געגאַנגען די וואַרשע—ווינער אייזנבאַן־סטאַנציע האָט אונדז באַ־ געגנט אַ שטראָם פון יידן, וואָס זענען אָנגעקומען פון זשיראַרדאָוו, ערשט אַרויסגעטריבן פון זייערע היימען. קיין קינסטלער וואָלט ניט געקאָנט מאָלן אַ מער טראַגיש בילד. יידן מיט בערד, אָנגעלאָדן מיט בעבעכעס, האָבן זיך געאײַלט צו פאַרשווינדן. ס'איז געווען אַ געדיכטע, שוואַרצע מאַסע פון געיאָגטע און געפּלאָגטע מענטשן. י. ל. פּרץ האָט באַקומען אַ נערוונשאָק אין אַ פּוס און ניט געקאָנט ווייטער גיין. ווער האָט געקאָנט וויסן, אַז דאָס איז דער סיגנאַל פאַר דעם סוף פון זיין לעבן?

אַ פּאָר טעג שפּעטער זענען מיר געזעסן אַרום זיין שרייבטיש, ד"ר מינץ און זיין פרוי און איך. י. ל. פּרץ, רואיק, אָבער געשפּאַנט, האָט פאַר אונדז געלייענט זיין איבערדיכטונג אויף יידיש פון „קהלת" און „רות". דער שרייבער האָט ניט אויפגעהערט צו אַר־בעטן. ער האָט ניט גערעדט אַ סך. דער קאָפּ האָט אינטענסיוו גע־אַרבעט.

ביי דעם טיש, ביי דער אַרבעט, האָט ער זייענדיק אַליין, נאָר עטלעכע וואָכן שפּעטער, באַקומען אַ האַרצשלאַג און אויסגעהויכט זיין לעבן. דער צופאַל האָט געוואָלט, אַז איך זאָל ניט זיין אין וואַרשע. איך האָב געמוזט אַוועקפאָרן קיין פּעטערסבורג אַ היים. אין דער קרים, אין הויז ביי מיינע עלטערן איז ביי דער געבורט פון אַ קינד געשטאָרבן גראָד די טעג מיינע אַ שוועסטער, וואָס איך האָב זייער ליב געהאַט.

דער טויט פון דעם גרויסן שרייבער האָט געמאַכט אַ געוואַל־דיקן איינדרוק אויף יידן. שוין עטלעכע טעג שפּעטער איז אָפּגע־האַלטן געוואָרן אַ גרויסער טרויער־אָוונט, אין וועלכן איך האָב אָנטייל גענומען צוזאַמען מיט אַ סך אַנדערע רעדנערס. איך געדענק נאָר די גרויסע רעדע פון אונדזער פּאָפּולער־דיכטער טשערנינסקי און זיין פאַרגלייך צווישן י. ל. פּרץ און די פראַנצייזישע דיכטער באָדעלר און ווערלען, זייערע, אַזוי צו זאָגן „אַבסטראַקטע" דיכטונג־קונסט.

איך האָב זיך ניט אומגעקערט קיין וואַרשע און צו דעם רוסישן פראָנט. אין דער רעדאַקציע פון „נאָווי וואסכאָד", דעם יידישן וואָכנבלאַט אויף רוסיש, האָט מען מיר ווי אַ שטענדיקן מיטאַרבע־טער פאָרגעשלאָגן אַ רייזע קיין אויסלאַנד. איך האָב געבעטן פיר און צוואַנציק שעה צו באַטראַכטן דעם פאָרשלאָג, וואָס איז געווען אַ זייער ריזיקאַלישע און געפערלעכע אונטערנעמונג. איך בין געווען נאָר דרייסיק יאָר אַלט, אָבער איך האָב שוין מיטגעמאַכט גענוג געפערלעכע געשעענישן, צווישן זיי אַ פּאָגראָם מיט אַ „סאַ־מאָאָבראָנאַ" (זעלבשוץ), מיט דערהרגעטע און פאַרוווּנדעטע און קיין זאַך האָט מיך ניט געשראָקן. דער באַפעל פונעם גזלן ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש וועגן נעמען ביי יידן זאַלאָזשניקעס האָט אַרויסגע־רופן אַ גרויסע פּאַניק ביי יידישע פירערס אין פּעטערסבורג און אין אויסלאַנד האָט מען גאָרניט געוווּסט וועגן דעם, ניט אין פראַנקרייך און ניט אין ענגלאַנד, רוסלאַנדס פאַרבינדעטע.

די וועלט האָט געזאָלט אינפאָרמירט ווערן וועגן דעם באַגאַנ־גענעם פאַרברעכן אין אַ צייט ווען אין דער רוסישער אַרמיי זענען געווען מער ווי הונדערט טויזנט מאָביליזירטע יידישע סאָלדאַטן. און די וועלט האָט באַקומען צו וויסן, אַז דער באַרבאַר גרייט צו אַ מאַסן־פּאָגראָם אויף דעם רוסישן יידנטום.

ווי געזאָגט, די מלחמה האָט זיך צעפלאַקערט. אַלץ און אַלע זענען געווען אין די הענט פונעם מיליטער. איך האָב באַקומען אַ רעגולערן אויסלענדישן פּאַספּאָרט און בין אַוועק קיין שוועדן אי־בער פינלאַנד, וואָס האָט דעמאָלט נאָך געהערט צו רוסלאַנד. אָבער אויף דער גרענעץ פון פינלאַנד האָט מען מיך אָן שום צערעמאָניעס אַראָפּגענומען פון צוג און געהאַלטן אַ גאַנצן טאָג מיט אויספרעגן וווהין און צוליב וואָס פאָר איך קיין אויסלאַנד.

עס געהערט ניט צו דעם אינהאַלט פון דעם אַרטיקל די מעלאָ־דראַמישע געשיכטע פון דעם פאַרהער און דאָס זוכן פון די אָפּי־צירן. אַזוי קלוג ווי זיי בין איך אויך געווען. אויף מאָרגן בין איך געווען אין שוועדן און האָב אָפּגעטאָן מיין אַרבעט. איך האָב מער קיין מאָל ניט געזען רוסלאַנד.

# אַמעריקע קאָנטראַ אייראָפּע

מען האָט די לעצטע צייט אַזוי פיל גערעדט און געפּלוידערט וועגן אַ געאייניקטער אייראָפּע ווי אַ קעגנגעוויכט צו די מעכטיקע פאַראייניקטע שטאַטן, אַז צו לעצט האָט מען פאַרלוירן יעדן אינ־טערעס פאַר דעם פּראָבלעם. די גאַנצע דיסקוסיע האָט שוין דער־פאַר קיינעם ניט אינטערעסירט, ווייל די גרעסערע אייראָפּעאישע מלוכות, ווי למשל, פראַנקרייך, ענגלאַנד, מערב־דייטשלאַנד האָבן פאַרשידענע אייגענע אינטערעסן, אייגענע אינטריגעס און קאָנ־פליקטן. אָבער מען איז אָנגעגאַנגען מיט קאָנפערענצן און מיט מער אָדער ווייניקער כלומרשט סענטימענטאַלע שמועסן.

פּלוצלינג האָט זיך אַלץ געענדערט און צוליב דער אַראַביש־ישראלדיקער מלחמה איז דאָס פּראָבלעם געוואָרן אַ קאָנקרעטע און אַקטועלע רעאַליטעט. די רעגירונג פון די פאַראייניקטע שטאַטן האָט מיט אַ מאָל „אַנטדעקט", אַז אירע אייראָפּעאישע פאַרבינדעטע און פריינד זענען גרייט צו מעלקן די „אַמעריקאַנער קו", אָבער די מערסטע און גרעסטע פון זיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו העלפן אַמעריקע אין דער רעטונגס־אַקציע פאַר מדינת ישראל, ווען זי איז באַפאַלן געוואָרן פון עגיפּטן און סיריע. מער ווי דאָס, זיי האָבן פאַרווערט אַמעריקאַנער מיליטערישע עראָפּלאַנען צו באַנוצן דעם לופטוועג אין זייערע לענדער... מיט אַ מאָל האָט אַמעריקע דער־זען פאַר זיך אַ געאייניקטע אַנטי־אַמעריקאַנער אייראָפּע. דאָס וואָס איז שוין לאַנג געווען קלאָר פאַר דער גאַנצער וועלט, איז איצט געוואָרן קלאָר פאַר וואַשינגטאָן. און די אַמעריקאַנער רע־

גירונג האָט ניט געשוויגן, נאָר איז אַרויס מיט אָפענע דיבורים. עס איז פאַר אַמעריקע אַן אָפענע פראַגע:

— צו וואָס זאָל מען האַלטן אין אייראָפּע אַן אַמעריקאַנער אַרמיי פון עטלעכע הונדערט טויזנט סאָלדאַטן?

— צו וואָס זאָל מען אויסגעבן יאָר־איין יאָר־אויס מיליאַרדן אַמעריקאַנער דאָלאַרן?

— צו וואָס זאָל מען שטיצן אַלערליי אייראָפּעאישע סאָציאַלע באַוועגונגען, ווען דער סך־הכל פון אַזאַ מין פילאַנטראָפּיע איז אַן אָפענע „נייטראַליטעט" אין דער צייט פון אַ קריזיס לגבי אַמעריקע?

דער ענין איז זייער ערנסט. אייראָפּע האָט זיך געאייניקט אויף דעם יסוד פון אַנטי־אַמעריקאַניזם און עס איז גאַנץ קלאָר, אַז דערוויל וועט אַמעריקע פריער פון אַלץ שליסן די קאַסע פאַר די ניט־געבעטענע פריינד...

אין דער „נאַטאָ" האַלט עס באמת ביים ברעכן די גאַנצע אָר־גאַניזאַציע. אויב דאָס זאָל געשען, וועט עס זיין פאַר אייראָפּע אַ גרויסע קאַטאַסטראָפע. די געווינערס וועלן זיין נאָר די פּראָוואָקאַ־טאָרן, וואָס זיצן אין קרעמל. די טענה פון „נאַטאָ" צו אַמעריקע איז, פאַר וואָס האָט די אַמעריקאַנער רעגירונג דערקלערט אַ האַלבן קריגסצושטאַנד פון איר אַרמיי אָן באַראַטן זיך פריער מיט דער „נאַטאָ". איצט ווייסט מען, אַז מיר האָבן געהאַלטן ביי אַ גרויסער מלחמה. עס איז באַקאַנט געוואָרן, אַז רוסלאַנד האָט געהאַט מאָביליזירט פערציק טויזנט פּאַראַשוטיסטן און זיך געגרייט צו פאַרניכטן די יידישע מלוכה. פון איוואַן איוואַנאָוויטשן קאָן מען אַלץ דערוואַרטן און די אַמעריקאַנער רעגירונג האָט געמוזט האַנד־לען תיכף ומיד. עס איז געווען אַ סכנה און עס איז ניט געווען קיין מעגלעכקייט אַנצוהייבן אַ דעבאַטע.

ווי עס זאָל ניט זיין, איז מען היינט אין אַ זייער געשפּאַנטער לאַגע. צי מען רופט עס אָן מיטן וואָרט „קאָנפליקט" אָדער נאָר

„קאָנפראָנטאַציע‟, אָבער עס איז אין דער אמתן אַ גרויסער וועלט־קריזיס.

די ביטערסטע טענות האָבן די אַראַבער. זיי האָבן אָנגעהויבן אַ מלחמה, האָבן באַקומען שטאַרק געשלאָגן, איין מפּלה נאָך דער אַנדערער און זענען שטאַרק אויפגעבראַכט קעגן אַמעריקע, פאַר וואָס זי העלפט די יידישע „אַגרעסאָרן‟. אַללאַ האָט זיי פאַרלאָזן, סאָוויעט־רוסלאַנד האָט זיי ניט פאַרלאָזן, אָבער געשלאָגן האָבן זיי באַקומען פון די יידן. אַמעריקע האָט ניט געשיקט די יידן קיין „טעכניקערס‟ און קיין „רעפּרעזענטאַנטן‟, ווי מאָסקווע האָט געטאָן, אָבער ווי קאָן מען אויסהאַלטן די יידישע קלעפּ?

לאָמיר זיך ניט נאַרן: וואָס פאַר אַ וואָפנרו אָדער אפילו אַ שלום עס זאָל ניט רעאַליזירט ווערן, וועט דער נאָענטער מזרח ברענען נאָך אַ סך יאָרן און דאָס יידישע פאָלק דאַרף זיין גרייט אויף אַ סך קרבנות. נאָר דער צוזאַמענברוך פון דעם רוסישן באַ־ציזם און דאָס פאַרשווינדן פון דער הערשנדיקער קליקע אין דעם סאָוויעטישן רעזשים קאָן אונטער געוויסע אומשטענדן ראַטעווען אייראָפּע. די קליקע האָט געזוכט און שיער־שיער ניט געפונען געלט און קרעדיטן און אַלערליי „פּריווילעגיעס‟ אין דעם אַמע־ריקאַנער קאַפּיטאַליזם. זיי וועלן איצט לאַנג וואַרטן אויף די פּרי־ווילעגיעס. זיי זענען שוין גרייט געווען צו פאַרניכטן די קליינטשי־קע יידישע מדינה.

ניין, אַמעריקע און אייראָפּע זענען צוויי פאַרשידענע וועלטן. ס'איז נאָך פרי צו חלומען וועגן אחדות...

(„פרייע אַרבעטער שטימע‟, יאַנואַר 1974)

# נקמה פון פּאָליטישע קעגנער

די דעמאָקראַטישע פּאַרטיי אין די פאַראייניקטע שטאַטן האָט זיך פּאַרוויקלט אין אַ פּלאָנטער, וואָס וועט האָבן פּאַר איר די שווערסטע קאָנסעקווענצן. ניקסאָן איז אַ דערפאַרענער אַלטער פּאָ־ליטיקער און ער האָט געהאַנדלט זיכער לויט אַ געטנוי אויסגעאַר־בעטן פּלאַן. פּאַר גאַנץ אַמעריקע איז ער היינט אַ מאַרטירער, אַ געפּלאָגטער און געיאָגטער קרבן, גראָד אין מיטן פון זיינע גרעסטע דערפאָלגן אין אַמעריקעס אויסערן־פּאָליטיק.

קיין מענטש אין אַמעריקע צווייפלט ניט אין דעם, אַז די וואָס האָבן אים פּאַרפאָלגט און דערפירט צו אַ דעמיסיע, זענען אַליין ניט קיין צדיקים. קיין שום מענטש גלייבט ניט, אַז ניקסאָן האָט זיך באַטייליקט דירעקט אין דער וואָטערגייט־אַפּערע און געהאַט צו טאָן מיט די פאַרברעכערס. ׳דער מענטש פון דער גאַס״ אינטע־רעסירט זיך ניט אין די יורידישע דעליקאַטעסן און אַקצעפּטירט ניקסאָנס טענה, אַז ער האָט ניט געוואָלט מאַכן קיין סקאַנדאַליעזן ספּעקטאַקל פון דעם איינברוך אין דער הויפּט־קוואַרטיר פון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, ווייל אַזאַ סקאַנדאַל מוז ברענגען שאָדן דעם פּרעסטיזש פונעם לאַנד. דאָס הייסט ניט „אַבסטראַקציע פאַר דער יוסטיץ״ און דאָס הייסט ניט, אַז ער האָט געוואָלט באַפרייען די פאַרברעכערס פון אַ שטראָף.

היינט, נאָך צוויי יאָר פּייניקן דעם מענטשן און נאָך זיין דע־מיסיע, איז עס קלאָר פאַר אַלעמען, אַז דער שאָדן איז אומגעהייער גרויס. ניקסאָנס דעמיסיע איז אַן אַקט פון נקמה, ניט מער און ניט

וויניקער. ניקסאָן האָט גוט געוווּסט וואָס ער גייט טאָן און די וואָ־טערגייט־אַפּערע איז נאָך ווייט ניט ליקווידירט. פאַרקערט, דער ספּעקטאַקל וועט אָנגיין.

מען קאָן ניט פאַרגעסן, אַז ניקסאָן איז געוואָרן צום ערשטן מאָל פּרעזידענט אַ דאַנק אַזאַ גרויסער מערהייט פון די וויילער ווי קיין שום פּרעזידענט פאַר אים. אויב איך מאַך ניט קיין טעות, זענען דאָך געווען קרוב צו אַכציק פּראָצענט פון די וויילער, צי ער געפעלט אָדער געפעלט ניט די דעמאָקראַטן, אָדער אַ טייל פון זיין אייגענער רעפּובליקאַנער פּאַרטיי, האָבן די וויילער, וואָס זענען דאָך אַליין אויסגעקליבן געוואָרן פון פאָלק, געהאַלטן, אַז ער איז דער פּאַסיקסטער קאַנדידאַט — נאָך רוזוועלטן, נאָך טרומאַנען און נאָכן גענעראַל אייזנהאַוער.

דער דורכשניטלעכער אַמעריקאַנער בירגער האָט זיך געמוזט פרעגן אין פאַרלויף פון די לעצטע צוויי יאָר, די יאָרן פון ניק־סאָנס היסטאָרישע פאַרדינסטן אין אַמעריקעס אויסערן־פּאָליטיק, צי איז דאָס נייטיק געווען צו באַהאַנדלען דעם פּרעזידענט ווי אַ געמיינעם פאַרברעכער, אויב ער איז טאַקע באַגאַנגען אַ געוויסן פעלער? איז דאָס ניט קיין שאַנדע פאַר דער פּרעסע, ס׳רוב מצד „ניו יאָרק טיימס" און „וואַשינגטאָן פּאָסט" צו פירן אַזאַ ווּיסטע קאַמפּאַניע קעגן דעם אַמטירנדיקן פּרעזידענט ווי זיי האָבן געפירט טאָג און נאַכט?

דאָס וואָרט שאַנדע איז צו מילד פאַר די דאָזיקע גרויסע צייטונגען.

מען פאַרמשפּט ניקסאָנען פאַר דער קוואַליטעט פון די מיט־אַרבעטערס, וואָס ער האָט זיך גענומען, אָבער האָט ער ניט איינגעלאַדן קיסינגערן, וועמען ער האָט געטראָפן ערשט נאָך דעם ווי ער האָט געלייענט זיינס אַ בוך. דאָס האָט ער געטאָן נאָך דעם ווי זיינער אַ פריינד האָט אים רעקאָמענדירט דאָס בוך. ווייסן מיר, אַז דער שידוך איז געווען אַ גוטער אין אַלע הינזיכטן. די גרויסע אויפטוען פון דעם יידישן עמיגראַנט און פּראָפעסאָר פון האַרוואַרד

זענען טאַקע אַ רעזולטאַט פון קיסינגערס זעלטענעם טאַלאַנט, אָבער מען קאָן ניט לייקענען, אַז נאָך אַלעמען איז די איניציאַטיוו צו די אויפטוען געקומען פון דעם פּרעזידענט.

דער אַדמיניסטראַטיווער אַפּאַראַט פון אַ לאַנד ווי די פאַראייניקטע שטאַטן איז אומגעהייער גרויס און קאָמפּלצירט. ניט יעדער פּאָליטיקער קאָן באַוועלטיקן די מאַשין.

אַמעריקע און אַמעריקאַניזם איז פרעמד פאַר אייראָפּע און מיר דאָ, אין דער אַלטער וועלט, קאָנען ניט באַנעמען דעם פענאָמען מיט אונדזערע געוויינטלעכע חושים. מיר טרעפן דאָ אַמעריקאַנער טוריסטן און אַמעריקאַנער טוריסטן זענען ווי אַלע אַנדערע טוריסטן, זיי באַפרייען זיך פון זייער נאַטירלעכן כאַראַקטער ווען זיי פאַרלאָזן זייער היימלאַנד. אַמעריקע דאַרף מען קענען אין אַמעריקע גופא. און וואַשינגטאָן איז ווידער און ווידער אַ וועלט נאָר פאַר זיך. איך האָב אין וואַשינגטאָן געפילט, אַז איך געפין זיך אין אַלטן רוים. דער קאַפּיטאָל, דער פענטאַגאָן, דער קאָנגרעס און די ברייטע גאַסן און פלעצער — אַ וועלט פאַר זיך. אפילו די ברייטע רוימען פון דער „וואַשינגטאָן פּאָסט” איז אַ וועלט פאַר זיך, אַ נייע, אַ גרויסע וועלט.

די אַמעריקאַנער קאָנסטיטוציע מיט די „אַמענדמענטס” צו איר איז אַ וויכטיקער ענין פאַר יוריסטן און ספּעציאַליסטן אויף קאָנסטיטוציאָנעלע פּראָבלעמען, אָבער די עפנטלעכע מיינונג אין לאַנד, די ברייטע עפנטלעכע מיינונג איז וויכטיקער פון אַלע „אַמענדמענטס”. ריטשאַרד ניקסאָן איז נישט געווען זייער פּאָפּולער ביי די פּאָליטיקער, אָבער מען איז געווען אויסערגעוויינטלעך איבערראַשט, ווען ער איז אויסגעקליבן געוואָרן אַלס פּרעזידענט מיט אַ גרויסער מאַיאָריטעט. דאָס פאָלק האָט אים געוויילט.

די פּאָפּולאַריטעט פון הענרי קיסינגער און די אָפיציעלע אנערקענונג פון רעכט און לינקס פאַר זיינע פאַרדינסטן פאַרן לאַנד איז אויך מעגלעך געווען נאָר אין אַ לאַנד ווי די פאַראייניקטע שטאַטן. ווען דיזראַעלי איז מיט הונדערט יאָר צוריק געוואָרן דער

פירער פון דער ענגלישער קאָנסערוואַטיווער פּאַרטיי און פּרעמיער־מיניסטער, האָט אים דער פּאַרלאַמענט אויסגעלאַכט אין זייער אַ מיאוסער פאָרעם. ער איז אויך געווען אַ „פּרעמדער", אָבער פאָרט געבוירן און דערצויגן אין ענגלאַנד און געווען אַ גרויסער געלערנ־טער און וויכטיקער שרייבער. ד"ר קיסינגער איז געווען נאָר אַ האַרוואַרד־פּראָפעסאָר און דעם ברייטן עולם אין גאַנצן ניט באַ־קאַנט. דיזראַעלי איז געווען אָפּגעשמדט אַלס אַ דרייצן־יאָריקער בחור, כאָטש ער איז געווען שטאָלץ אַלע יאָרן מיט זיין יידישן יחוס. קיסינגער איז געבליבן אַ ייד, אַן עמיגראַנט, און זיינע על־טערן קומען אַ מאָל קיין ושענעווע ימים נוראים, כדי צו גיין דאָרט אין דער סינאַגאָגע. און העברי קיסינגער איז ניט דער ערשטער ייד, וואָס פאַרנעמט אַ הויכן פּאָסטן אין דער אַמעריקאַנער רעגי־רונג. אַזוי איז עס געווען אין טרומאַנס צייטן, אין רוזוועלטס צייטן און אין גענעראַל אייזנהאַוערס.

די וואַטערגייט־אַפערע איז אַן אויסגעשפּראָכענער אַקט פון פּאָליטישער נקמה מצד אַ פּאַרטיי, וואָס האָט אַ מערהייט אין קאָנ־גרעס און אין סענאַט און האָט פון דעסטוועגן פאַרלוירן די פּרעזי־דענטשאַפט. אין דעם קאָנפליקט וועט דאָס לעצטע וואָרט האָבן ניט די מאָביליזירטע קעגנערס נאָר די אַמעריקאַנער עפנטלעכע מיינונג, דערפאַר הערשט אַזאַ גרויסע פּאַניק אין דעם לאַגער פון דער דע־מאָקראַטישער פּאַרטיי שוין איצט, פאַר די קומענדיקע וואַלן צום קאָנגרעס...

(„לעצטע נייעס", דעם 26־טן אויגוסט 1974)

# די קאַמפּאַניע קעגן קיסינגער

ד״ר הענרי קיסינגער הייבט אָן צו וויסן דעם אונטערשיד צווישן די צוויי פּאָסטנס: איינס, דאָס זיין אַ באַקאַנטער פּראָפעסאָר אין דעם באַרימטן הארוואַרד־אוניווערסיטעט און שרייבן ביכער, און דאָס צווייטע, זיין אַ חשובער באַאַמטער פון אַ רעגירונג, אַן אָביעקט פון דעם געיעג פון פּרעסע־לייט און, וואָס איז וויכטיקער פון אַלץ, אַן אָביעקט פון אַלערליי פּאָליטישע אינטריגעס, ליגנס און האַלב־אמתע און האַלב־ליגנערישע טריקס. קיסינגער האָט שוין ניט איין מאָל אָנגעטייט, אַז ער איז גרייט אַוועקצוגיין פון זיין איצטיקן פּאָסטן, ניט מער און ניט ווייניקער, דער פּאָסטן פון אויסערן־מיניסטער אין וואַשינגטאָן. גענוג, האָט ער געזאָגט, מער קאָן מען ניט אויסהאַלטן...

די גרויסע ענגלישע צייטונג אין פּאַריז „אינטערנעשאָנעל העראַלד טריביון״, וואָס די „ניו־יאָרק טיימס״ און „וואַשינגטאָן פּאָסט״ גיבן אַרויס צוזאַמען, דרוקט איבער אַ מאַסע שטאָף פון „לע מאָנד״ און „פיגאַראָ״ וועגן און קעגן קיסינגערן. דער „פליענדיקער״ אויסערן־מיניסטער זאָל זיין שולדיק אין דעם גאַנצן ווירוואַר, וואָס הערשט אין ציפּערן, גאַנץ באַזונדערס אין גריכנלאַנדס פּאַרלאָזן די נאַט״אָ. ווען דע גאָל האָט מיט עטלעכע יאָר צוריק אַרויסגענומען פראַנקרייך פון דער נאַט״אָ אויף אַ גאַנץ ברוטאַלן אופן און פּאַרגעסן, אַז אין פראַנקרייך געפינען זיך טויזנטער אַמעריקאַנער קברים פון צוויי וועלט־מלחמות האָבן די צייטונגען געשוויגן, ניט געעפנט דאָס מויל, ניט פּראָטעסטירט.

קיסינגער האָט זיך איצט אַרומגעקוקט און דאַרף זיך באַ־

שליסן וואָס ווייטער צו טאָן. אַלע פּאַרטייען זענען גוט, אַלע פּאָ־ליטיקערס זענען נאָך בעסער. און די אַמעריקאַנער פּרעסע? אָדער זי ווייסט צו ווייניק אָדער זי ווייסט צו פיל. דאָס געיעג נאָך דעם מיראַקל־מאַן גייט אָן כמעט ווי פריער...

גראָד אין די אייגענע טעג איז קיין פּאַריז פּלוצלינג געקומען אויף אַ קורצן ניט־אָפיציעלן באַזוך דער פּרעמיער־מיניסטער פון ליביע. עפּעס איז געשען הינטער די קוליסן, עפּעס ניט קיין זייער ריינע זאַך, וואָס מען האָט געדאַרפט פאַרשמירן און פאַרשווייגן. דאָס איז זיכער עפּעס מער אינטערעסאַנט און וויכטיקס פאַר פראַנקרייך, איידער די פאַרפּלאָנטערטע און פאַרבלוטיקטע גע־שיכטע מיט דעם קאָנפליקט צווישן גריכנלאַנד און טערקיי. אָבער מען איז אַזוי געווען פאַרנומען מיט קיסינגערן, אַז עס איז ניט געווען קיין פּלאַץ פאַר דעם קאָנפליקט צווישן עגיפּטן און ליביע און די פראַנצייזישע „מיראַזשן" וואָס מען האָט געוווסט, אַז ליביע קויפט זיי פאַר עגיפּטן. מען האָט פּשוט געשוויגן.

די פראַנצייזישע פּרעסע איז שטאַרק באַזאָרגט פאַר דער צו־קונפט פון דער נאַט"אָ, וואָס דע גאָל האָט געוואָלט פאַרניכטן. אָבער, ווי באַקאַנט, האָט קיסינגער אַלץ געטאָן כדי צו האַלטן די נאַט"אָ פולשטענדיק אינפאָרמירט וועגן אַלע געשעענישן אַרום ציפּערן. אויב טערקיי האָט דערקלערט, אַז זי וועט פאַרגרעסערן איר בייטראָג צו דער נאַט"אָ, אַלס קאָמפּענסאַציע פאַר גריכנלאַנדס פאַרלאָזן די נאַט"אָ איז עס זיכער אַ רעזולטאַט פון קיסינגערס אַרבעט.

איצט איז צוגעקומען דער פאָרשלאַג פון דער סאָוויעט־רע־גירונג צו רופן אַן אינטערנאַציאָנאַלע קאָנפערענץ, בכדי צו באַ־האַנדלען דעם ענין ציפּערן. מען ווערט דערשטוינט פון דעם פאַרזוך פון מאָסקווע צו דיסקוטירן אַ לאָקאַלן קאָנפליקט אויף אַ גרויסער קאָנפערענץ. דער פאָרשלאַג איז געריכטעט קעגן אַמע־ריקע און קעגן דער נאַט"אָ, אָבער הויפּטזאַכלעך קעגן דער פּער־זענלעכער איניציאַטיוו פון קיסינגער. רוסלאַנד האָט געשוויגן אָבער

איז געווען ערנסט באַזאָרגט, וואָס מען איז פאַרנומען מיט אַ וויכטיקן פּראָבלעם אין מיטלענדישן ים אָן וועלכער עס איז רו־סישער באַטייליקונג. עס צירקולירן קלאַנגען וועגן אַ צוזאַמענ־שטויס צווישן דעם אַמעריקאַנער זעקסטן פלאָט און גריכישע קריגס־שיפן. דער פּענטאַגאָן האָט תיכף דעמענטירט די קלאַנגען און דערקלערט די נייעס אַלס אויסגעטראַכטע. עס איז קלאָר, אַז אימעצער האָט געפונען פאַר נייטיק צו פאַבריצירן די קלאַנגען און פאַרשפּרייטן זיי.

אויב מען וואָלט גערופן אַן אינטערנאַציאָנאַלע קאָנפערענץ צוליב דעם קאָנפליקט אין ציפּערן וואָלטן אַלע רעגירונגען געווען פּערמאַנענט, טאָג און נאַכט, פאַרנומען נאָר מיט אינטערנאַציאָנאַלע קאָנפערענצן. דערווייל איז מען געווען אַן עדות פון דער אָנ״וס מאַכטלאָזיקייט אין לייזן וועלכן עס איז וויכטיקן קאָנפליקט צווישן פעלקער.

דער קאָנפליקט אויפן אינדזל ציפּערן האָלט ביי רעגולירט ווערן. עס איז אַן אַלטער און שטאַרק אָנגעוויטיקטער צוזאַמענ־שטויס צווישן צוויי ראַסן און אַן אינטערנאַציאָנאַלע קאָנפערענץ קאָן נאָר צעבלאָזן אים, פאַרשאַרפן. מען האָט שוין פאַרזוכט צו פאַרקריפּלען די באַציאונגען צווישן גריכנלאַנד און די פאַראיי־ניקטע שטאַטן, זאָגנדיק, אַז די קריגס־שיפן פונעם זעקסטן פלאָט וועלן מסתמא ניט קאָנען אַריינקומען ווייטער אין די גריכישע האַפנס און אַז דערפאַר וועלן זיי מסתמא קאָנען באַנוצן די ישראל־האַפנס. די קלאַנגען ווערן פאַבריצירט מיט דעם איינציקן צוועק צו פּראָוואָצירן אַן אומרו. אפילו די סאָוועטישע פּרעסע איז פאַר־זיכטיק מיט אַזאַ מין ספּעקולאַציע, כאָטש עס איז אין די אינ־טערעסן פון דער סאָוועטישער פּאָליטיק ניט לאָזן צו רו דעם ציפּערן־קאָנפליקט.

דער שרייבער פון די שורות איז אויך אין שטאַנד איבערצו־געבן אַ „קלאַנג״ פון זייער ערנסטע קרייזן, אַז דאָס פאַרלאָזן פון זיין הויכן פּאָסטן פון ד״ר קיסינגער איז אַזוי גוט ווי זיכער. עס

זאָל זיין נאָר אַ פראַגע פון ווען און ווי אַזוי עס האָט זיך געשאַפן אַרום דעם „מיראַקל־מענטש" אַזאַ אָנגעצויגענע און געשפּאַנטע אַטמאָספערע, אַז עס איז פאַר אים ניט מעגלעך אָנגיין מיט דער אַרבעט אַזוי ווי ער האָט עס שטענדיק געטאָן. די באָבע־מעשיות וועגן די מיראַקלען האָט געשאַפן די פּרעסע אין דעם געיעג נאָך סענסאַציעס. די מיראַקלען זענען באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט געהאַט אַ מעגלעכקייט רואיק און אָן שום אַלאַרם באַטראַכטן צוזאַמען מיט זיינע מיטאַרבעטערס די ערנסטע און קאָמפּליצירטע פּראָבלעמען. די דאָזיקע רו איז פאַרשווונדן. די גאַס, אָדער אויב מען וויל, די פּרעסע, די „עפנטלעכקייט" איז אַריין אין מיטן די פאַרהאַנדלונגען און פאַרדאָרבן די אינטימע באַציאונגען.

ערשט איצט הייבט מען אָן צו פאַרשטיין, אַז דאָס אַוועקגיין פון ניקסאָנען איז געווען און געבליבן אַ גרויס געשעעניש אין פּאָליטישן לעבן פון אַמעריקע.

עס דרייט זיך אַ גרויסער פילם און עס קאָנען קומען נאָך אַנדערע וויכטיקע געשעענישן. פון דער געשפּאַנטער לאַגע ביז צו אַ מלחמה איז נאָר איין שריט. אויב עס וועט קומען צו אַ קאַ־טאַסטראָפע, וועט מען קלאָגן און באַקלאָגן זיך, אָבער עס וועט זיין צו שפּעט.

קיסינגערס פּאָליטישע קאַריערע איז נאָך ווייט ניט פאַרענ־דיקט. עס קאָנען קומען און עס וועלן קומען נייע אומשטענדן בעת די וואַלן צום נייעם קאָנגרעס.

(„לעצטע נייעס", דעם 2־טן סעפּטעמבער 1974)

# וואַטערגעיט אויף אַ דיסטאַנץ

אפילו אויב דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי אין די פּאַראייניקטע שטאַטן זאָל זיך ניט איינגעבן צו קאָמפּראָמיטירן אויף אַלע הונדערט פּראָצענט דעם פּרעזידענט ניקסאָן, דעם רעפּובליקאַנער; אפילו אויב די דעמאָקראַטן וועלן ליידן אַ גרויסע מפּלה ביי די קומענדיקע וואַלן צום קאָנגרעס — איז איינס קלאָר ווי דער טאָג: עס וועט לאַנג פאַרבלייבן אויף דעם פּרעסטיזש פון אַמעריקע אַן אומריינער, שוואַרצער פלעק...

פאַר יוריסטן פון אַ פרעמד לאַנד איז די פּראָצעדור פון אַמעריקאַנישן קרימינאַל־געריכט און די אָן אַ שיעור אַמענדמענטס צו דער אַמעריקאַנער קאָנסטיטוציע ניט באַקאַנט. בכלל האַנדלט עס זיך פאַר אונדז ניט וועגן דער אַמעריקאַנער יוסטיץ און דער געריכטלעכער פּראָצעדור. דאָס איז אַן ענין פאַר די אַמעריקאַנער יוריסטן און פאַר דער אַמעריקאַנער עפנטלעכער מיינונג. עס האַנדלט זיך דאָ נאָר וועגן דער ניט־אַמעריקאַנער עפנטלעכער מיינונג און דעם אַלגעמיינעם איינדרוק, וואָס מען באַקומט אויף אַ ווייטער דיסטאַנץ. די אַלע „ראַטגעבערס" פונעם פּרעזידענט, די אַגענטן און אונטערשטופּערס, די אַדוואָקאַטן און די ריכטערס פון פאַרשידענע אינסטאַנצן, די געוועזענע מסתמא לאָיאַלע אָנגעשטעלטע, וועלכע פאַרשוואַרצן איצט דאָס פּנים פון זייער פריערדיקן בעל־הבית וויפל זיי קאָנען נאָר, זענען אין אויסלאַנד ניט באַקאַנט. אַזוי איז עס געווען בעת דעם טרויעריק־באַרימטן דרייפוס־פּראָצעס אין פראַנקרייך, ווען אויסלאַנד איז געווען פאַרכאַפּט פון אַלע איינצלהייטן פון דער פראַנצייזישער מיליטערישער יוסטיץ. עס

האָט זיך דעמאָלט אויסגעקריסטאַליזירט אַ גאַנץ באַשטימטע פּרעמ־דע עפנטלעכע מיינונג און זי האָט געשטורעמט, פאַרלאַנגט יושר.

דער שרייבער פון די שורות געדענקט זייער גוט די שטור־מישע פּראָטעסטן אין פּאַריז, ווען סאַקאָ און וואַנצעטי זענען פאַר־משפּט געוואָרן צום טויט; טויזנטער מענטשן האָבן דעמאָלט פאַר־לאָזן זייער אַרבעט, אַרויס אויף די גאַסן צו פּראָטעסטירן. נאָר איינס האָט געוווּסט דער עולם, אַז קיין שום דירעקטע באַווייזן זענען ניט געווען קעגן די אָנגעקלאָגטע, אַז ס'איז ניט געווען קיין טויט־שטראָף פאַר אַ באַגאַנגענעם פאַרברעכן, נאָר אַ מאָרד פון צוויי אַנאַרכיסטן. דער ריזיקער עולם אויף די גאַסן איז ניט באַשטאַנען פון אַנאַרכיסטן. דער פּראָטעסט איז געווען ספּאָנטאַן, ניט אָרגאַניזירט, אָבער מעכטיק. מען האָט איבערגעקערט די אויטאָבוסן מיט אַמעריקאַנער טוריסטן...

אין היינטיקן פאַל איז געשען עפּעס גאָר אַנדערש. ניקסאָן איז אַ קרבן פון אַ פּאַרטיי. בשעת ער איז אויסגעקליבן געוואָרן צום צווייטן מאָל פאַר אַ פּרעזידענט, האָט ער געהאַט אַ גרויסע מערהייט. די דעמאָקראַטן האָבן געהאַט אַ מערהייט אין קאָנגרעס און אַ מערהייט אין סענאַט, אָבער די קרוין, די פּרעזידענטשאַפט, האָט צוגענומען ביי זיי דער רעפּובליקאַנער ניקסאָן. ער האָט ניט געדאַרפט חרוב מאַכן די הויפּטקוואַרטיר פון די דעמאָקראַטן, ער האָט ניט געדאַרפט אונטערקויפן די וואַלמענער, עס איז ניט וויכטיק פאַר וואָס און פאַר ווען.

אָבער, ווי געזאָגט, זיינע באַאַמטע, די ערלעכע און די אומ־ערלעכע, האָבן גאָרניט געהאַט צו טאָן דערמיט, וואָס אַ גרויסע מערהייט פון די וואַלמענער — און דאָס הייסט כמעט דאָס גאַנצע לאַנד — האָט באַשטימט ניקסאָנען פאַר דעם פּרעזידענט.

אין וואָס איז, אייגנטלעך, באַשולדיקט געוואָרן ניקסאָן, פרעגט מען זיך אין אויסלאַנד, מערער ווי אין דעם איינברוך אין דעם הויז פון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי. מען האָט געפּאַרשט זיינע פּריוואַטע געשעפטן, זיינע שמועסן מיט די באַאַמטע פון „ווייסן

הויז״, זיינע פּאַראַיאַריקע באַפּעלן וועגן באַמבאַרדירן קאַמבאָדיע. ריכטערס האָבן באַפוילן צו זוכן און צו פאָרשן יעדן שריט און טריט פון דעם פּרעזידענט, און געטאָן האָט מען עס אויף אַזאַ עפנטלעכן און סקאַנדאַליעזן אופן, אַז די באַליידיקונג פאַר דעם העכסטן אַמט פון דער רעגירונג האָט געריסן די אויגן. די „פּרי־ווילעגיע״ פון דעם פּרעזידענט, וואָס געהערט אים לויט דער קאָנ־סטיטוציע, איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פּריווילעגיע מער פון אַלעמען באַשמוצט צו ווערן.

דער וואָטערגעיט־סקאַנדאַל האָט זיך אָפּגעשפּילט גראָד דע־מאָלט, ווען ניקסאָן און קיסינגער האָבן באַזוכט פּעקין און מאָס־קווע, און אָנגעהויבן פאַרהאַנדלונגען פון דער גרעסטער וויכטי־קייט. די פאַרהאַנדלונגען האָבן געענדערט די גאַנצע אינטערנאַ־ציאָנאַלע פּאָליטישע לאַגע. עס איז היינט צו פרי אָפּצושאַצן די ענדערונגען, עס איז אָבער ניטאָ קיין ספק, אַז די נייע קאָנטאַקטן און פאַרהאַנדלונגען קאָנען האָבן אויף לאַנגע צייטן אַן איינפלוס אויף די באַציאונגען צווישן אַלע גרויסמאַכטן. נאָר די דעמאָקראַ־טישע פּאָליטיקערס האָבן ניט געוואָלט זיך רעכענען דערמיט, זיי האָבן אַלץ געטאָן, כדי צו באַשמוצן דעם נאָמען פון אַמערי־קאַנער פּרעזידענט. מען האָט אפילו געפּרוווט אַריינצומישן אין דעם סקאַנדאַל דעם נאָמען פון קיסינגערן, וועלכער האָט תיכף דערקלערט, אַז ער וועט פאַרלאָזן זיין פּאָסטן, אויב די פּאָליטישע חברה־לייט וועלן אים ניט לאָזן צו רו און אויפהערן צו שפּילן זיך מיט זיין נאָמען.

מיר זאָגן נאָך אַ מאָל, אַז דאָס זענען די איינדרוקן, וואָס אויסלאַנד באַקומט פון דעם וואָטערגעיט־סקאַנדאַל, אויף אַ וויי־טער דיסטאַנץ פון וואַשינגטאָן. וואַשינגטאָן איז אַ וועלט פאַר זיך. דער קאַמף צווישן די צוויי פּאַרטייען, די „לאָבי״ אין קאָנגרעס מיט זייער אייגענער מאָראַל, די פּאָנדן פון די צוויי פּאַרטייען און זייער אייגענע „מאָראַל״ — דאָס איז אַלץ פרעמד פאַר דער אויסערער וועלט, דאָס איז אַלץ אַ פּראָדוקט פון ריינעם „אַמערי־קאַניזם״, ווי מען פאַרשטייט אין אויסלאַנד דאָס וואָרט. די הויפּט־

זאַך איז די דיפערענץ, ווי מען פאַרשטייט אין אַמעריקע און אין אייראָפּע דעם באַגריף פון פּרעסטיזש. ווי אָפּגעשטאַנען און פאַרלוירן אייראָפּע זאָל ניט זיין, מיינט דאָ פּרעסטיזש אַ גרויסן פאַרמעגן. אַזוי מיינען זיכער ניט די סענאַטאָרן און קאָנגרעסלייט אין וואַשינגטאָן, ווען זיי באַהאַנדלען דעם פּרעזידענט ווי אַ פאַרברעכער בשעת ער פירט וויכטיקע פּאָליטישע פאַרהאַנדלונגען אין פּעקין און אין מאָסקווע, אָדער בשעת ער באַזוכט קאַיראָ און ירושלים. ניט אין פּעקין, ניט אין מאָסקווע און ניט אין קאַיראָ האָט מען זיך ביז איצט ניט גערעכנט מיט דעם וואַשינגטאָנער באַגריף וועגן דעם פּרעסטיזש פון פּרעזידענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן. אפילו די סיסטעמאַטישע אַטאַקעס פון דער „ניו־יאָרק טיימס״ און „וואַשינגטאָן פּאָסט״ קעגן ניקסאָנען האָט מען דאָ כמעט איגנאָרירט. אָבער סוף כל סוף מוז דער פאַרטרויען צום פּרעזידענטישן פּאָסטן — ניט צו ניקסאָנען פּערזענלעך, נאָר צו זיין אַמט — פּלאַצן. מען קאָן זאָגן, אַז די פּאָליטיקערס האָבן דערגרייכט זייער צוועק; דער רעפּובליקאַנער פּרעזידענט איז אַראָפּ, ווייל ער האָט זיך דערלויבט צו ווערן פּרעזידענט...

אַזוי זעט אויס דער טייוולאָנישער שפּיל אַרום דער וואָטערגעיט־אַפּערע אין די אויגן פון וויכטיקע קרייזן אין אייראָפּע.

(„פרייע אַרבעטער שטימע״, סעפּטעמבער 1974)

# דעוואַלואַציע פון דעמאָקראַטיע

מיט עטלעכע יאָר צוריק, ווען דער דאָלאַר האָט פּלוצלינג אָנגעהויבן שאָקלען זיך און וואַקלען, האָבן מענטשן געמאַכט גרויסע אויגן און אויף גיך פאַרבייגעגאַנגען: אַ קלייניקייט, אויף מאָרגן וועט עס אַלץ זיין אין אָרדענונג!

אָבער ניט אויף מאָרגן און ניט איבערמאָרגן איז עס ניט געוואָרן בעסער, ס'איז געוואָרן ערגער. און היינט איז דער דאָלאַר אַ דעוואַלואירטע מטבע, אויס יחסן! עס איז אַ גרויסע אינטערנאַציאָנאַלע דראַמע. אַלע פינאַנסיעלע קאָנפערענצן האָבן זיך דערוויל געענדיקט מיט אַ דורכפאַל. דער דאָלאַר איז אַ געפאַלענער און חוץ דעם דייטשן מאַרק זענען געפאַלן אַלע פרעמדע וואַלוטעס. עס איז שווער צו זאָגן היינט מיט וואָס עס וועט זיך ענדיקן פריער אָדער שפּעטער דאָס הייבן זיך פונעם דאָלאַר, ווען וועט זיך ענדיקן דער אינטערנאַציאָנאַלער מאָנעטאַרער קריזיס. די קאַסע פון די פאַראייניקטע שטאַטן, שטענדיק ברייטהאַרציק און גרייט צו קומען צו הילף, איז דאָס מאָל ניט אין שטאַנד צו העלפן. דער טייערער דאָלאַר האָט פאַרלוירן זיין צויבערקראַפט, פשוט גערעדט, פאַרלוירן זיין ווערט און זיין קויפקראַפט. אַ ירידה פון פינף און דרייסיק פּראָצענט קאָן ניט געהיילט ווערן אין אַ קורצער צייט, אויב זי קאָן בכלל געהיילט ווערן...

אָבער ווי טרויעריק עס זאָל ניט אויסזען דער מאַכטלאָזער דעוואַלואירטער דאָלאַר, און זיינע אומפאַרמיידלעכע קאָנסעקווענצן, איז אַ סך טרויעריקער די סקאַנדאַל־אַטמאָספערע, וואָס איז גע־

קומען מיט דער וואַטערגעיט־אַפערע, מיטן אַראָפּזעצן דעם פּרי־ערדיקן פּרעזידענט, מיט די אויספאָרשונגס־קאָמיטעטן, מיט די הונדערט פּראָקוראָרן, אַדוואָקאַטן, ראַטגעבער, אינעם „ווייסן הויז"...

דער פינאַנס־קריזיס, די אויסערגעוויינטלעכע אינפלאַציע און די טייערע פּרייזן אויף אַלע וויכטיקע געברויך־אַרטיקלען האָבן אייגנטלעך גאָרניט צו טאָן מיט דער דעמאָקראַטישער וואַטערגעיט־אַפערע. די טריקעניש און שרעקלעך געפאַלענע גערעטעניש אין פאַרשידענע טיילן פון דער וועלט זענען אין אַ קאַטאַסטראָפאַלער לאַגע. עס איז אַ נאַטור־קאַטאַסטראָפע און דאַרף באַטראַכט ווערן אַלס אַזעלכע.

עס איז פאַרשווונדן, מאַכט עס דעם איינדרוק, דער גלאַנץ פון דער אַמעריקאַנער פירערשאַפט און ניט נאָר פון דער הערשנ־דיקער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, נאָר אויך פון דער רעפּובליקאַ־נישער. אַלע האָבן פאַרדאַכט אויף אַלע. די קאָמפּאַניע קעגן הענרי קיסינגער ברייטערט זיך אויס און פּרעזידענט פאָרד, דער יורש פון ניקסאָן, דאַרף זיך ניט פילן איבערגליקלעך מיט דער גרויס־אַרטיקער ירושה. כמעט יעדער טאָג ברענגט נייע סענסאַציעס אָדער אַלטע ווערן סערווירט ווי נייע סענסאַציעס. די שטימונג ווערט געדריקט מער און מער מיט יעדן טאָג. אויס געהויבענער אַמעריקאַניזם...

אַמעריקאַניזם האָט געהאַט די גרעסטע מאַרקע אין דער „אַל־טער וועלט" אַלס אומפּאַרטייאישער אַרביטראַזש, אַלס דירעקט פאַר־אינטערעסירטער צד, אַלס העכסטער יושר. ניט קוקנדיק אויף קאָנפליקטן פון צייט צו צייט מיט דער אָדער יענער מאַכט איז מען שטענדיק דורכגעקומען. מען איז געקומען אַזוי ווייט, אַז מען האָט באַקומען אַ פאַרשטענדיקונג אי מיט סאָוויעט־רוסלאַנד, אי מיט דער נייער כינע, וואָס איז אַ בלוטיקער שונא פון סאָוויעט־רוסלאַנד. אַמעריקאַניזם איז געוואָרן דער אַקטיווסטער פאַקטאָר אין דער אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק, סיי אין דער אַלטער און סיי אין דער נייער וועלט.

די וואַשינגטאָנער סקאַנדאַל־כראָניק האָט אַ גרויסן טייל פון די דערפאָלגן כמעט צו ניט געמאַכט, אַ סך ליקווידירט.

מיר זאָגן ניט דעוואַלואַציע פון דער אָדער יענער פּאַרטיי, מיר זאָגן דעוואַלואַציע פון דער דעמאָקראַטיע. ווייל עס האַנדלט זיך וועגן דעם לאַנד און ניט וועגן זיינע פּאָליטישע פּאַרטייען. דער רוסישער קאָמוניזם האָט יאָ אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען אויף סאָלידאַריטעט און גאַנצקייט. ער האָט געהאַט קעגן זיך די גאַנצע וועלט. סאָלזשעניצינס „אַרכיפּעלאַג״ אַליין האָט אים גע־קאָנט אומברענגען און האָט אים ניט אומגעבראַכט. דער „אַרכי־פּעלאַג״ האָט באַוויזן רוסלאַנדס פּנים אין זיין נאַטירלעכער ברו־טאַליטעט און אוממענטשלעכקייט, די וועלט האָט באַקומען אַ שאָק, אַ שרעקלעכן, אָבער דער קאָמוניזם אין איטאַליע און אין פראַנק־רייך איז געבליבן כמעט אומבאַרירט.

מען פרעגט זיך: האָט ניט צוגעגעבן מער חשיבות די העכ־סטע אינסטיטוציע דער „פעלקער־בונד״, די „יונייטעד ניישאַנס״, וואָס פּאַראייניקט איבער הונדערט און דרייסיק לענדער און פעל־קער? צום באַדויערן, איז דער ענטפער אַ נעגאַטיווער. וואָס גרע־סער דער „פעלקער־בונד״ איז געוואָרן אַלץ גרעסער איז דער טומל פון די טויזנטער אנגעשטעלטע געוואָרן, אַלץ מער אינטריגעס זענען פאַרשפרייט געוואָרן. יידישע אינטערעסן זענען ניט נאָר נעגליזשירט געוואָרן, נאָר אויך פאַרלייקנט געוואָרן. יידן האָבן ניט געהאַט קיין סך מזל פונעם פעלקער־בונד, שטענדיק געווען אין אַ דעפענסיווע, אָבער מיר באַטראַכטן די לאַגע אין דער אָנ״ו גראָד ניט פון שטאַנדפּונקט פון יידישע אינטערעסן און אַספּי־ראַציעס.

עס איז אַן אַלגעמיינע דעוואַלואַציע פון דעמאָקראַטישע פּרינ־ציפּן, פון די רעכט פון די קליינע פעלקער. עס איז אַ טיילונג צווישן גרויסע און קליינע, צווישן רייכע און אָרעמע, עס איז אַזוי ווי ס׳איז געווען, אויב ניט ערגער: אַמעריקע איז אַ וועלט פאַר זיך, כינע און יאַפּאַן — פאַר זיך און צווישן זיי די ריזיקע

פעדעראַציע פון פעלקער, אַרומגענומען פון אַ רעזשים, וועלכער ווייסט ניט פון נאַציאָנאַלער פרייהייט, ווי פון פרייהייט בכלל. קאָן מען פאַרשטיין ברעזשניעווס וואָרענונג, אַז אויב עס קומט ניט צו אַ פאַרשטענדיקונג צווישן רעכטס און לינקס קאָן קומען צו אַ גרויסן אויפרייס...

(„לעצטע נייעס", דעם 28־טן אָקטאָבער 1974)

# די שפּיצן־קאָנפערענצן

דער קומענדיקער היסטאָריקער פון אונדזערע צייטן וועט אָנ־רופן די היינטיקע עפּאָכע „די תקופה פון שפּיצן־קאָנפערענצן״. פון פּאַריז און לאָנדאָן איז אָפּגערעדט. מען פאָרט אַהין און צוריק, ווי צו זיך אַ היים. דאָס אייגענע זענען די רייזעס צווישן באָן, פּאַ־ריז, לאָנדאָן און וואַשינגטאָן; מאָסקווע און קאַירא זענען יעדן טאָג אויפן וועג. סאַדאַט פליט צו מאַרשאַל טיטאָ. קיסינגער פליט אין אַלע ריכטונגען יעדן טאָג. און ווער פאָרט ניט?

פּערזענלעכע קאָנטאַקטן זענען געוואָרן אַ נויטווענדיקייט. די ערשטע רייזע פון פּרעזידענט פאָרד האָט אים שיער ניט געבראַכט קיין פּעקין, אָבער ער האָט זיך פאַרהאַלטן אין וולאַדיוואָסטאָק, טאָקיאָ און קאָרעע. מען פאָרט ניט, מען פליט...

דער „טעכנאָלאָגישער פּראָגרעס״ איז געוואָרן אַן אויסגעשפּראָ־כענער פּאָליטישער פּראָגרעס. די טעלעפאָן־פאַרבינדונג און די אוויאַציע האָט געענדערט דעם גאַנצן כאַראַקטער פון די פּערזענ־לעכע באַציאונגען צווישן די פירערס פון די פרעמדע פעלקער. איז דען מעגלעך, אַז די עצם פאַרבינדונגען צווישן זיי זאָל זיך ניט ענדערן?

דער פאַל קיסינגער איז אין דער הינזיכט פון זייער אַ גרויסן אינטערעס. ער האָט געשלאָגן אַלע רעקאָרדן. ער האָט אין פאַר־לויף פון אַ פּאָר יאָר אויפגעריכט די פאַרבינדונגען צווישן מאָסקווע און וואַשינגטאָן, צווישן אַמעריקע און כינע .מען דאַרף האָבן אַ ספּעציעלן טאַלאַנט פאַר די אינטימע פאַרהאַנדלונגען. אין דער

אָנ"ו דרייען זיך אַרום הונדערטער מענטשן. די „לאבי" און די קאָרידאָרן זענען געוואָרן אַ ספּעציעלע אינסטיטוציע פֿאַר ספּע־ציעלע אַגענטן. דאָס האָט ביסלעכווייז דערפֿירט צו אַ דעמאָראַ־ליזאַציע. דער גענעראַל־סעקרעטאַר, וואָס האָט געזאָלט זיין דער העכסטער אויטאָריטעט, איז געוואָרן אַ צופֿעליקער באַאַמטער. די וויכטיקסטע פּראָבלעמען ווערן ניט באַהאַנדלט אין דער אָנ"ו, נאָר וויט, ווייט פֿון דער דאָזיקער טריבונע (טריבונאַל). אומעטום — חוץ דער אָנ"ו. עס איז אַ גרויסע דראַמע, אָבער אַזוי איז עס. און יעדן טאָג קומען צו נייע פּראָבלעמען, קאָמפּליצירטע, דרינגענדע. איך זאָג דאָס אַלץ צוליב דער אָנ"ו־זיצונג מיט יאַסער אַראַפֿאַט אַלס פּרימאַדאָנע. די אידעע פֿון אַמעריקאַנער פּרעזידענט ווילסאָן, נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה צו שאַפֿן אַ „פֿעלקער־בונד" איז געווען די גרינדונג פֿון אַ גאָר הויכן טריבונאַל, אַ ריינע פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע, אַן אמתן אינטערנאַציאָנאַלן טריבונאַל, וואָס זאָל באַשטיין פֿונעם בעסטן און ריינסטן. פֿון דער אידעע און פֿונעם פּלאַן איז גאָרניט געוואָרן. ווילסאָן אַליין איז געווען ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה אַן עדות פֿונעם דורכפֿאַל. די אַמעריקאַנער עפֿנטלעכע מיינונג האָט ניט געגלייבט אין דער מעגלעכקייט צו רעאַליזירן אַזאַ מין אידעאַל. די רוסישע „סאַמאָדיערזשאַוויע" האָט נאָך געלעבט. ס'איז געווען ערב נאַציזם און פֿאַשיזם. ס'איז געווען ערב דער צווייטער וועלט־מלחמה און ערב דעם רוסישן „סאָציאַ־ליזם", נוסח לענין און סטאַלין.

ווען מען דערמאָנט זיך כרושטשאָווס באַזוך אין דער אָנ"ו און זיין מאַניפֿעסטאַציע, זעט מען מיט וואָס פֿאַר אַ „טראַדיציעס" עס לעבט היינט די אָנ"ו. איך בין פּערזענלעך מיאוס אַריינגעפֿאַלן דערביי. איך האָב געפֿרעגט ביי אַ געבילדעטער רוסישער פֿרוי, וועלכע איז געווען אין זאַל בשעת ניקיטאַס פֿאָרשטעלונג מיט זיינע שיך, וואָס האָט ער דערביי געשריען. איך האָב ביי איר געפֿרעגט „וואָס ?" — איז די דאַמע שטאַרק אין כעס געוואָרן אויף מיר און געזאָגט : „מען האָט עס ניט געקאָנט דרוקן, ווילט איר, אַז איך זאָל דעם שמוץ איבערחזרן ?".

דאָס הייסט אַריינגעפֿאַלן...

איך בין ניט געווען שולדיק, כאָטש איך האָב געהערט, אַז כרושטשאָוו האָט די גאַנצע אָנ״ו געשיקט „אין דער מאַמען״ אַריין — די געווײַנטלעכע רוסישע ברכה.

פון דעם איז די אָנ״ו געוואָרן דאָס, וואָס זי איז היינט. די זי־צונגען פּרעזידירט דער אַלזשיריאַנער בוטעפליקאַ, מיט יאַסער אַראַפאַט אַלס סטאַר־רעדנער. און אָט פון דעם איז עס געקומען דער איינציקער אויסוועג: די שפּיצן־קאָנפערענץ!

וואָס איז אַזוינס אַ שפּיצן־קאָנפערענץ? צוויי צדדים האָבן אַן ערנסטן, אָפּט אַ געפערלעכן סכסוך. זיי גרייטן צו, ווי עס דאַרף צו זיין זייער מאַטעריאַל, און אָפּגעזונדערט פון אַלעמען, אין אַן אַבסאָלוט־אינטימער אַטמאָספערע קומען זיי — אָדער זיי קומען ניט — צו אַן אויסגלייך. זיי דאַרפן האָבן נאָר זייערע בעלי־עצות.

עס איז אַ דעליקאַטער פּראָצעס. קיסינגער האָט באַוויזן די קונסט. וואַשינגטאָן און מאָסקווע, וואַשינגטאָן און פּעקין, יאַפּאַן און רוסלאַנד. אפילו פאַר די אַראַבער, ספּעציעל פאַר עגיפּטן, איז ער געוואָרן „דיר אַנרי״ („טייערער העברי״) און געפירט אינ־טימע וויכטיקע פאַרהאַנדלונגען. ער האָט פאַרשלעפּט דעם פּרעזי־דענט פאָרד ביז וולאַדיוואָסטאָק און צוריק, קיין מאַרטיניק. סאַדאַטן און אַנדערע, מער אָדער ווייניקער געפערלעכע קעגנערס, האָט ער געמאַכט פאַר פריינד. אַ שפּיץ קאָן זיך אויך אָפּנוצן, אָדער אָפּגע־בראָכן ווערן, גראָד ווייל ער איז אַזוי דעליקאַט. אָבער דאָס פאַר־האַנדלען פּנים־אל־פּנים טראָגט אַן אויסגעשפּראָכן פּערזענלעכן כאַראַקטער.

די אָנ״ו האָט זיך עפּנטלעך דיסקרעדיטירט. די אָנ״ו, וואָס האָט שטורמיש אַפּלאָדירט אַראַפאַטן, קאָן ניט האָבן קיינעמס פאַר־טרויאונג, און איר פאַרטרויאונג איז ניט ווערט קיין צעבראָכע־נעם גראָשן.

דאָס לעצטע אויפטרעטן פון סאַדאַט און זיינע מיניסטאָרן איז אַ באַווייז, אַז אפילו די בעסטע שפּיצן־קאָנפערענצן קאָנען פירן

צו אַ קאַטאַסטראָפע. סאַדאַט שפּילט זיך פּאָרזיכטיק מיט פייער, און דאָס ווייסט ער זייער גוט. אָבער ער איז אָפּהענגיק פון זיינע מיטלויפערס און קליקעס. סאַדאַט האָט גאָר ניט פאַרלוירן דעם קאָפּ, אָבער זיינע מיטלויפערס זענען געטרייע דינערס פון איס־לאַם און פאַרגעסן די געשיכטע פון איסלאַם, זיין אויפשטייג און זיין ירידה. די צייט אַרבעט ניט פאַר זיי; די שעה פון זייער צוזאַמענברוך איז ניט ווייט.

(„לעצטע נייעס", דעם 1־טן יאַנואַר 1975)

# קיסינגער דער וועגווייזער

ד״ר הענרי קיסינגער, דער סעקרעטאַרי אָוו סטעיט אין וואַשינגטאָן, געוועזענער פּראָפעסאָר אין הארוואַרד, געוועזענער אינטימער ראַטגעבער פון פּרעזידענט ניקסאָן, איז אַן אויסערגעוויינטלעכע, פענאָמענאַלע פּערזענלעכקייט. אַז אַ מאַן קאָן אין פאַרלויף פון אַ פּאָר יאָר ווערן באַפריינדעט אין מאָסקווע, ווערן גוט אויפגענומען אין פּעקין און באַלד נאָך דעם אין קאַיראָ, אין דמשק און ביים קעניג פייסאַל אין סאַוד־אַראַביע — דאָס איז ניט געגעבן יעדן דערפאַרענעם שטאַטסמאַן. יעדע פון די פּערזאָנען, מיט וועלכע ער האָט צו טאָן, רעפּרעזענטירט אַ בינטל קאָמפּליצירטע פּראָבלעמען. ביים אויסגליטשן זיך פון די פאַרהאַנדלונגען איז דאָ אַ סכנה פון אַ גרויסער מלחמה מיט געפערלעכע קאָנסעקווענצן — ניט־פאָראויסגעזעענע נייע קאָנסעקווענצן.

מיר דערמאָנען זיך אין דעם אַרומפאָרן און אין די פאַרהאַנדלונגען פון דעם פאַרשטאָרבענעם סעקרעטאַרי אָוו סטעיט פאָסטער דאַלעס. געדענקען מיר, אַז די גאַנצע צייט פלעגט אין קאָנפליקט אַרויסרופן דעם אַנדערן. דאַלעס האָט פאַקטיש דערמעגלעכט דעם אַריינמאַרש פון סאָוויעט־רוסלאַנד קיין עגיפּטן און אין די אַראַבישע לענדער.

די איצטיקע תקופה איז אַ זייער קריטישע. עס איז פאַרשווונדן פון קיסינגערס פּנים זיין אייביקער שמייכל. צו פאַרהאַנדלען מיט די אַראַבישע לענדער און האָבן צו טאָן מיט זייערע קעגנזייטיקע אינטערעסן — איז ניט פון די איינפאַכע פּראָבלעמען. די וואָס

פאַרגלייכן קיסינגערן מיט דעם אַמאָליקן עסטרייכישן קאַנצלער מעטערניך, אָדער מיט דעם ענגלישן קאַסטעלרידז, וועלכער האָט שפּעטער פאַרענדיקט זיין לעבן מיט זעלבסטמאָרד, ווייסן ניט וועגן וואָס זיי רעדן. מעטערניך האָט געהאַט צו טאָן מיט אַ נאָך־נאַפּאָלעאָנישער צעשטערטער אייראָפּע. בשעת עס איז אויסגעבראָכן די רעוואָלוציע פון 1848 האָט מעטערניך געמוזט אַנטלויפן פון ווין אין אַ קאַרעטע מיט פאַרהאַנגענע פענצטער. עס איז היינט אַן אַנדערע וועלט און אַן אַנדערע אייראָפּע.

דער יידישער עמיגראַנט פון דייטשלאַנד, ד״ר הענרי קיסינגער, קומט פון אַן אַנדערער סביבה ווי מעטערניך. בשעת עס בושעוועט אַ רעזשים וואָס וויל פריער פון אַלץ פאַרטיליקן דאָס אינטעלעקטואַלע יידנטום, אַ רעזשים פון מאָרד. און מען מוז דאָך זאָגן, אַז היטלער האָט געהאַט ניט קיין קליינעם דערפאָלג.

דאָס מערקווערדיקע אין קיסינגערס גרויסאַרטיקע אַקטיוויטעטן איז דאָס וואָס ער האָט ריכטיק אָפּגעשאַצט די אינטערנאַציאָנאַלע פּאָליטישע לאַגע; די קריגעריי צווישן סאָוויעט־רוסלאַנד און כינע האָט ניט אויפגעהערט צו דראָען מיט אַ נייער וועלט־מלחמה און דאָס וואָלט געפירט אָן שום צווייפל צו דער מלחמה אין דעם נאָענטן מזרח און צו אַ נייעם פאַרמעסט אין מדינת ישראל. מען דאַרף האָבן אַ סך קוראַזש און גרויסע געניטקייט אויסצומיידן אַזאַ קאָנפליקט בשעת דער סאָוויעט־רעזשים שטייט באַוואָפנט אויף עטלעכע פראָנטן מיט ריזיקע אַרמייען. די פאַרהאַנדלונגען גייען אָן, די סכנה איז נאָך זייער גרויס און ווער קאָן זאָגן, אַז די מעגלעכקייט פון אַ נייער מלחמה אין נאָענטן מזרח איז אין גאַנצן עלימינירט? די לעצטע צוויי אינצידענטן אין לופט־פּאָרט אָרלי זענען אַ באַווייז, אַז דער אַראַבישער טעראָר איז נאָך אַלץ אין פולן גאַנג. איןביידע פאַלן זענען אויסגעמיטן געוואָרן שרעקלעכע קאַטאַסטראָפעס, אָבער דער אומרו איז אַזוי גרויס ווי די קאַטאַסטראָפעס וואָלטן אין דערווירקלעכקייט געשען.

מען זאָגט אַן אַ נייעם באַזוך פון קיסינגערן אין מיטעלן מזרח

אַזוי ווי ער וואָלט געווען דער איינציקער מיראַקל־מאַן, וואָס איז פעאיק צו ליקווידירן דעם טעראָר. ס'איז אַ שפיל מיט פייער.

קיסינגער האָט זיינס אָפּגעטאָן, אפשר מער ווי ער האָט געוואָלט אָפּטאָן. פּרעזידענט סאַדאַט פון עגיפּטן פּלאַנירט איצט בויען נייע שטעט און מען הערט רעדן וועגן מיליאַרדן דאָלאַרן פאַר נייע פּראָיעקטן. פראַנצייזישע צייטונגען ברענגען שוין מער ניט קיין סענסאַציאָנעלע נייעס פון די אַראַבישע עמיראַטן. עס איז אַזוי גוט, אַז מען האָט מורא, צי דאָס איז ווירקלעכקייט, אָדער אַ חלום. מען צאָלט ניט קיין שטייערן, מען בויט אומזיסט הייזער, מען האָט מעדיצינישע הילף אומזיסט. עס קלינגט כמעט אומגלייב־לעך, אָבער עס איז רעאַליטעט. עס איז אַ גן־עדן און מען האָט מורא, אַז דאָס קאָן מיט אַ מאָל פאַרשווינדן. אָבער עס פאַרשווינדט ניט, דער אייראָפּעאישער שטייערן־צאָלער באַצאָלט פאַר אַלץ.

קיסינגער איז אויך געווען דער ערשטער אָפיציעלער מאַן צו אַלאַרמירן די וועלט וועגן דעם אַראַבישן דע־לוקס געשעפט און לעבנס־שטייגער. זיין אַלאַרם האָט אָנגעזאָגט די מעגלעכקייט פון אַ מיליטערישער אינטערווענץ, וואָס האָט געווירקט ווי אַן אויפרייס פון אַ גרויסער באָמבע. אויף דעם אויפרייס האָט רעאַגירט דער אומגעבעטענער גאַסט, בומעדיען פון אַלזשיר. געענטפערט אויך מיט אַן אַלאַרם און מיט דראָאונגען. מסתמא קאָנען די נאַפט־מאַגנאַטן נאָך ניט קומען צו זיך פון קיסינגערס וואָרענונג און וויסן נאָך ניט וואָס צו ענטפערן. ס'איז קלאָר, אַז זיי זענען אין אַ געוויסן אומרו.

ווי געזאָגט, קיסינגער האָט זיינס אָפּגעטאָן. איצט דאַרפן האַנדלען די גרויסמאַכטן, דער געמיינזאַמער אייראָפּעאישער מאַרק און אַנדערע אינסטיטוציעס.

קיסינגער האָט געהאַנדלט ווי אַ שטאַטסמאַן, ניט ווי אַ באַ־אַמטער, אַלץ געטאָן אָפן און קלאָר. עס איז באמת אַ מין מיראַקל. צי דערמיט וועלן געלייזט ווערן די גרויסע פאַרוויקלטע פּראָבלע־מען — וועט מען זען אין דער נאָענטער צוקונפט.

עס ווייזט אויס, אַז ניט אַלץ איז אין אָרדענונג אין די באַציאונגען צווישן מאָסקווע און קאַירא, אָבער דאָ האָט אויך קיסינגער אַריינגעבראַכט קלאָרקייט און פאַרשטענדעניש, וואָס וועט קומען צו הילף...

ווען די שורות זענען געווען אָנגעשריבן איז אָנגעקומען די אָפיציעלע מעלדונג פון מאָסקווע, אַז די סאָוויעט־רעגירונג זאָגט זיך אָפּ פון דעם אָפּמאַך האַנדלס־אָפּמאַך פון 1972 מיט אַמעריקע במילא פון די פּריווילעגיעס פאַר יידישער אויסוואַנדערונג. אַ פּרעסע־קאָמענטאַטאָר רופט דאָס אָן „אַ דורכפאַל פאַר קיסינגער און ברעזשניעוו". דאָס איז אַ פאַלשער קאָמענטאַר. עס איז אַ דורכפאַל פון דער סאָוויעט־רעגירונג. מען האָט געוווסט — פון גראָמיקאָס בריוו מיט אַ וואָך פריער — אַז עפּעס איז קאַליע געוואָרן אין דער סאָוויעט־מאַשינקע און אַז ברעזשניעוו איז פּלוצלינג „קראַנק" געוואָרן. די סטאַליניסטן ווילן ניט טאַנצן מיט אַמעריקע.

אַ קאַמף אינעם קרעמל קעגן ברעזשניעוון גייט אָן שוין אַ לאַנגע צייט. ער זיצט אויף דעם הויכן אַמט צו לאַנג און צו פעסט. יעדנפאַלס האָט קיסינגער תיכף געענטפערט, אַז גאָרניט האָט זיך געענדערט. דער קאָנגרעס אין וואַשינגטאָן וועט מסתמא געבן רוסלאַנד די פּריווילעגיעס. מען דאַרף צוזוואַרטן מיט די אויספירן. מיר זענען אפשר עדות פון גאָר אַ נייעם קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון די רוסיש־אַמעריקאַנער באַציאונגען. קיסינגער ווייסט גוט וואָס ער טוט און וואָס ער זאָגט...

(„לעצטע נייעס", דעם 26־טן יאַנואַר 1975)

# וואָס וויל פראַנקרייך?

היינט איז דאָס יאָר 1974 און מען דאַרף ניט פאַרגעסן, אַז מיט זעכציק יאָר צוריק, אין 1914, איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה. מען דאַרף האָבן אַ סך פּאַפּיר, כדי צו דערמאָנען און פאַרשרייבן נאָר די וויכטיקסטע געשעענישן זינט יענער צייט: דער רוסישער בירגער־קריג, די צווייטע וועלט־מלחמה, נאַציזם, פאַשיזם אין פאַרשידענע פאָרמען, דאָס פאַרשווינדן פון עסטרייך־אונגאַרן און פון דער אָטאָמאַנישער אימפּעריע א. א. וו. פון גרויס־בריטאַניע איז געוואָרן אַ פרייע „געמיינשאַפט פון פעלקער" און אַ גאַנצע ריי נייע און קלענערע מלוכות, צווישן זיי מדינת ישראל, זענען געבוירן געוואָרן. אַ נייע וועלט איז אויפגעקומען.

איך קאָן זיך ניט העלפן און איך מוז נאָך אַ מאָל דערציילן, אַז דריי טעג פאַר דעם אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, אויגוסט 1914, האָב איך געזען אין פּעטערסבורג, אויף דעם נעווסקי פּראָספּעקט, דעם פראַנצייזישן פּרעזידענט פּואַנקאַרע און זיין פּרעמיער־מיניסטער וויוויאַני, עסקאָרטירט פון אַ הונדערט קאָזאַקן, פאָרן אין אַן אָפענער קאַרעטע צום ווינטער־פּאַלאַץ.

די מלחמה איז אויסגעבראָכן. פראַנקרייך איז געווען אין אַ גרויסער געפאַר. דאָס לאַנד איז געראַטעוועט געוואָרן פון דעם מיליטערישן בונד מיט רוסלאַנד און פון דער „אַנטאַנט קאָרדיאַל" מיט ענגלאַנד. ווילהעלם דעם צווייטנס דייטשלאַנד האָט געבליט, איז געווען מעכטיק שטאַרק, אָבער איז פאַרט געשלאָגן געוואָרן. אַמעריקע האָט געשיקט אַ גרויסע אַרמיי־עקספּעדיציע און פאַקטיש האָט זי געראַטעוועט פראַנקרייך.

נאָך דעם איז געקומען היטלער און נאַציזם און די פראַנצייִ־זישע אַרמיי איז צעבראָכן געוואָרן, איידער די אמתע מלחמה האָט זיך צעפלאַקערט. דע גאָל האָט געהאַלטן אין לאָנדאָן זיינע רעדעס, אָבער אַמעריקע האָט ווידער געשיקט קיין אייראָפּע אַ גרויסע אַר־מיי. אייזנהאַוערס אַרמיי איז אין דער אמתן אָנגעפירט געוואָרן פון גענעראַל מאַרשאַל. ווען אייזנהאַוער האָט פאַרנומען פּאַריז און האָט מאַרשירט אויף שאַנז עליזיי צו דעם עטואַל־פּלאַץ, האָט ער פלוצלינג דערזען לעבן זיך מאַרשירן גענעראַל דע גאָל. דאָס האָט געזאָלט הייסן: איך האָב מיטגעמאַכט די קאַמפּאַניע; דאָס איז געווען אַ היפּש ביסל קאָמיש, ניט זייער דראַמאַטיש.

עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן צו זיין דער אָנהייב פון אַן אמתער דראַמע, זייער אַ געפערלעכער, מיט זייער געפערלעכע קאָנסעקווענצן. און די דראַמע דויערט ביז צום היינטיקן טאָג. דע גאָל, ניט זייענדיק פון באַרוף קיין פּאָליטיקער, ניט זייענדיק צו פיל באַליבט אין דער אַרמיי, אָבער שטאַרק פאַרליבט אין זיך אַליין און אין זיינע באַמבאַסטישע רעדעס, איז ער מיט אַ מאָל געוואָרן אַנטי־אַמעריקאַניש, ווייל מענטשן ווי רוזוועלט אָדער טשערטשיל האָבן אים ניט געוואָלט אנערקענען פאַר זייערס גלייכן. פון אַנטי־אַמעריקאַניש איז ער געוואָרן אַ בלוטיקער שונא פון די „אַנגלאָזאַקסן".

דאָס איז ניט דער פּלאַץ און היינט איז אפשר ניט די צייט אויספירלעך צו רעדן וועגן דער געשיכטע פון גאָליזם און דע גאָלן. עס איז גענוג דאָ צו זאָגן, אַז סוף כל סוף איז דער העלד דורכ־געפאַלן ביי זיין לעצטן פּלעביסציט, ווען ער האָט געוואָלט דעגראַ־דירן דעם סענאַט, און איז אַ קורצע צייט נאָך דעם געשטאָרבן. צו זיינע שענדלעכסטע מעשים געהערט דאָס אַרויסוואַרפן פון פראַנקרייך אַלע אינסטיטוציעס פון דער נאַט"אָ, וואָס איינע פון אירע הויפּט־אויפגאַבעס איז געווען צו גאַראַנטירן די זיכערקייט פון פראַנקרייכס עקסיסטענץ.

וואָס האָט געוואָלט דע גאָל?

**וואָס ווילן היינט די תלמידים פון דע גאָלן, וואָס טרעטן אויף מיט דע גאָלס בראַוווּר?**

וואָס האָט פראַנקרייך געוואָלט דערגרייכן מיט דעם פרווו אויפצורייסן די נאָפט־קאָנפערענץ אין וואַשינגטאָן?

אין דער גאַנצער פראַנצייזישער פרעסע קאָן מען ניט געפינען קיין ענטפער אויף אָט די פראַגעס. דער פראַנצייזישער אויסערן־מיניסטער איז געבליבן איינער אַליין, איזאָלירט פון אַלעמען, אויף דער קאָנפערענץ. גאָליזם איז געוואָרן אַ קללה פאַרן לאַנד, וואָס די גאַנצע וועלט האָט שטענדיק באַוווּנדערט און ליב געהאַט.

וואָס וויל איצט פראַנקרייך?

אַזעלכע צוויי השפּעהדיקע פראַנצייזישע צייטונגען ווי „פּי־גאַראָ" און „לע מאָנד" שטעלן די פראַגע און זאָגן מיט פאַרצווייפ־לונג, צו וואָס האָט פראַנקרייך געדאַרפט רעדן אויף דער וואַשינג־טאָנער קאָנפערענץ מיט אַזאַ פּראָוואָצירנדיקער אַראָגאַנץ? דער פראַנצייזישער אינפאָרמאַציע־מיניסטער לעקאַ האָט אויף אַ פּרעס־סע־קאָנפערענץ דערקלערט, אַז זשאָבער האָט באַקומען גענויע אינסטרוקציעס. פון דעם ווערט געדרונגען, אַז ניט זשאָבער, נאָר פּאָמפּידו איז שולדיק אין דעם גרויסן סקאַנדאַל.

עס איז יאָ דאָ אַן ענטפער אויף דער פראַגע: וואָס וויל פראַנקרייך? פראַנקרייך האָט די אַמביציע צו ווערן זיין דער פּי־רער פון אייראָפּע, רעדן אין נאָמען פון אייראָפּע, פאַרהאַנדלען מיט די אַראַבישע נאַפט־מאַגנאַטן, פאַר גאַנץ אייראָפּע און דאָס אַלץ — קעגן דעם ווילן פון אַמעריקע.

דאָס איז ניט קיין בייזוויליקע קאַריקאַטור, נאָר דאָס איז די נאַרישע רעאַליטעט אין דעם היינטיקן פראַנצייזישן רעזשים. דאָס איז אַ משוגענע איינרעדעניש פון קליינע קאַרליקעס. די פראַנ־צייזישע פרעסע איז שאַרף און דאָס איינציקע, וואָס זי זאָגט ניט איז, אַז דער פרעזידענט און זיין מיניסטער האָבן געדאַרפט האָבן אַראָפּ פון זינען, כדי אויף אַזאַ חרפּהדיקן אופן צו סקאַנדאַליזירן פראַנקרייך.

זשאָבער איז געפאָרן קיין וואַשינגטאָן כמעט דירעקט פון זיין באַזוך אין איראַק. וואָס ער האָט צוגעזאָגט די אַראַבער, ווייסט מען נאָך ניט גענוי, אָבער מען וועט עס וויסן.

דערווייל דאַרף מען זען, וואָס עס וועט געשען אין פּאַריז...

(„פרייע אַרבעטער שטימע", אַפּריל 1974)

# סוף פון אַן אַוואַנטורע

מיר מיינען די פּאָליטישע אַוואַנטורע, וואָס האָט געהערשט אין פראַנקרייך זינט דעם סוף פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען פּאַריז איז באַפרייט געוואָרן פון די נאַציס און גענעראַל אייזנ־האַוער האָט מאַרשירט אויף דער פּראַקטיקער שאַנס עליזיי אין דער ריכטונג צו דעם עטואַל־פּלאַץ. ער האָט פּלוצלינג באַמערקט, אַז לעבן אים מאַרשירט, כלומרשט צוזאַמען מיט אים, אַ ניט־קיין־געבעטענער גאַסט, גענעראַל דע גאָל. דער אַמעריקאַנער שעף פון דער אַרמיי פון די פאַרבינדעטע איז געווען דערשטוינט, אָבער ניט געמאַכט דערפון קיין גרויסן ווען.

נו, אַזוי איינפאַך איז עס ניט געווען. אייזנהאַוער האָט פּשוט ניט געוווּסט מיט וואָס פאַר אַ מענטשן ער האָט צו טאָן און וואָס עס קאָן אַרויסקומען פון דעם מיטגיין — ניט מיטקעמפן, נאָר מיטגיין — מיט דע גאָלן. היטלער האָט געהאַלטן אין איין באַ־פעלן דעם דייטשן קאָמענדאַנט פון פּאַריז, אַז די הויפּטשטאָט פון פראַנקרייך זאָל אויפגעריסן און אָפּגעמעקט ווערן. די אַמעריקאַנער אַרמייען האָבן אין אַן עקספּרעס־טעמפּאָ זיך געאיילט קיין פּאַריז, כדי צו ראַטעווען די שיינע שטאָט. וואָס האָט געטאָן דע גאָל די גאַנצע צייט אין לאָנדאָן? ער האָט געהאַלטן דרשות. די רע־זיסטאַנס־באַוועגונג האָט מיט אים ניט געוואָלט האָבן צו טאָן, ווייל ער האָט גערעדט מיט די פראַנציייזישע פּאַרטיזאַנער, ווי זיי וואָלטן געווען זיינע קנעכט. עס זענען דאָ דאָקומענטן מיט פּראָ־טעסטן קעגן זיין אויפפיר.

סוף כל סוף איז פּאַריז געראַטעוועט געוואָרן. דער שוועדי־שער גענעראַל־קאָנסול אין פּאַריז ראַאול נאָרדלינג האָט איבער־גערעדט דעם דייטשן קאָמענדאַנט ניט צו פאָלגן די באַפעלן פון דעם משוגענעם גזלן.

גענעראַל דע גאָל האָט אָבער באַשלאָסן, אַז דאָס האָט ער גע־ראַטעוועט פּאַריז. מער פון דעם: ניט דער ענגלישער גענעראַל מאָנטגאָמערי, ניט די אַמעריקאַנער גענעראַלן מאַרשאַל און אייזנ־האַואר, נאָר ער, דע גאָל, האָט געשלאָגן די דייטשע אַרמיי פון גענעראַל ראָמעל און באַפרייט פראַנקרייך. עס קלינגט ווי אַ וויץ, אָבער דאָס איז די מענטאַליטעט פון אַ מעגאַלאָמאַניאַק, אַ מין משוגעת, וואָס קאָן ניט געהיילט ווערן...

דאָ האָט מען די גאַנצע סובסטאַנץ פון גאָליזם: „איך" און נאָר „איך" האָב געזיגט. ווען די שעה וועט קומען, וועל „איך" אַרויסוואַרפן פון פראַנקרייך אַלע נאַט"אָ־איינריכטונגען, עס וועלן בלייבן אין פראַנקרייך נאָר די קברים פון די געפאַלענע אַמערי־קאַנער סאָלדאַטן. און ער האָט געהאַלטן וואָרט. אַמעריקע האָט גע־שיקט קיין פראַנקרייך אַ גרויסע עקספּעדיציע אויך בשעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, דאָס איז אמת, אָבער „איך" פייף אויף אַמעריקע, אויף אירע אַרמייען, אויף אירע רייכטימער און אונדזע־רע חובות, אַ זעקס מיליאַרד דאָלאַרן.

דע גאָל האָט מאָביליזירט די גאַנצע פּאָליטישע אונטערוועלט קעגן אַמעריקע און האָט זיך אפילו געלאָזט פאָרן קיין קאַנאַדע, דעם שכן פון די פאַראייניקטע שטאַטן, כדי אָנצוטאָן שאָדן די אַמעריקאַנער. ער איז אָבער ניט דערפאָרן ביז אָטאַוואַ, די הויפּט־שטאָט פון קאַנאַדע, ווייל מען האָט אים ניט געוואָלט אויפנעמען אָפיציעל. פּאַקטיש האָט מען אים געבעטן פאַרקערעווען די האָ־לאָבליעס און פאָרן צוריק. מיט שאַנד איז ער אַוועק צוריק.

אין ביידע וועלט־מלחמות האָט זיך די פראַנצייזישע אַרמיי אויפגעלייזט. די אַמעריקאַנער האָבן באמת געראַטעוועט פראַנק־רייך, אָבער דע גאָלס שנאה צו אַמעריקע איז אַלץ געוואָרן גרע־סער. ער האָט זיך אויפגעפירט ווי אַ מאַניאַק.

מען דערציילט זיך שטילערהייט וועגן אַ סך אומריינע שטיק זיינע, אָבער ער איז דאָך געשטאָרבן, וויל מען ניט שרייבן וועגן זיי. ער האָט אַרויסגענומען פראַנקרייך פון דער נאַט״אָ, אָבער געבליבן אין דעם „אַטלאַנטיק־פּאַקט״. כאָטש די נאַט״אָ איז דער מיליטערישער אינסטרומענט פון דעם פּאַקט, האָט ער געקאָנט אינפאָרמירן מאָסקווע וועגן וויכטיקע ענינים. ער איז געוואָרן אַ פריינד פון מאָסקווע און פון די אַראַבער. ער האָט געפּרוווט חוזק מאַכן פון מדינת ישראל, האָט מען אים געענטפערט מיט דער אייגענער מטבע. ער האָט אַרום זיך געהאַט אַ פּאָר משומדים, וועלכע האָבן זיך אויפגעפירט ווי משומדים. פּאָליטיקערס, יידישע ריינע פּאָליטיקערס, ווי למשל, מענדעס פראַנס, האָבן זיך באַלד אָפּגעטרייסלט פון איינגערעדטן דע גאָלן. מיט זיינע פלעביסציטן האָט ער אָנגעהויבן מאַכן גאָר מיאוסע שטיק. סוף כל סוף האָט די געדולד געפּלאַצט ביים פאָלק און ביים לעצטן פלעביסציט האָט מען אים פאַרטריבן פון דעם עליזיי־פּאַלאַץ.

**
*

דער פאַרשטאָרבענער נאָכפאָלגער פון גענעראַל דע גאָל איז ניט געווען קיין גענעראַל, האָט ניט פּרעטענדירט צו זיין אַ העלד, וואָס האָט געראַטעוועט פראַנקרייך, ער האָט געטראָגן אַ שיין גע־נייטן אנצוג און שטענדיק געווען גוט ראַזירט. זשאָרזש פּאָמפּידו האָט ער געהייסן, געפּרוווט שרייבן פּאָעזיע, געווען אַ לערער, געוואָרן אַ דירעקטאָר אין ראָטשילדס באַנק און ניט זייענדיק קיין פּאָליטיקער און ניט קיין פּאַרלאַמענטאַריער, מיט אַ מאָל געוואָרן ביי דע גאָלן אַ „פּרעמיער־מיניסטער״. גאַנצע זיבן יאָר געווען אויף דעם פּאָסטן. ביי דע גאָלן צו זיין אַ פּרעמיער־מיניסטער איז דאָס אייגענע, ווי צו זיין אַ שיקייגל, ווייל דע גאָל ווייסט אַלץ בעסער פון אַלע. און אַז דער פּרעמיער־מיניסטער האָט געפּרוווט זיין עפּעס מער, האָט מען אים געוויזן דעם וועג — אויס פּרעמיער־מיניסטער!

ווען דע גאָל איז פּלוצלינג געשטאָרבן, איז דער געוועזענער

עקס־גאָליסט געוואָרן אַ פולער גאָליסט און קוים־קוים געווילט געוואָרן פרעזידענט פון לאַנד. אַ פרעזידענט מוז האָבן אַ פּראָ־גראַם, עס איז אַ פּאָליטישער פּאָסטן, אָבער פּאָמפּידו איז פריער ניט געווען קיין פּאָליטיקער און קיין פּאָליטישע פּראָגראַם האָט ער ניט געהאַט. וואָס טוט מען? ער איז דאָך געווען אַ „פּרעמיער" ביי דע גאָלן. ער דערקלערט זיך פאַר אַ „גאָליסט". דאָס איז ניט גענוג. ער ווערט מער גאָליסט, ווי דע גאָל איז געווען. ער ווערט אַ פריינד פון די אַראַבער, אַ פריינד פון רוסלאַנד, אַ ביטערער פיינד פון אַמעריקע, אַ פיינד פון די פראַנצייזישע קאָמוניסטן, און נאַטירלעך אַ פיינד פון דער יידישער מדינה. ער פּרוווט נאָכמאַכן דע גאָלס שטיק און אינטריגעס, אָבער עס קומט אַרויס אַלץ קלאָ־ציק און אומגעלומפּערט. פאַר אַלעמען, און מער פון אַלץ פאַר פראַנקרייך גופא, ווערט קלאָר, אַז דער רעזשים איז אַ בלאָף, אַ פּוסטע קאָמעדיע, ריינער „גאָליזם".

פּאָמפּידו איז געווען אַ לאַנגע צייט ערנסט קראַנק און גאַנץ פּאַריז האָט געוווּסט, אַז אָט־אָט וועט ער שטאַרבן. דערווייל איז פראַנקרייך געוואָרן פּאָליטיש איזאָלירט. ער האָט באַשטימט פאַר אַן אויסערן־מיניסטער אַ שלימזל, אַ נישטיקן באַאַמטן, וואָס האָט געמוזט עפנטלעך פירן אַ קאַמפּאַניע קעגן אַמעריקע. די לאַגע איז געוואָרן קאַטאַסטראָפאַל. אַמעריקע האָט זיך ניט דערשראָקן. און פּאָמפּידו איז אַוועק פון דער וועלט. אויס דע גאָל, אויס פּאָמפּידו און — אויס גאָליזם!...

אַז דער פולשטענדיקער סוף פון גאָליזם איז שוין דאָ, קאָן מען זען פון דעם, וואָס דער קאַנדידאַט פון דער גאָליסטן־פּאַרטיי, דער געוועזענער פּרעמיער־מיניסטער און באַגייסטערטער נאָכפאָל־גער פון גענעראַל דע גאָל, שאַבאַן־דעלמאַס, איז מיאוס דורכגעפאַלן ביי דעם ערשטן טור פון די לעצטע פּרעזידענט־וואַלן. ער האָט געהאַט די ברכה פון דער גאָליסטן־פּאַרטיי, ער האָט באַנוצט אַלע מיטלען פון ביליקער פּראָפּאַגאַנדע, אָבער ער איז דורכגעפאַלן.

קען מען דאָך פרעגן, צו וואָס דאַרף מען אַזוי פיל רעדן וועגן אַ געפאַלענעם גאָליזם? פראַנקרייך — און צוזאַמען מיט פראַנק־

רייך די גאַנצע וועלט — איז פּטור געוואָרן פון אַ קרענק. דער ענטפער איז, אַז ניט זייענדיק קיין גרויסמאַכט, איז פראַנקרייך פּאָליטיש און געאָפּאָליטיש פּאָרט אַ וויכטיקע אייראָפּעאישע צענ־טראַלע מאַכט. אַ פּאָליטיש דעמאָראַליזירט פראַנקרייך קאָן ווערן אַ גרויסע געפאַר און אַ פּאָליטיש אויפגעבליטע דעמאָקראַטיע אין פראַנקרייך, ניט איזאָלירט פון ענגלאַנד, מערב־דייטשלאַנד און אַמעריקע, קאָן ווערן אַ קוואַל פון אַ ניי לעבן, פון אַ נייער דע־מאָקראַטיע.

מען קאָן פאַרשטיין, אַז מענטשן איז נמאס געוואָרן ווידער צו הערן די רייד וועגן דע גאָלן און גאָליזם, אָבער זיין איינרעדע־ניש וועגן פראַנקרייך ווי אַ גרויסמאַכט, זיין פאַררעסנקייט צו שפּילן די ראָלע פון אייראָפּעס פירער האָט דעמאָראַליזירט ניט נאָר פראַנקרייך, נאָר אויך די ניי־געבוירענע מלוכות, גאַנץ באַזונ־דערס אין אַפריקע. ווען מען זאָל ניט עפענען די טעלעוויזיע, זעט מען אין פּאַריז מאַניפעסטאַציעס פון שטרייקערס. עס שטרייקן אַר־בעטערס אין אַלע בראַנזשעס, עס שטרייקן באַאַמטע פון אַלע קאַ־טעגאָריעס, אין פּריוואַטע אונטערנעמונגען, אין מלוכה־אַנשטאַלטן, אין נאַציאָנאַליזירטע אינדוסטריעס. דער אַרבעטס־טאָג אין פראַנק־רייך איז דער לענגסטער, דער לוין איז דער קלענסטער. דאָס לאַנד איז עקאָנאָמיש אָפּגעשטאַנען. מיט צען יאָר צוריק האָט מען פאַר איין פראַנק געקאָנט קויפן איין דייטשן מאַרק. היינט מוז מען באַצאָלן פאַר איין מאַרק צוויי פראַנצייזישע פראַנקן.

בעת די לעצטע שטורמישע פּרעזידענט־וואַלן האָבן די הויפּט־קאַנדידאַטן כמעט קיין מאָל ניט דערמאָנט די נעמען פון דע גאָל און פּאָמפּידו. דער פּאַרטיי־אַפּאַראַט האָט זיך געוואָרפן אין אַלע זייטן, אָבער דער קאַנדידאַט פון די גאָליסטן, ווי פריער דערמאָנט, איז באַלד אַרויסגעפאַלן. די גאָליסטן האָבן געמוזט שטימען פאַר זשיסקאַר ד׳עסטען, וועלכער איז דער אָנפירער פון דער צענטער־פּאַרטיי, ניט קיין לינקע גרופּירונג און ניט קיין גאָליסטישע, אָבער פאַרבונדן מיט די גאָליסטן. אין די וואַלן האָבן זיך באַטייליקט 89 פּראָצענט פון די באַרעכטיקטע צו שטימען. זשיסקאַר ד׳עסטען

האָט געווונען נאָר מיט אַ מערהייט פון איין פּראָצענט און אַלע זענען מסכים, אַז אין פראַנקרייך האָט זיך געשאַפן אַ נייע פּאָלי־טישע לאַגע. דער גאָליזם איז טויט און האָפנטלעך טויט אויף אייביק...

(„פרייע אַרבעטער שטימע״, יולי 1974)

# ענדערונגען אין פראַנקרייך

בעת דער לעצטער שטורמישער וואַל־קאַמפּאַניע פאַר אַ נייעם פּרעזידענט אין פראַנקרייך — נאָך דעם טויט פון זשאָרזש פּאָמפּי־דו — זענען געשען אַ סך וויכטיקע עפּיזאָדן וואָס האָבן אַנטפּלעקט פאַר דער גאַנצער וועלט די דראַמע פון דע גאָלס אַזוי גערופענעם „פּרעזידענטן־רעזשים”, איינגעפירט און קולטיווירט פון דעם בייז־וויליקן דיקטאַטאָר. דאָס אויסערגעוויינטלעכע אין דער קאַמפּאַניע איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ביידע צדדים, סיי דער סאָציאַליס־טיש־קאָמוניסטישער און סיי דער רעכטער צד, האָבן כמעט ניט דערמאָנט דעם נאָמען פון דע גאָלן אָדער פון זיין נאָכפאָלגער, אַזוי ווי דאָס לאַנד וואָלט פלוצלינג אָפּגעאָטעמט נאָך דעם ווי אַ פינצטערער קאָשמאַר איז פאַרשוווּנדן און די מענטשן האָבן זיך געקאָנט באַוועגן פריי און רעדן פריי.

דערביי האָבן ביידע צדדים — אויך ניי־אויסגעוויילטער פּרע־זידענט זשיסקאַר ד׳עסטען, דער פירער פון דער צענטער־פּאַרטיי, וואָס איז געווען דער שותף צו די גאָליסטן — פייערלעך אָנגעזאָגט גרויסע „ענדערונגען” אין דער אינערן־ און אויסערן־פּאָליטיק פונעם לאַנד. פראַנסואַ מיטעראַן, דער קאַנדידאַט פון לינקן בלאָק, איז געקומען מיט אַן אויספירלעכער פּראָגראַם פון רעפאָרמען. עס איז אים ניט געווען שווער אָנצורופן ביים נאָמען „די רעפאָרמען”, ווייל די לעצטע צען יאָר האָט פראַנקרייך ניט פּראָגרעסירט מיטן געהעריקן טעמפּאָ. עס איז דאָ אַ גרויסע אַרבעטסלאָזיקייט. אַן אומרו הערשט אין לאַנד, אין אַלע קלאַסן. דער פּרעזידענט האָט

מערערע מאָל אויך גערעדט גאַנץ ערנסט וועגן ענדערונגען, ניט זאָגנדיק דערביי, וואָס פאַר אַן ענדערונגען ער האָט אין זינען.

דער אָנזאָג פון ענדערונגען האָט, נאַטירלעך, פאַרגרעסערט די שפּאַנונג. מען האָט דערוואַרט פריער פון אַלץ אַן „אָפּרייניקונג" פון דעם פּרעזידענטן־רעזשים. דערוויל באַשטייט די ענדערונג אין אַן אויסערגעוויינטלעכער אינפלאַציע, אין נייע גרויסע שטייערן און אין פאַלן פון פראַנק. דערווייל לאָזט מען צו וויסן שטילערהייט, אַז דער האַנדלס־דעפיציט איז קאָלאָסאַל און מען זעט ניט, ווי אַזוי מען וועט אים דעקן. דער נייער פּרעזידענט איז כמעט צען יאָר געווען פראַנקרייכס פינאַנץ־מיניסטער און קיינער ווייסט ניט בעסער און גענויער פון אים דעם אמתן עקאָנאָמישן צושטאַנד פון לאַנד. די אינטערנאַציאָנאַלע געלט־סיטואַציע איז זייער פאַרפלאָנטערט, זינט דע גאָל האָט פּראָקלאַמירט זיין פּריוואַטע מלחמה קעגן דעם דאָלאַר. דע גאָל האָט געוווּנען די שלאַכט און דער דאָלאַר איז שטאַרק דעוואַלואירט, קנאַפּע דרייסיק פּראָצענט. דערמיט איז אונטערגעגראָבן יעדע מעגלעכקייט צו קריגן פאַר פראַנקרייך אַ גרויסע פינאַנציעלע הילף פון דעם איינציקן לאַנד, וואָס וואָלט געקאָנט העלפן: פון אַמעריקע.

אויף יעדן פאַל איז קיין שום ענדערונג דערווייל ניט פאָרגעקומען אין די באַציאונגען פון דעם כלומרשט נייעם רעזשים פון פראַנקרייך צו די אַראַבער. זיי, די פראַנצויזן, צאָלן טאַקע די גערעכטע פרייזן פאַר דעם אַראַבישן נאַפט, וואָס איז אַ חורבן פאַר דער פראַנצייזישער אינדוסטריע, אָבער די ליבע צו זיין דאָס אויסגעוויילטע פאָלק ביי די אַראַבער איז אַזוי גרויס, אַז דאָס ווערט אַקצעפּטירט.

מען הייבט אָן כלומרשט אַ ניי קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון די באַציאונגען צווישן פראַנקרייך און מדינת ישראל, דאָס הייסט, מיט יידן בכלל. דאָס אַריינטרעטן פון די פאַראייניקטע שטאַטן אין דעם נאָענטן אָריענט, די אויפטוען פון קיסינגערן אין עגיפּטן און סאַודי־אַראַביע — און דאָס אַלץ אָן שום שייכות און באַטייליקונג פון פראַנקרייך, דירעקט אָדער אומדירעקט — האָט

געמוזט מאַכן אין פּאַריז אַ שטאַרקן איינדרוק. גאָליזם האָט זיך געגרייט צו שפּילן אַ פירנדיקע ראָלע, שיער־שיער ניט אַ דאָמי־נירנדיקע ראָלע, און פּלוצלינג אויס גאָליזם און אויס אַלע פּרעטענ־זיעס אויף אַ פירנדיקער ראָלע. דער געוועזענער אויסערן־מיניס־טער זשאָבער איז מיט אַ מאָל געוואָרן אויס קאָפּעלוש־מאַכער, פאַרגעסנדיק, אַז ער האָט אַ חלק אין דער גרויסער שפּאַנונג אין די באַציאונגען צווישן די פאַראייניקטע שטאַטן און פראַנקרייך. ער וויל אפילו בויען אַ נייע פּאַרטיי, כדי ניט צו דערלאָזן, אַז אַמעריקע זאָל פאַרכאַפּן די גאַנצע וועלט...

דער יידישער ישוב אין פראַנקרייך איז אַן ערך זעקס הונדערט טויזנט נפשות. דער ישוב איז טיף איינגעוואָרצלט אין דער פראַנ־צייזישער קולטור און וויכטיקע פראַנצייזישע קרייזן שאַצן אָפּ דעם בייטראָג פון די יידן, באַציען זיך מיט ערנסטער סימפּאַטיע, מיט אַן אויפריכטיקער פריינדשאַפט צום יידנטום. דאָס גייט טאַקע צוזאַמען מיט אַן אויפגעוועקטן פרישן אַנטיסעמיטיזם, מיט אַראַ־בישע אינטריגעס און צרות, צו וועלכע מיר זענען געוויינט.

דער הייַנטיקער קריזיס אין פראַנקרייך איז ניט דער ערשטער און ניט מסתמא דער לעצטער. עס זענען שטענדיק געווען צוויי פראַנקרייכס און עס וועלן זיין שטענדיק צוויי פראַנקרייכס. אין יעדן לאַנד איז דאָ אַן אָפּאָזיציע צו דער רעגירונג, אָבער אין פראַנקרייך איז דאָס פּשוט אַ שפּאַלטונג אויף צוויי טיילן. די שפּאַלטונג פירט אויך צו קאָמפּליקאַציעס מיט יידן. דע גאָל און שפּעטער פּאָמפּידו זענען ניט געווען קיין אַנטיסעמיטן, אָבער זייער פּראָ־אַראַבישע פּאָליטיק איז געווען אַ מין ברכה פאַר דעם אויפלעב פון אַנטיסעמיטיזם.

די פּאָליטישע לאַגע פון פראַנצייזישן יידנטום איז אַ וויכ־טיקער פאַקטאָר אין לעבן פונעם גאַנצן יידנטום אין אייראָפּע, ווייל יידן שפּילן אַ וויכטיקע ראָלע אינעם לעבן פון פראַנקרייך, מען מעג זאָגן, אויף אַלע געביטן פון עפנטלעכן לעבן פון לאַנד.

דערווייל זעט מען נאָך ניט קלאָר די ענדערונגען, וואָס דער

נייער פּרעזידענט האָט אָנגעזאָגט די פּראַנצויזן. אָבער עס וועט מסתּמא ניט נעמען קיין צו לאַנגע צייט צו זען, צי דאָס וועט בלייבן נאָר אַ וואַללאָזונג אָדער דאָס וועט אָננעמען קאָנקרעטע פאָרמען.

(„פרייטע אַרבעטער שטימע", אָקטאָבער 1974)

# די דראַמע אין פראַנקרייך

היינטיקע צייטן דאַרף מען ניט דראַמאַטיזירן קיין שום גע־שעענישן, זיי קומען אַרויס פון זיך אַליין דראַמאַטיש. דער באַזוך פונעם פראַנצייזישן אויסערן־מיניסטער אין ישראל באַלד נאָך דער אַראַבישער קאָנפערענץ אין ראַבאַט, מאַראָקאָ, האָט עס באַוויזן.

דער פערמאַנענטער פּאָליטישער קריזיס אין פראַנקרייך איז פון גרויסן באַטייט פאַר יידישע אינטערעסן ניט נאָר דערפאַר, ווייל דאָרט לעבן היינט פינף אָדער זעקס הונדערט טויזנט יידן און עס איז איצט דער גרעסטער יידישער ישוב אין אייראָפּע. פראַנקרייך פאַרנעמט אַ ספּעציעל אָרט אין דער אינטערנאַציאָ־נאַלער פּאָליטיק. דאָס לאַנד וויל שפּילן אַ פירנדיקע סאָלאָ־ראָלע און איז, אייגנטלעך, איזאָלירט. פראַנקרייך פון היינט האָט ניט קיין קלעמאַנסאָ און קיין העריאָ, קיין לעאָן בלום. דער פּרעזידענט פון סענאַט, פּאָהער, איז זייער פּאָפּולער, אָבער ער איז ניט ביי דער מאַכט. מענדעס פראַנס איז פּאָפּולער, האָט אַ גלענצנדיקן נאָמען, אָבער ער איז ניט געזונט און האָט זיך אַליין באַזייטיקט.

פראַנקרייך איז אין אַ קאָלאָסאַלן שטרייקשטורעם, ספּעציעל נאָך די וואַלן פון דעם נייעם פּרעזידענט זשיסקאַר ד'עסטען. ער האָט באַקומען אַן ערך איין פּראָצענט מער שטימען ווי מיטעראַן, דער קאַנדידאַט פון סאָציאַליסטן און קאָמוניסטן.

די נייע פראַנצייזישע רעגירונג וואָלט געוואָלט עפּעס אויפטאָן, ראַדיקאַל עפּעס „ענדערן", אָבער קאָן גאָר ניט אויפטאָן. דער סם

פון דע גאָלס און פּאָמפּידוס רעזשים איז געווען צו שטאַרק און האָט זיך נאָך ניט אויסגעוועפּט. עס איז אַ צושטאַנד פון נערוון־קאָנווולסיעס. אַלע און אַלץ שטרייקט. אפילו דער אָפיציעלער באַאַמטן־אַפּאַראַט איז פּאַראַליזירט. די פּאָסט, טעלעגראַף און טע־לעפאָן האָבן געשטרייקט איבער זעקס וואָכן.

דער נייער פּרעזידענט פון פראַנקרייך איז געווען אַ סך יאָרן פינאַנץ־מיניסטער און האָט אַ ריינעם נאָמען און גוטע ווונטשן, אָבער ווען ער איז געוואָרן פינאַנץ־מיניסטער, האָט מען פאַר אַ פראַנצייזישן פראַנק געדאַרפט באַצאָלן איין דייטשן מאַרק, היינט באַקומט מען פאַר אַ דייטשן מאַר צוויי פראַנצייזישע פראַנקן. דאָס לאַנד איז עקאָנאָמיש קראַנק און קאָן ניט געפינען קיין ריכטיקע שותּפים, ניט ענגלאַנד און ניט אַמעריקע, דאָס לאַנד איז אַ היפּש ביסל אַראַביזירט. מען מעג רעכענען, אַז אַ מיליאָן אַלזשיריאַנער און אַנדערע צפון־אַפריקאַנער זענען באַשעפטיקט אין דער פראַנ־צייזישער אינדוסטריע. דערפאַר איז עס ניט סתם אַ קאַפּריז דאָס, וואָס די פראַנצייזישע אויסערן־פּאָליטיק איז אַ היפּש ביסל אַראַבי־זירט. דאָס איז אין זיך אַליין אַ דראַמע. פּאַריז, די עפנטלעכע מיינונג פון גאַנץ פראַנקרייך, דער פּאַרלאַמענט, דער סענאַט זענען ניט אַנטי־יידיש. אָבער דאָס לעבן פירט אַן אַנדערן חשבון, פירט און פאַרפירט. די יידישע עפנטלעכע מיינונג רעאַגירט זייער שטאַרק אויף די ענדערונגען, וואָס ווער ווייסט צו וואָס זיי וועלן דערפירן.

צי עס געפעלט אונדז יאָ אָדער ניט, צי עס געפעלט די פראַנ־צויזן יאָ אָדער ניט, אָבער אַ פאַקט איז, אַז אין פראַנקרייך איז פאַראַן אַ גרויסער אַראַבישער צענטער און די אַראַבער פילן זיך דאָ ווי „ביי זיך אין דער היים”. דערפאַר איז פון גרויס וויכטיקייט דער באַזוך פון פראַנצייזישן אויסערן־מיניסטער אין ישראל. ביידע צדדים האָבן אַ סך גערעדט און זיך אַראָפּגערעדט פון האַרצן. דער אויסערן־מיניסטער ישראל, אַלון, האָט ניט געזשאַלעוועט קיין שאַרפע ווערטער, מען איז ניט געקומען צו אַ פאַרשטענדיקונג, ווייל דער קאָנפליקט איז זייער אַן ערנסטער, אָבער עס איז גוט,

וואָס דער פראַנצויז ווייסט היינט בעסער מיט וועמען ער האָט צו טאָן, דאָס אַליין איז וויכטיק.

פראַנקרייך איז אַ גרויסע פּאָזיציע און עס לוינט פאַר די יידן צו קעמפן פאַר דער פּאָזיציע. עס איז ווערט פאַר יידן און עס איז ווערט פאַר פראַנקרייך. דער פראַנצייזישער אויסערן־מי־ניסטער איז אַוועקגעפאָרן, דוכט זיך, אַ צופרידענער מיט זיין באַזוך. ער איז שוין געווען אַ מאָל אין ישראל און האָט איצט געהאַט אַ געלעגנהייט צו זען, ווי דאָס לאַנד בויט זיך און וואָס זענען זיינע קאָנסטרוקטיווע פּלענער. מען האָט גערעדט „פראַנק און פריי״.

ניט נאָר ישראל זוכט גוטע שותפים און דאַרף ניט זיין איזאָלירט, אויך פראַנקרייך נייטיקט זיך אין ווירדיקע און ערנסטע שותפים און וויל ניט זיין איזאָלירט. פראַנקרייך וויל שפּילן איצט אַ וויכטיקע ראָלע, דער באַזוך קאָן ברענגען גוטע רעזולטאַטן פאַר ביידע צדדים.

(„פרייע אַרבעטער שטימע״, יאַנואַר 1975)

# די זעלבסטפארניכטונג פון אָנ״ו

שוין לאַנג, לאַנג איידער עס האָט זיך אָפּגעשפּילט דער אַראַ־פּאַט־ספּעקטאַקל אין דער אָנ״ו האָט מען ניט ווייניק גערעדט וועגן דעם, ווי אַבסורדאַל די אָרגאַניזאַציע איז אויפגעבויט. דער פּרינציפּיעלער דעמאָקראַטישער כלל פון גלייכהייט פון פעלקער איז טאַקע ריכטיק און געזונט, אָבער ביי נאָרמאַלע אומשטענדן; אָבער עס איז אַ מיסברויך פון דעם דעמאָקראַטישן פּרינציפּ ווען ענגלאַנד און אַלזשיר, פראַנקרייך און טאַנזאַניע און אַזוי ווייטער, באַקומען יעדע איין שטימע. אין דער לאָגיק הייסט עס „רעדוקציע אַד אַבסורדום״. אַלטע פעלקער מיט אַן אַלטער אייראָפּעאישער קול־טור באַקומען די אייגענע רעכט און די אייגענע פליכטן וואָס די אַזיאַטישע און אַפריקאַנישע האַלב־פאַרשקלאַפטע פעלקער.

עס זענען דאָ געוווג אַנדערע אַבסורדן אין דעם אָפּמאַך. בעלאָ־רוסיע, אַ געוויינטלעכע רוסישע פּראָווינץ, באַקומט לויט דעם אָפּ־מאַך אַ סטאַטוס פון אַ באַזונדער לאַנד מיט אַן אייגענער שטימע.

דאַרף מען זיך ניט וווּנדערן וואָס ביסלעכווייז איז די גאַנצע אָנ״ו דעגראַדירט געוואָרן ביז עס איז דערצו געקומען, אַז אַ צווייט־קלאַסיקער אַלזשיריאַנער ׳פּאָליטיקער״ פּרעזידירט די גענעראַל־פאַרזאַמלונג פון דער אָנ״ו — הונדערט און פינף דרייסיק לענ־דער — און דער שעף פון די אַראַבישע טעראָריסטן לייענט פאַר דעם פול־געפּאַקטן זאַל די רעדע, וואָס מען האָט פאַר אים אָנגע־שריבן.

מיט עטלעכע טעג פאַר דעם ספּעקטאַקל אין ניו־יאָרק האָט זיך אָפּגעשפּילט אַ קאָמעדיע אין אַלזשיר גופא. עס איז געקומען אויף אַן אָפיציעלן באַזוך אין אַלזשיר דער פּרעמיער־מיניסטער פון שוועדן אָלאָף פּאַלמע. ער ווערט איינגעלאַדן צו אַ פּאַראַדנעם מי־טאָג און ווען טרעפט ער דאָרטן „פּלוצלינג״? יאַסער אַראַפאַט... די שוועדישע פּרעסע איז אויפגעבראַכט, אָבער מען וויל ניט מאַכן קיין סקאַנדאַלן. מען ווייסט נאָך ניט ווער האָט עס אַראַנ־זשירט, אָבער אַ סקאַנדאַל איז עס: בומעדיען פירט אַריין דעם מערדער פון קינדער אין דער אינטערנאַציאָנאַלער געזעלשאַפט.

דאָס אַלץ, אַריינגערעכנט דאָס ספּעקטאַקולאַרע אויפטרעטן פון אַראַפאַט אין דער אָנ״ו, זענען עפּיזאָדן וואָס מען דאַרף ניט דראַ־מאַטיזירן און דערמיט העלפן דער פּראָפּאַגאַנדע פון די אַראַבער און זייערע פריינד. אפילו די איינפלוס־רייכע פראַנצייזישע צייטונ־גען ווי „פיגאַראָ״ און „לע מאָנד״ פילן זיך זייער ניט באַקוועם און קאָמפּראָמיטירט צו זיין אין דעם אייגענעם לאַגער ווו עס גע־פינט זיך אַלזשיר.

אַ סך ערנסטער און געפערלעכער איז דער אַלגעמיינער כאַ־ראַקטער פון דער אָנ״ו־דעגראַדאַציע אונטער דער רעזשי פון דעם ניט־קאָמפּעטענטן און ניט־געוואַקסענעם פאַר זיין אויפגאַבע גענע־ראַל־סעקרעטאַר פון דער אָנ״ו, ד״ר קורט וואַלדהיים. גיט אַ קוק אויף דעם וואָס איז געוואָרן פון דער אָנ״ו! — זאָגט אַ שווייצער צייטונג, זייענדיק מסתמא צופרידן וואָס די שווייץ געהערט ניט צו דער וועלט־אָרגאַניזאַציע. מען פילט זיך דערנידעריקט לייע־נענדיק די באַריכטן פון די גענעראַל־פאַרזאַמלונגען.

מען קאָן גוט פאַרשטיין די וויכטיקע בי־לאַטעראַלע פאַרהאַנד־לונגען צווישן די גרויסמאַכטן, וועלכע איגנאָרירן די אָנ״ו, אַזוי ווי זי וואָלט ניט עקסיסטירט פאַר זיי. די לעצטע אַראַפאַט־מאַני־פעסטאַציעס אין דער אָנ״ו האָבן באַוויזן די פּאָליטישע און קול־טורעלע מדרגה פון דער פאַרזאַמלונג. נאָר די אַמעריקאַנער און די ענגלענדער האָבן געפונען פאַר נייטיק צו אונטערשטרייכן, אַז זיי

אידענטיפיצירן זיך ניט מיט דער שענדלעעכר דעמאָנסטראַציע און האָבן ניט אין זינען צו פאַרהאַנדלען מיט דער סוויטע פון אַראַפאַט, וואָס איז באַשטאַנען פון באַקאַנטע מערדערס.

מען האָט טענות צו קיסינגערן פאַר זיינע אמתע אָדער אויס־געטראַכטע פאַרהאַנדלונגען מיט דער אָדער יענער אַראַבישער גרופע. דאָס איז זיכער אומגערעכט. ער טוט אַלץ וואָס איז מעג־לעך כדי ניט צו דערלאָזן צו אַ נייער מלחמה. דאָס איז זיין מאַנ־דאַט, דאָס איז דער ווילן פונעם אַמעריקאַנער פאָלק. אַ נייע מלחמה צי זי וואָלט זיך געענדיקט מיט אַ יידישן נצחון אָדער ניט וואָלט אונטער די היינטיקע אומשטענדן געווען אַ גרויסע קאַ־טאַסטראָפע פאַר מדינת ישראל און פאַר דעם גאַנצן יידנטום אין דער וועלט.

די אָנ״ו האָט איצט באַוויזן, אַז זי איז היינט אַ נאָנסענס און נאָר אַ פולשטענדיק נייע קאָנסטיטוציע קען באַרעכטיקן איר עק־סיסטענץ. נאָר אַ גערעכטע פאַרטיילונג פון די רעכט און די פליכטן צו די פאַרשידענע לענדער קאָן ברענגען אַ נוצן די גרויסע און קליינע לענדער.

דאָס דאַרף היינט זיין דער לאָזונג: אַ רעפאָרם פון דער אָנ״ו אויב די אָרגאַניזאַציע זאָל ווייטער עקסיסטירן...

(„לעצטע נייעס״, דעם 6־טן דעצעמבער 1974)

# אָנ"ו לויט קאָנטינענטן..

ניט נאָר דאָס, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין די לעצטע חדשים אין ניו־יאָרק, אין דער אָנ"ו, נאָר אויך די געשעענישן אין עטיאָפּיע, אין אוגאַנדע און פאַרשידענע דרום־אַמעריקאַנישע לענדער ווי אַרגענטינע, בראַזיל, אין אַזיע, אין קאָרעע און וויעט־נאַם האָט קלאָר באַוויזן, אַז די אַלגעמיינע קולטור, די מענטאַלי־טעט און דעריבער אויך די פּאָליטיק איז אַזוי גרונדזעצלעך פאַר־שידן אין די לענדער, אַז עס קאָן קיין רייד ניט זיין וועגן אחדות אָדער וויניקסטנס אַ מין פאַרשטענדעניש צווישן זיי.

דאָס זענען ניט נאָר פאַרשידענע ראַסן און טיפּן, פאַרשידענע קלימאַטן, פאַרשידענע קולטורן און אין גאַנצן פאַרשידענע מענטאַ־ליטעטן. אויב דער אַלטער שפּרוך פון די רוימער: „האָמאָ האָמיני לופּוס עסט" (אַ מענטש צו אַ מענטשן איז ווי אַ וואָלף), דאָס הייסט, ווי אַ ווילדע חיה צו אַ ווילדער חיה, איז די באַציאונג צווישן די פאַרשידענע פעלקער און לענדער צווישן זיך אין אַזיע און אַפריקע אוודאי ניט קיין בעסערע. די גרונדאידעע ביים באַ־שאַפן די פאַראייניקטע פעלקער „יונייטעד ניישאנס" האָט זיך אָנ־געהייבן זייער שיין. עס איז געווען די פיינסטע מוזיק וואָס האָט נאָר געקאָנט זיין נאָך די צוויי וועלט־מלחמות און נאָך דעם רו־סישן בירגערקריג, אָבער די רעאַליטעט האָט באַוויזן עפּעס גאָר אַנדערש. זינט די ערשטע „ליגע פון פעלקער" איז געשאַפן גע־וואָרן גייט ניט אַוועק אַ טאָג, אַז ערגעץ ווו זאָל ניט געקעמפט ווערן און מענטשנבלוט זאָל ניט פאַרגאָסן ווערן טייכנווייז. אָנ־

שטאט איין דייטשלאַנד האָבן מיר היינט צוויי דייטשלאַנדס, צוויי וויעטנאַמס, צוויי קאָרעעס. נו, און די שרעקלעכע געשעענישן אין אירלאַנד? אונטער די אומשטענדן איז דער אַראַבישער באָמבעס־קריג און דאָס פאַלן פון אומשולדיקע קרבנות צווישן די ערובני־קעס און דער פּערמאַנענטער פּאָגראָם אויפן אינדזל ציפּערן נאָר אַ קליינער דעטאַל פון דער אַלגעמיינער ווילדקייט.

די אָנ״ו מיט אירע זיבן טויזנט אנגעשטעלטע איז אַן אַבסורד, אַ שפּילצייג, אַן אַבסאָלוטער נאָנסענס. מען דאַרף גאָר ניט אַנ־טוישט ווערן פון דער אַראַפאַט־קאָמעדיע אין ניו־יאָרק. דער גורל האָט געוואָלט, אַז דער מאַן מיט דער קאָלירטע פאַטשיילע אויפן קאָפּ, זאָל אין איין האַנט האַלטן אַן אָליוון־צווייג און אין דער צווייטער אַ רעוואָלווער, אַן אמתער סימבאָל פון דער היינטיקער מענטשהייט. מען מאַכט חוזק פון זיך אַליין. דער דיקטאַטאָר פון אוגאַנדאַ האָט געמאַכט ניט קיין שלעכטן וויץ פאָרשלאָגנדיק אַז מען זאָל אַריבערשיקן די אָנ״ו פון ניו־יאָרק קיין אוגאַנדאַ. פון אַלע זייטן האָבן זיך דערטראָגן קולות פון מאַסאַקרירטע, בשעת אַראַפאַט האָט געהאַלטן זיין דרשה.

די באַגייסטערונג פון דעם עולם האָט ניט געהאַט קיין גרע־נעץ פון דער דרשה און די אַפּלאָדיסמענטן האָט מען געקאָנט הערן דורך דער טעלעוויזיע איבער דער גאַנצער וועלט. פרעגט מען זיך, איז דאָס אַ מין מאַסן־פּסיכאָז און צי עס איז דאָ אַ מיטל אָדער מיטלען קעגן אַזאַ קראַנקהייט?

אויב מען קומט צו אַן אויספיר, אַז די אָנ״ו אין איר היינ־טיקער פאָרעם דינט ניט קיין שום צוועק איז אפשר דאָ אַן אַנ־דערע פאָרעם. ס׳איז מעגלעך אַז יעדער קאָנטינענט זאָל האָבן זיין אָנ״ו צוגעפּאַסט צו זיינע מענטשן און זיינע בויטן, צו זיין מאָראַל און צו זיין קולטור. עס קלינגט ווילד, עס קלינגט אויסער־געוויינטלעך ווילד, אָבער עס איז אפשר אַן אויסוועג, אפשר.

פאַר אַפריקאַנער איז גוט אַפריקע און אַן אַפריקאַנישע אָנ״ו. פאַר אַזיאַטן — אַזיע און אַן אַזיאַטישע אָנ״ו א. א. וו. פאַר אַפרי־

קאַנער און אַיזאַטן איז ניט גוט ניט אייראָפּע, און ניט אַמעריקאַ־נער. פאַר זיי איז גוט אַפריקע און אַזיע. די היינטיקע אָנ״ו באַ־שטייט פון בלאָקן. די אַראַבער האָבן אַ בלאָק פון גאַנצע צוואַנציק דעלעגאַציעס. דאָס גאַנצע איז אין ווידערשפרוך צו דער גרונד־אידעע פון פאַראייניקטע פעלקער. וואָס פאַר אַן אידעאָלאָגישע אייניקייט קאָן שוין דאָ דורכפירן אַ גענעראַל־סעקרעטאַר ווי דער עסטרייכער וואַלדהיים? וואָס פאַר אַן אידעאַלן קאָן דאָ אויפ־צווינגען אַן אייראָפּעער אויף אוגאַנדאָ?

דער אָנ״ו־צענטער אין ניו־יאָרק האָט אַן ערך זיבן טויזנט אָנגעשטעלטע, דער אייראָפּעאישער אָנ״ו־צענטער אין זשענעווע האָט קנאַפּע דריי טויזנט. צוזאַמען איז דאָס אַן אַרמיי פון אַזוי צו זאָגן, פאַכלייט, וואָס וואָלטן געדאַרפט ברענגען אַ ביסעלע ליכט צווישן די פינצטערע, פאַראָרעמטע מאַסן. דערוויילע איז פון דער אַרמיי ניט אַרויס קיין איינציקער גרויסער אויפטוער. איך האָב געקענט פערזענלעך דעם טראַגיש־אומגעקומענעם גענעראַל־סעקרע־טאַר האַמערשילד, די פאַרגאַנגענהייט פון דעם דערפאַרענעם שוועדישן שטאַטסמאַן, פאַר וועלכן זיין פּאָסטן איז געווען ניט נאָר אַ גוטער דזשאָב. אַ מאַן מיט בילדונג, מיט אַ וואַרעם האַרץ, מיט אַ באַציאונג צו מענטשן. אַן אומגליק איז געשען און ער איז פאַרשוווּנדן איידער ער האָט עפּעס געקאָנט אויפטאָן.

פון די צוויי צענטערס פאָרן אַרויס שליחים, וואָס נאָר איינער פון צען איז געוואַקסן פאַר דער אויפגאַבע. גראָד ווען אין ניו־יאָרק האָט מען געפּראַוועט די חתונה מיט אַראַפאַט איז אין פּאַריז אויסגעבראָכן דער סקאַנדאַל אין דער „אונעסקאָ״, אַ סקאַנדאַל מיט אַ ריין אַנטיסעמיטישן כאַראַקטער. ווער איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער שאַנדע? ווער פירט אָן מיט דער גאַנצער אַרבעט פון דער אָנ״ו?

דער ענטפער איז קלאָר: עס איז אַ מין אינטערנאַציאָנאַל וואָס קאָן ניט באַהערשן דעם מיש־מאַש, דעם פאַרזאַמלטן עולם פון אַלע טיילן פון דער וועלט. אַן אייראָפּעאישע אָנ״ו, אַן אַזיאַטישע

אָנ״ו, אַן אַפריקאַנישע אָנ״ו א. א. וו. וועלן זיך פאַרשטיין בעסער און וועלן בעסער אַרבעטן צוזאַמען. די היינטיקע אָנ״ו האָט באַנקראָטירט ניט צוליב אַ שלעכטן ווילן, נאָר צוליב נאַטירלעכע סיבות. מיטן פאַלן פונעם דאָלאַר זענען געוואַקסן די חובות פון די לענדער. די קו וואָס האָט זיך געלאָזט מעלקן אָן אַ שיעור האָט מער ניט קיין מילך פאַר אַלע.

די אַראַפאַט־געשיכטע, דער „אונעסקאָ״־סקאַנדאַל זענען ניט די איינציקע עפּיזאָדן אין דער געשיכטע פון דער אָנ״ו. די וועלט איז נאָך ניט רייף פאַר אַזאַ אינטערנאַציאָנאַל. אַן אַזיאַטישע אָנ״ו, אַן אַפריקאַנישע, אַן אַמעריקאַנישע, וועלן זיך קאָנען בעסער פאַרשטיין און בעסער קאָאָפּערירן, האָבן אַן אייגענעם „מאָדוס אָפּעראַנדי״. די היינטיקע אָנ״ו וועט בלייבן נאָר אַ מאָדעל ווי אַזוי אַן אינטערנאַציאָנאַל פון הונדערט און פינף דרייסיק פעלקער און לענדער קאָן ניט און דאַרף ניט אָרגאַניזירט ווערן.

(„לעצטע נייעס, דעם 11־טן דעצעמבער 1974)

# דער פּאַרלאַמענט פון פּאַרלאַמענטן

דער שיקזאַל האָט געוואָלט, אַז דער שרייבער פון די שורות זאָל ווידמען אַ היפּש ביסל יאָרן פּאַרלאַמענטן פון פאַרשידענע לענ־דער. עס האָט זיך אָנגעהייבן מיט אַ סך יאָרן צוריק אין דייטשן רייכסטאַג, בשעת פּירשט בולאָוו איז געווען רייכסקאַנצלער און אויגוסט בעבעל, דער פירער פון די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטן, דער שעף פון דער אָפּאָזיציע. ביידע זענען געווען גלענצנדיקע רעד־נערס, אָבער בעבעל איז געווען אַ פלאַם־ און פייער־רעדנער. עס איז געווען אַ זעלטענער גענוס צו הערן אים רעדן, אַזוי שיין און אינהאַלטסרייך איז געווען יעדעס וואָרט זיינס. איך האָב ניט גע־הערט רעדן זשאַן זשאָרעס, דעם פירער פון די פראַנצייזישע סאָציאַ־ליסטן, וועמען מען האָט געהאַלטן פאַר דעם גרעסטן רעדנער אין דער וועלט, אָבער איך האָב געהערט און פערזענלעך גוט געקענט וואַסילי מאַלאַקאָוו, דעם אַדוואָקאַט און פּאַרטיידיקער פון בייליס און דעם בעסטן רעדנער אין דער פערטער (אין דער לעצטער) דומאַ, אָבער אויגוסט בעבעל איז געווען גרעסער פון אַלע, אַ געוואַלדי־קער רעדנער.

איך בין געווען ביי אַ זיצונג אין ענגלישן פּאַרלאַמענט, ווען באַלדווין איז געווען פּרעמיער־מיניסטער און האָב אים געזען זיצנדיק מיט ביידע פיס אויפן טיש, אויף וועלכן עס זענען געלעגן צוזאַמען מיט דער קרוין אַלערליי שטאַטס־רעגאַליען. איך האָב געהאַט צו טאָן מיט דעפּוטאַטן און אפילו מיט אַ לאָרד.

אין וואַשינגטאָן האָב איך באַזוכט דאָס אַלטע און פאַרשמאָ־

דערטע קאָנגרעס־הויז, אָבער קיין זיצונג האָב איך ניט בייגע־וווינט.

אין פראַנקרייך האָט העריאָ געהערשט.

דערפאַר בין איך אָפּגעזעסן קנאַפּע פינף יאָר דער לעצטער דומאַ, אין דעם לעצטן רוסישן פּאַרלאַמענט און געאַרבעט פאַר אַ גרויסער רוסישער צייטונג און פאַר דעם וואַרשעווער „היינט".

איך בין אויך געווען ביי זיצונגען אין סקאַנדינאַווישע פּאַרלאַ־מענטן. איך האָב זיך זאַט אָנגעגעסן מיט פּאַרלאַמענטאַריזם און מיט פּאַרלאַמענטאַריער. איך האָב געזען אָרגאַניזאַציעס און איך האָב געזען שעמאַראַליזאַציעס. און אין דער אָנ"ו?

פאַר די לעצטע הונדערט יאָר האָט זיך דאָס פּנים פון גאַנץ אייראָפּע און אַמעריקע פולשטענדיק געענדערט. גרויס־בריטאַניע איז געוואָרן פּשוט בריטאַניע. אינדיע איז אַוועק, קאַנאַדע — אַוועק, אויסטראַליע, דרום־אַפריקע און אַ סך אַנדערע טיילן פון דער אַמאָל מעכטיקער אימפּעריע האָבן געבילדעט צוזאַמען מיט ענגלאַנד דעם באַרימטן „קאָמאָנוועלט" אַ שאָטן פון דער אַמאָליקער בריטישער אימפּעריע.

אין פראַנקרייך איז אויף שטענדיק פאַרשוווּנדן נאַפּאָלעאָן דער דריטער. ווייניקער ווי אין פופציק יאָר אַרום איז אין דייטשלאַנד פאַרשוווּנדן ווילהעלם דער צווייטער. ניטאָ מער קיין עסטרייך־אונגאַרן און ניטאָ מער קיין טערקישע אָטאָמאַנישע אימפּעריע, און ס'איז דאָ אָן אָנ"ו...

צעבראָקלט און צעשטיקלט איז געוואָרן די אַמאָליקע אונגאַ־רישע באַפעלקערונג, ס'איז געבוירן געוואָרן טשעכאָסלאָוואַקיע, היינט פאַרכאַפּט פון סאָוויעט־רוסלאַנד, טיפער און טיפער זענען אַריין אין דער אייראָפּעאישער פּאָליטיק די סקאַנדינאַווישע לענ־דער. דאָס אַ מאָל אָרעמע שוועדן איז היינט איינס פון די גרעסטע אינדוסטריאַליזירטע לענדער. עס איז אַ נייע אייראָפּע אין אַ נייער וועלט. כמעט אין אַלע ניט־קאָמוניסטישע לענדער האָט די עפנט־

לעכע מיינונג און דער פּאַרלאַמענט געמומען שפּילן אַ גרעסערע ראָל ווי די מאַכט פון דער רעגירונג. אין וואַשינגטאָן איז דאָס דער קאָנגרעס, אין לאָנדאָן איז דאָס דער פּאַרלאַמענט.

דאָס איז דער סך־הכל פון אַ לאַנגדויערנדיקן טיפן און שווערן פּראָצעס. די עפנטלעכע מיינונג ווערט כלומרשט איגנאָרירט, אָבער אין דערווירקלעכקייט באַשטימט זי דעם גורל פונעם פאָלק און לאַנד. אַזעלכע דערשיינונגען ווי דער אינטערנאַציאָנאַלער ענערגיע־קריזיס און פּאַן־אַראַבישע באַוועגונג דערשיטערן די וועלט, אָבער פאַרשנעלערן דעם פּראָצעס. די אָנ״ו האָט ניט געהאַט דערביי קיין איינפלוס.

אונטער אַזעלכע אומשטענדן וואָלט עס דען ניט געווען לאָגיש צו דערוואַרטן, אַז די אָנ״ו, די אָרגאַניזאַציע וואָס רעפּרעזענטירט הונדערט און פינף דרייסיק לענדער, צווישן זיי די גרעסטע און די קלענסטע, דאָס הייסט, די מעכטיקסטע און די שוואַכסטע, זאָל שפּילן די ראָל פון אַ וועלט־פּאַרלאַמענט, אַ פּאַרלאַמענט פון פאַר־לאַמענטן? די אָנ״ו איז עס ניט געוואָרן.

אַז די לענדער זאָלן זיין רעפּרעזענטירט פון די רעגירונגען און ניט פון זייערע רעפּרעזענטאַנטן?

אַז עס זאָלן ניט זיין קיין בילאַטעראַלע געהיימע אָפּמאַכן?

אַז פּראָבלעמען פון ראַסע און נאַציאָנאַליטעט זאָלן ניט זיין ספּעציעלע פּריווילעגיעס?

עס לאָזט זיך פיל וועגן דעם רעדן און דיסקוטירן. קלאָר איז, אַז די היינטיקע אָנ״ו מיט די צוואַנציק אַראַבישע דעלעגאַציעס — צוואַנציק! — קאָן ניט פאַרענטפערן די שאַרפע שפּאַנונג און די קאָנפליקטן צווישן לענדער און פעלקער.

די אָרגאַניזאַציע פון דער אָנ״ו, איר פאָרעם און איר ראָלע איז היינט דאָס וויכטיקסטע אינטערנאַציאָנאַלע פּראָבלעם. אין מזרח און אין מערב, אין צפון און אין דרום קאָנען צו יעדער צייט אויס־

ברעכן מלחמות, הגם אַלע דערקלערן היינט, אַז מיט מלחמה באַ־זייטיקט מען ניט קיין קאָנפּליקטן. די אָנ״ו דאַרף זיין דער העכסטער פאָרום און אין דער אייגענער צייט דער העכסטער טריבונאַל.

די ווערטער קלינגען אפשר צו פייערלעך, צו געהויבן, אָבער די אַלגעמיינע לאַגע איז צו ערנסט און באַרעכטיקט די שפּראַך. או־מעטום גייען אָן פאַרהאַנדלונגען, די לאַגע אין נאָענטן מזרח איז געשפּאַנט, איבערגעשפּאַנט. אימעצער מוז האַנדלען און ניט צו שפּעט... ניט פאַרהאַנדלען נאָר האַנדלען...

(„לעצטע נייעס״, דעם 8־טן יאַנואַר 1975)

# וואָס קומט איצט?

ניט קוקנדיק אויף דעם פייער־איבעררייס אין דער אַראַביש־ישראל־מלחמה, ניט קוקנדיק אויף אַלע דיפּלאָמאַטישע פאַרהאַנדלונגען און אָפענער דיפּלאָמאַטישער אַנאַרכיע, פרעגן אַלע די אייגענע פראַגע: וואָס קומט איצט? זענען די זעכצן טעג פון מלחמה געווען דער אָנהייב פון שלום אין דעם פּערמאַנענטן קאָנפליקט, אָדער נאָר אַ פאַרשפּיל צו אַן אמתער מלחמה, וואָס וועט אַן שום צווייפל פירן צו אַ נייער וועלט־מלחמה, אויב דאָס פייער וועט ניט אויסגעלאָשן ווערן באַצייטנס. וואָס קומט איצט?

די נאַרישע און בייזוויליקע איניציאַטיווע פון דער היינטיקער פראַנצייזישער רעגירונג אַז „גאַנץ אייראָפּע זאָל זיך אַריינמישן אין די רוסיש־אַמעריקאַנער פאַרהאַנדלונגען און אַקציעס, אַז אייראָפּע זאָל ניט שווייגן און ניט לאָזן זיך איגנאָרירן", מאַכט אויף קיינעם ניט קיין איינדרוק.

עס איז פאַר קיינעם ניט קיין סוד, אַז פראַנקרייך איז ענג אינטים פאַרבונדן מיט די אַראַבישע לענדער און דינט נאָר אַראַבישע אינטערעסן. נאָר אַ מאַן ווי פּאָמפּידו האָט געהאַט דעם מוט פאָרצושלאָגן אַן אַנטי־אַמעריקאַנער מאָביליזאַציע אין „גאַנץ אייראָפּע". ווייסט ער דאָך זיכער, אַז ניט נאָר אין אויסלאַנד, נאָר אין פראַנקרייך גופא ווערט זיין פּאָליטיק באַטראַכט אַלס אַ שאַנדפלעק אויף דעם נאָמען פון זיין לאַנד.

עס איז אָבער נוצלעך צו רעדן וועגן די הינטערקוליסן־אינטרי־

געס בשעת דער „דיאַלאָג” צווישן אַמעריקע, וואָס דערקלערט פּלוצ־לינג כמעט אַ פולע מאָביליזאַציע פון אַלע אירע מיליטערישע כו־חות, און סאָוויעט־רוסלאַנד, וואָס האָט מאָביליזירט עטלעכע צענד־לינג טויזנט פּאַראַשוטיסטן אויף צו „פּאַרניכטן מדינת ישראל”, גייט אָן אָן אויפהער פאַר די אויגן פון דער גאַנצער וועלט.

מען דאַרף ניט זיין אַנטי־רוסיש אָדער אַנטי־קאָמוניסטיש, כדי צו קומען צום אויספיר אַז אין צענטער פון די אַלע בלוטיקע גע־שעענישן אין נאָענטן מזרח געפינען זיך הויפטזאַכלעך סאָוויעט־רוסלאַנד און די אַראַבער זענען נאָר אַ פּרעטעקסט פאַר דער רו־סישער פּאָליטיק.

דער צאָרן פון סאָוויעט־רוסלאַנד און די רוסישע פּרעטענזיעס האָבן פאַרשידענע דערקלערונגען; פאַר אייניקע איז דאָס דער רוסישער דראַנג צו עקספּאַנסיע אין דער ריכטונג פונעם פּערסישן גאָלף; פאַר דעם שרייבער פון די שורות איז דאָס אַ צוגרייטן פאַר סאָוויעט־רוסלאַנד אַ פּאָזיציע, אַ פּאָליטישע און אַ מיליטערישע, אין דעם מיטלענדישן ים. אָן אויפהער פאַרגרעסערט דאָ רוסלאַנד איר קריגספלאָט, הגם די אַוואַנטורע מוז זיך ענדיקן פריער אָדער שפּעטער מיט אַ גרויסער קאַטאַסטראָפע. יעדע רוסישע באַוועגונג אינעם שוואַרצן ים, אין דעם באָספאָר און דאַרדאַנעלן ווערט, נאַ־טירלעך, נאָכגעפאָלגט פון די אַמעריקאַנער און קיין שום רוסישע „אַקציע” קאָן דאָ ניט איבעראַשן זיי. דאָס איז מער ווי אַ געפער־לעכע דראַמע, דאָס איז, אויב מיר זעען די געשעענישן אין אַ ריכ־טיקער פּערספּעקטיווע, אַ טראַגעדיע מיט קאָנסעקווענצן, וואָס לאָזן זיך בשעת מעשה גאָר ניט אָפּשאַצן.

ווי מערקווערדיק דאָס זאָל ניט קלינגען מוז מען זאָגן, אַז אין דעם אויפבוי פון דעם מאָדערנעם אַמעריקאַנער קריגספלאָט איז אויך דאָ אַ יידישע האַנט. דאָס איז דער אַדמיראַל ריקאָווער, וועל־כער האָט שוין לאַנג געדאַרפט פאַרלאָזן זיין וויכטיקן פּאָסטן און פּאָרט פאַרבליבן נאָך יאָרן און יאָרן. אַרום זיין פּאָסטן, אָדער לאָמיר אַנדערש דאָס פּאָרמולירן, אַרום דעם דאָזיקן יידישן אַדמי־

ראַל איז אין זיין צײַט אָנגעגאַנגען, אין וואַשינגטאָן, אַ שטורמישער קאַמף. די רוסישע מיליטערישע ים־סטראַטעגן מוזן גוט קענען זיין נאָמען און זיין געשיכטע.

אונטער אַזעלכע אומשטענדן איז זייער שווער צו ענטפערן אויף דער פראַגע: „וואָס קומט איצט?״. קלאָר איז נאָר, אַז די אַרמיי פון אונדזערע שונאים ווערט אָנגעפירט פון אַ סופּער־גרויס־מאַכט און איז אַ גרויסע געפאַר פאַר דעם גאַנצן יידנטום, ניט נאָר פאַר מדינת ישראל. אָבער גראַד דערפאַר דאַרף מען אויסמיידן אַ פּאַניק. עסטרייך־אונגאַרן איז אויך געווען אַ מאָל אַ גרויסמאַכט און די אָטאָמאַנישע אימפּעריע איז געווען אַ גרויסמאַכט. פון ביידע גרויסמאַכטן זענען געבליבן נאָר קליינע רעשטלעך. אויב אַ טרייסט איז נייטיק פאַר נערוועזע מענטשן מוז מען זיי זאָגן, אַז אין אַלע עקן פון דער סטאַליניסטישער אייראָפּע, ספּעציעל אין דער אוקראַ־ אינע און קאַווקאַז, איז היינט זייער אומרואיק. מאָסקווע פירט אַ פּאָליטיק פון זעלבסטמאָרד אַזוי ווי היטלעריזם און נאַציזם האָבן געטאָן. עס איז פאַר אונדז ניט קיין ענין פון אומגליק אָדער גליק, פון זיין צופרידן אָדער זיין פאַרצווייפלט. דער נאַטירלעכער פּראָ־ צעס פון דער געשיכטע וועט פאַרענדיקן די הערשאַפט פון די באַרבאַרן. אַזוי איז עס שטענדיק געווען, אַזוי וועט עס זיין דאָס מאָל, עס קאָן אַנדערש ניט זיין. די דיפּלאָמאַטישע פאַרהאַנדלונגען האָבן פאַרפּלאָנטערט און קאָמפּליצירט דעם קאָנפליקט, ווייל די אַראַבער ווילן ניט קיין דירעקטע פאַרהאַנדלונגען מיט ישראל. עס פּאַסט זיי ניט. אָדער דאָס איז ווידער דער דרוק פון סאָוויעט־ רוסלאַנד.

בשעת די שורות ווערן געשריבן — אָנהייב נאָוועמבער 1973 — הערשט אַ גרויסע נערוועזיטעט. די עגיפּטער, וואָס האָבן אָנגע־ הויבן די מלחמה, פירן זיך אויף אַזוי ווי ישראל האָט זיי באַפאַלן. די רעדעס פון סאַדאַטן זענען פול מיט אומפאַרשעמטער חוצפה און ליגנס. מען מיינט, אַז ער וויל אונטער אַלע אומשטענדן באַנייען די מלחמה. ער דאַרף האָבן די מלחמה כדי צו ראַטעווען זיין אײ־ גענע הויט. אין ישראל וויל מען אונטער אַלע אומשטענדן קומען

צו אַ פאַרשטענדיקונג מיט די אַראַבער. מען דאַרף פאַרזיכערן די צוקונפט פונעם לאַנד און דאָס איז מעגלעך נאָר דורך אַ פאַר־שטענדיקונג מיט די אַראַבער. מיר האָבן קעגן אונדז הונדערט מיליאָן מאַכמעדאַנער. אין ישראל גופא זענען דאָ אַלערליי עקס־טרעמיסטן פאַר וועלכע עס עקסיסטירט נאָר דער היינט און ניט די צוקונפט...

די געשעענישן אַנטוויקלען זיך אין אַ טעמפּאָ, וואָס פאַרכאַפּט דעם אָטעם. עס איז דאָ אַ סך געפאַר און מיר דאַרפן זיך פאַרהאַלטן אַזוי רואיק ווי מעגלעך...

(„דאָס פרייע וואָרט״, נאָוועמבער 1973)

# „דעטאַנט" איבערגעקערט

עס איז איינס פון די בעסטע באַווייזן, אַז אַלע רייד וועגן „אַנט־שפּאַנונג" אין די באַציאונגען צווישן מזרח און מערב, וועגן דער אַזוי גערופענער „דעטאַנט", זענען דערווייל ניט ווערט דאָס פּאַפּיר, אויף וועלכן זיי זענען געשריבן. אַלע ליאַרעמען וועגן שלום, וועגן סטאַבילן שלום, און אין דער אייגענער צייט זענען וואָפן דער הויפּט־פּראָדוקט פון זייער עקספּאָרט. אַלע רעדן וועגן אַ געאייניקטן פראָנט און אַלע שליסן אָפּ בילאַטעראַלע אָפּמאַכן אין אַ קאָנקורענץ־קאַמף, דאָס הייסט, צווישן פריינד קעגן פריינד.

די זשענעווער זיכערקייטס־קאָנפערענץ האָט אָפּגעהאַלטן אין פאַרלויף פון די לעצטע פּאָר יאָר איבער פינף הונדערט זיצונגען אָן שום רעזולטאַטן. אין דער צייט איז שטילערהייט אָנגעגאַנגען אַ פּראָצעס פון אַ וויכטיקער „פאַרבעסערונג" פון די אָפענסיווע וואָפן פון דער רוסישער אַרמיי און דער פּענטאַגאָן, די אַמעריקאַ־נער אַרמיי, איז אויך ניט געזעסן מיט פאַרלייגטע הענט. די אַמע־ריקאַנער האָבן פון זייער זייט „פאַרבעסערט" די רוסישע פאַרבע־סערטע וואָפן. דערווייל האָבן פאַרלאָזן די קאָנפערענץ פרוי אַלוואַ מירדאַל, אַ מיטגליד פון דער שוועדישער רעגירונג, וועלכע האָט געשפּילט אַ פירנדיקע ראָלע אויף דער קאָנפערענץ, און איגנאַטיעוו, דער ספּעציעלער אַמבאַסאַדאָר פון קאַנאַדע, ווען ס'איז נמאס געוואָרן צו טאָפּטשען זיך אויף איין אָרט.

און דערווייל איז געקומען די אַראַבישע נאַפט־עמבאַרגאָ מיט די אויסערגעוויינטלעכע פּרייזן, כלומרשט ווי אַ שטראָף פאַר מדינת

ישראל פאַרן אָקופּירן אַראַבישע ערד — אַ תּירוץ פאַרן טייוול. איצט ווייסט מען, אַז די עמבאַרגאָ איז געווען און איז אַן אויפּרייס, וואָס איז אין דער אמתן דער אָנהייב פון אַ מין עקאָנאָמישער רע־וואָלוציע אין דער גאַנצער וועלט. אַ סך עלעמענטן אין דער אַראַ־בישער קריגס־דערקלערונג קעגן אַמעריקע זענען נאָך ווייט ניט אויפגעקלערט. ניט אויפגעקלערט אין גאַנצן איז די ראָלע פון די ריזיקע אַמעריקאַנער נאַפט־געזעלשאַפטן אין דער פאַן־אַראַבישער קאָנספּיראַציע. קלאָר איז נאָר, אַז ניט די אַראַבישע מאַגנאַטן און ניט די אַמעריקאַנער קאַפּיטאַליסטן האָבן דערוואַרט אַזאַ אויסער־געוויינטלעכן עפעקט פון דער עמבאַרגאָ. ביידע שותּפים פּרובירן איצט צוריקציען זיך פון די „באַריקאַדן", אָבער די אַלגעמיינע פאַר־טייערונג און די וואַקסנדיקע אוניווערסאַלע אַרבעטסלאָזיקייט זענען אין פולן גאַנג. די עמבאַרגאָ איז געווען אַ געוואַלדיקער שאָק פאַר דער עקאָנאָמיע פון דער וועלט. עס איז בשעת מעשה שווער צו זען פון וואַנען קאָן קומען דער קעגנשאָק, דאָס מיטל מיט וועלכן מען קאָן עווענטועל רעגולירן דעם קריזיס.

די אַראַבישע קאָנספּיראַציע ווערט באַגלייט פון אַ ספּעציעלן פאָרשלאַג, וועלכער באַשטייט אין דעם, אַז מען זאָל אינדוסטריאַ־ליזירן די אַראַבישע לענדער. דאָס מיינט, אַז מען זאָל פאַר זיי אויסבויען גרויסע פאַבריקן און אויסלערנען זיי צו באַנוצן זיך מיט די קאָמפּליצירטע מאָדערנע מאַשינען אויף אַזוי פיל, אַז זיי זאָלן זיין אין שטאַנד צו פירן אַן אינדוסטריעלע מלחמה קעגן אַמעריקע, ענגלאַנד א. א. וו. עס קלינגט נאַאיוו און לעכערלעך, אָבער דאָס איז דאָך שוין געשען איין מאָל מיט דער אינסטאַלאַציע פון דער קאָלאָסאַלער נאַפט־אינדוסטריע.

עס דאַרף קיינעם ניט וווּנדערן, אויב מען וועט זאָגן, אַז די אידעע פון אינדוסטריאַליזאַציע קומט ניט פון די אַראַבער, נאָר פון זייערע ניט־אַראַבישע שותּפים. קאַפּיטאַליזם ווייסט ניט פון פּאַטריאָטיזם. קאַפּיטאַליזם איז אינטערעסירט נאָר אין פּראָפיטן גאַנץ גלייך פון וואַנען זיי זאָלן ניט קומען.

דאָס אַבסורדאַלע אין דער נייער קאָמבינאַציע מיט דער אינ־

דוסטריאַליזאַציע, איז ניט שווער צו זען: מאָדערנע אינדוסטריאַלי־זאַציע פאַרלאַנגט אַ הויכע מדרגה פון קולטורעלער אַנטוויקלונג פון דער באַפעלקערונג. דער אויסדרוק „אונטער־אַנטוויקלטע לענ־דער" מיינט זייער פיל. די נאַפט־מאַגנאַטן טענהן, אַז די נאַפט־קוואַלן וועלן אין צוואַנציק, פינף און צוואַנציק יאָר אַרום זיך אויס־שעפּן און מען דאַרף זיך צוגרייטן וואָס ווייטער צו טאָן מיט די אָנגעזאַמלטע קאַפּיטאַלן.

ס'איז מעגלעך, אַז די רייד וועגן אינדוסטריאַליזאַציע זענען ניט מער ווי אַן אָנשטעל, די נאַפט־מאַגנאַטן ווייסן זיכער, אַז מיט דער אינדוסטריאַליזאַציע קומט אָן אינדוסטריעלער פּראָלעטאַריאַט און זיי וועלן זיין דער ערשטער קרבן פון דער נייער עקאָנאָמיע. געלט־גיריק ווי זיי זענען וועלן זיי פאָרט ניט ריזיקירן צו פאַר־לירן זייער מאַכט איבער די פאַרשקלאַפטע פעלקער וויפל מען זאָל זיך ניט באַמיען צו „פאַרפירן" זיי אויף די וועגן פון מאָדערניזאַציע און אינדוסטריאַליזאַציע, אפילו ווען דער פאַרזוך ווערט געמאַכט פון לענדער ווי פראַנקרייך, ענגלאַנד און איטאַליע.

דער פאַרזוך איז אין אַ געוויסער מאָס אַ סך־הכל פון דער „דעטאַנט". נאָך אַלעמען איז סאָוויעט־רוסלאַנד מער אינטערעסירט אין אַ פאַרבינדונג מיט די פאַראייניקטע שטאַטן ווי מיט דעם נאָ־ענטן מזרח. די קאָמוניסטישע ווירטשאַפט פאַר די לעצטע קנאַפּע זעכציק יאָר האָט באַוויזן אַז סאָוויעט־רוסלאַנד איז אַן אָפּגעשטאַנען לאַנד, אָפּהענגיק פון גוטן וועטער, וואָס קלינגט אפשר ווי אַ בייז־וויליקער וויץ, אָבער איז אַ רעאַליטעט, אָפּגעשטאַנען און אָן אַ צוקונפט. אַ גרויסע מלחמה, אין מערב אָדער אין מזרח, קאָן נאָר צעשטערן דאָס ריזיקע לאַנד. סאָוויעט־רוסלאַנדס צוקונפט איז אָפּ־הענגיק נאָר פון אַ גרויסצוגיקער פאַרבינדונג מיט דער עקאָנאָמיע פון די קאַפּיטאַליסטישע לענדער און זייער פּערמאַנענט־אַנטוויקל־טער טעכנאָלאָגיע. דער פּאָליטישער שפּיל פון סאָוויעט־רוסלאַנד אין נאָענטן מזרח, באַזונדערס אין פּערסישן גאָלף, קאָן געווינען אַ סך מער פון אַ פאַרבינדונג מיט אַמעריקע, איידער פון ריוואַלי־זירן מיט די אַמעריקאַנער. דאָס וועט פירן צו אַן אמתער דעטאַנט.

ס'איז איצט געוואָרן אַ מאָדע פון פּאָליטישע און עקאָנאָמישע באַזוכן אין עגיפּטן, סאַודי־אַראַביע, קוווייט א. א. וו. מער פון אַלעמען טומלט זיך די דיפּלאָמאַטיע פון פראַנקרייך. דער באַזוך פון פראַנצייזישן אויסערן־מיניסטער אין די אַראַבישע לענדער איז באַגלייט פון זיינע ניט זייער קלוגע, אָבער פּראָוואָקאַטיווע דערקלערונגען קעגן אַמעריקע, וואָס וויל כלומרשט באַהערשן און דאָמינירן און ניט טיילן איר מאַכט מיט קלענערע לענדער.דער קליינינקער און זייער וויניק באַקאַנטער מאַן, ה' זשאָבער, איז אוודאי ניט קיין נייער טאָלעיראַן, דער באַרימטער פראַנצייזישער דיפּלאָמאַט פון נאַפּאָלעאָנס צייטן, אָבער הגם קיינער נעמט אים ניט ערנסט, ניט אין פראַנקרייך און ניט אין אויסלאַנד, קאָן ער אָנטאָן אַ סך צרות. סעפּאַראַטע בילאַטעראַלע אָפּמאַכן מיט די אַראַבער האָבן אָפּגעשלאָסן ענגלאַנד, פראַנקרייך און אפילו איטאַליע שטרעבט זיך אָן אַריינצוכאַפּן אַ חלק.

האָט זיך געשאַפן אַ מערקווערדיקע לאַגע: בשעת אַ געוויסע אַנטשפּאַנונג איז געשען צווישן סאָוויעט־רוסלאַנד און אַמעריקע, האַלט דער געמיינשאַפטלעכער מאַרק פון אייראָפּע ביים צעפאַלן זיך, הויפּטזאַכלעך צוליב דער עקשנות פון פראַנקרייך.

רואיקער פון אַלעמען פאַרהאַלט זיך מערב־דייטשלאַנד. דאָס לאַנד וואָס טרייסלט זיך אָפּ פון וועלכע ס'איז אַוואַנטורעס, אָפענע אָדער געהיימע, זעענדיק, אַז די וועלט־ווירטשאַפט ווערט איבערגעבויט אויף נייע יסודות, וואָס האָבן נאָך ניט באַקומען קיין באַשטימטע פאָרעם; פּראָקלאַמירנדיק אַ קעגנערשאַפט קעגן אַמעריקאַנער מאַכט־שטעלונג און פאַרלאַנגענדיק אַ ספּעציעלע מאַכט־שטעלונג פאַר פראַנקרייך, האָט דאָס לאַנד זיך אַליין איזאָלירט. מיטן פאַלן פון דעם געמיינשאַפטלעכן מאַרק קאָן קומען אַ גרויסע קאַטאַסטראָפע, זאָגט אָן דער פראַנצויז אָרטאָלי, דער פאַקטישער שעף פון דעם געמיינשאַפטלעכן מאַרק. ער וואָרנט און רופט צו באַזינונג, אָבער דערווייל אָן אַ גרויסן דערפאָלג. די „דעטאַנט" פון די סופּער־גרויסמאַכטן האָט אַרויסגערופן די שפּאַנונג און פונאַנדערפאַלן זיך פון דער אייראָפּעאישער „אַנטאַנט", וואָס איז קיין

מאָל ניט געווען קיין „אַנטאַנט קאָרדיאַל", אַ האַרציקע פריינד־שאַפט...

דער פראַנצייזישער רעזשים שמאַכט נאָך אַלץ פון דער גאָליזם־קרענק און איר פּאַטאָלאָגישער שנאה צו דער אַמעריקאַנער רייכ־קייט און אַמעריקאַנישן איינפלוס אויף אַלע געשעענישן אין דער וועלט. די דעוואַלואַציע פונעם דאָלאַר האָט שטאַרק פאַרגרעסערט דעם אַמעריקאַנער עקספּאָרט, אָבער דאָס פאַלן פון דעם פראַנק האָט ניט פאַרקלענערט די אַרבעטסלאָזיקייט אין פראַנקרייך און די טאָג־טעגלעכע שטרייקן אין די גרויסע און קליינע אונטערנעמונ־גען. די פּרייזן אויף אַלע לעבנס־מיטלען אין פראַנקרייך רופט אַרויס אַ גרויסן אומרו און די וואָפן־פאַרהאַנדלונגען מיט די אַראַ־בער באַרואיקן ניט דעם עולם. די אָפּאָזיציע אין פאַרלאַמענט איז נאָך אַלץ אַ מינדערהייט, אָבער די מינדערהייט ציילט איבער צוויי הונדערט שטימען, וואָס איז נאָר אַ פערציק שטימען ווייניקער פון דער מאַיאָריטעט.

(„דער וועקער", אַפּריל 1974)

# דער גורל פון ירושלים

די פּאַן־איסלאַמישע קאָנפערענץ אין לאַהאָר איז זייער אַן ערנסטער ענין. עס איז אַן אמתע מאָביליזאַציע אין אַ סטיל פון פינצטערן מיטלעלטער בשעת דער „פּראָפעט" האָט געלעבט און נאָך זיין טויט ווען זיינע יורשים האָבן מאַרשירט און פאַרכאַפּט לענדער און פעלקער, אין אייראָפּע ביז דרום־פראַנקרייך און אין אַזיע ביז מאָנגאָליע.

אונדזער גרויסער היסטאָריקער פון רעליגיעס סאלאָמאָן ריי־נאַך פאַרטיפט זיך ניט צו שטאַרק אין זיין אַנאַליז פון איסלאַם, ווייל אַלס רעליגיע איז דאָס פאַר אים אַ מיש־מאַש פון יודאַאיזם און קריסטנטום, דער „פּראָפעט" האָט, ווי באַקאַנט, ניט געקענט ניט לייענען און ניט שרייבן. זיינע יורשים האָבן אפילו ניט גע־האַלטן פאַר נייטיק אויפצוצווינגען דעם איסלאַם אַלס אַ רעליגיע אויף די פאַרכאַפּטע פעלקער.

די קאָנפערענץ אין לאַהאָר האָט פאַרזאַמלט ניט מער און ניט ווייניקער ווי דעלעגאַציעס פון אַכט און דרייסיק פעלקער און לענדער און איז געווען באמת רעפּרעזענטאַטיוו. ניט נאָר דער צע־דרייטער מאַניאַק פון ליביע קאָלאָנעל קאַדאַפי איז דאָרט געווען און געהאַלטן עקזאַלטירטע דרשות, ניט נאָר אַראַפאַט אַלס רעפּרע־זענטאַנט פון די פאַלעסטינעזישע טעראָריסטן האָט דאָרט געפירט פאַרהאַנדלונגען, נאָר אויך דער קעניג פייסאַל פון סאַודי־אַראַביע, וועלכער שניידט זיך אויף דער ראָלע פון אַ נייעם „פּראָפעט" און אַ מלחמה־העצער קעגן יידן און מדינת ישראל, וואָס דאַרף „באַ־

פרייען״ ירושלים. עס וואָלט געווען לייכטזיניק צו איגנאָרירן די קאָנפערענץ אין לאַהאָר אויב עס איז נאָך ווייט פון אחדות אין דעם פאַן־איסלאַמישן לאַגער. דער תהום צווישן „די וואָס האָבן צו פיל״ און „די וואָס האָבן גאָרניט״ איז נאָך זייער גרויס און טיף.

עס איז אינטערעסאַנט דער טריק, וואָס די פירערשאַפט פון דער פאַן־איסלאַמישער קאָנפערענץ אין לאַהאָר האָט אָפּגעטאָן. זיי האָבן אָנגענומען אַ רעזאָלוציע וועגן הילף פאַר די ניט־אַנטוויקלטע לענדער. דערווייל האָט אַמעריקע אויסגעגעבן פאַר העלפן די ניט־אַנטוויקלטע לענדער הונדערטער מיליאָנען דאָלאַרן, דערווייל הונגערן מיליאָנען מענטשן אין עטיאָפּיע און אין אַנדערע טיילן פון אַפריקע. דער אייגענער קעניג פייסאַל און די אַנדערע ניי־געבוירענע פילאַנטראָפּן האָבן זיך צוגעקוקט צו דער טראַגעדיע און געהאַלטן אין איין העצן קעגן יידן...

***

עס איז ניט לאַנג אַרויס אין שטאָקהאָלם אַ בוך זכרונות פון דעם אין זיין צייט זייער באַקאַנטן שוועדישן דיפּלאָמאַט גונאַר העגלעף, באַקאַנט מיט זיין גרויסער ליבע צו די אַראַבער, אָבער הויפּטזאַכלעך מיט זיין אינטעליגענץ און געניטקייט אַלס אַן אויסגעצייכנטער דיפּלאָמאַטישער אָבסערוואַטאָר. ער איז געווען שוועדישער אַמבאַסאַדאָר אין מאָסקווע, ווו ער האָט גוט געקענט די קאָמוניסטישע גדולים בשעת די פאַרהאַנדלונגען וועגן אַ רוסיש־שוועדישן האַנדלס־אָפּמאַך, און שפּעטער אַמבאַסאַדאָר אין לאָנדאָן ווו ער איז געווען באַפריינדעט מיט טשערטשיל און אַנדערע פירנדיקע פּערזענלעכקייטן. עס איז געווען נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה און דאָס בוך איז פול מיט שאַרפזיניקע און פיקאַנטע עפּיזאָדן, ווי צום ביישפּיל, דאָס אויסטרינקען ביים אונטערשרייבן דעם רוסיש־שוועדישן אָפּמאַך אַ צעגן גלעזער וואָדקאַ, — וואָס לויט דעם פּראָטאָקאָל האָט מען זיי געדאַרפט אויסטרינקען „דאָ דנאָ״, דאָס הייסט, ביז צום לעצטן טראָפּן — און זיין דערביי אָנגעטאָן אין אַ פולער פּאַראַדנער אוניפאָרם. אָבער די שטימונג ביים שריי־

בער פון די שורות איז היינט ניט צו געהויבן אַז מען זאָל דאָ קאָנען דערציילן פּיקאַנטע אַנעקדאָטן.

פלוצלינג, אין אַפּריל 1947, האָט העגלעף, באַקומען פון דער רעגירונג אין שטאָקהאָלם אַ באַפעל צו פאָרן קיין ניו־יאָרק און אָנפירן מיט דער דעלעגאַציע וואָס איז באַטייליקט אין דעם אויס־אַרבעטן דעם סטאַטוס פון מדינת ישראל, דערביי אויך דעם סטאַ־טוס פון ירושלים, נאַציאָנאַל־יידיש אָדער אינטערנאַציאָנאַל. אין דער שפּיץ פון דער ישראל־דעלעגאַציע איז געשטאַנען דער אויס־ערן־מיניסטער משה שרת. העגלעף באַמערקט דערביי: מדינת ישראל איז נאָך ניט געווען פּראָקלאַמירט, אָבער די יידישע אַגענץ („דזשואיש אײדזשענסי") האָט זיך שוין אויפגעפירט ווי אַ רעגירונג.

אַ קאָנפליקט צווישן העגלעף און שרת איז אויסגעבראָכן ביי די פאַרהאַנדלונגען וועגן דעם סטאַטוס פון ירושלים. דער שוועדי־שער דיפּלאָמאַט מאַכט ניט דערפון קיין גרויסע געשיכטע. גאַנץ רואיק דערציילט ער, אַז פאַר אים איז עס געווען אַ גאַנץ נאַטיר־לעכע זאַך: אַזוי ווי ירושלים איז הייליק פאַר די דריי רעליגיעס, יידנטום, קריסטנטום און איסלאַם, איז עס ניט מער ווי יושרדיק, אַז די שטאָט זאָל אינטערנאַציאָנאַליזירט ווערן.

אָבער שוין ניט רואיק און געלאַסן דערציילט העגלעף, ווי שרת האָט אין אַן אָנגרייפערישער פאָרעם אים דערקלערט, אַז די שוועדישע רעגירונג טיילט ניט דעם שוועדישן דיפּלאָמאַטס מיי־נונג וועגן אינטערנאַציאָנאַליזירן ירושלים. דער דיפּלאָמאַט איז גע־וואָרן אין כעס און האָט געענטפערט, אַז ער איז דער דעלעגירטער פון שוועדן און ער האָט זיינע אינסטרוקציעס...

דערמיט ענדיקט זיך דער עפּיזאָד וועגן דעם סטאַטוס פון ירושלים. מסתמא זענען אָנגעגאַנגען ווייטער די פאַרהאַנדלונגען. דער פאַרזוך פון דעם קעניג פייסאַל איז קלאָר צו פאַרשטיין: פאַר אים איז דער ענין וויכטיק נאָר אַלס תירוץ פאַר זיין העצע. מען פאַרהאַנדלט נאָך אַלץ וועגן דעם סטאַטוס...

**
*

עס איז ניט אמת אַז דאָס יידנטום איז פולשטענדיק איזאָלירט און האָט נאָר שונאים אַרום זיך. ניט רעדנדיק שוין פון די פאַראייניקטע שטאַטן ווו עס לעבן איבער זעקס מיליאָן יידן און נעמען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דעם עפנטלעכן לעבן פונעם לאַנד, האָבן מיר אַלס איבערגעגעבענע פריינד די סקאַנדינאַווישע לענדער. שוועדן, דאָס גרעסטע פון די סקאַנדינאַווישע לענדער, האָט אין פאַרלויף פון די לעצטע זעכציק יאָר ניט איין מאָל אַרויסגעוויזן איר אַקטיווע פריינדשאַפט צו אונדזער געפּלאָגטן פאָלק.

דער שרייבער פון די שורות האָט פּערזענלעך געקענט שוין אין 1915 יאַלמאַר בראַנטינג און גוסטאַוו מעלער, די באַרימטע סאָציאַליסטישע פירערס. פאַר די לעצטע פינף און צוואַנציק יאָר האָב איך געהאַט אַ סך צו טאָן אין וויכטיקע יידישע ענינים מיט דעם היינטיקן פּרעמיער־מיניסטער אָלאָף פּאַלמע און זיין פאַרגענגער טאגע ערלאַנדער, פון ערשטן טאָג פון זיין פּרעמיערשאַפט ביז צום לעצטן טאָג. די גרויסע הילף פון שוועדן וואָס מיר האָבן באַקומען איז ניט געווען סתם נדבות פון אַ פילאַנטראָפּישן כאַראַקטער, נאָר גוט דורכגעטראַכטע בייטראָגן פאַר וויכטיקע סאָציאַלע אונטערנעמונגען. מיר וועלן דאָס קיין מאָל ניט פאַרגעסן...

אונדזערע אייביקע קרעכצן און זיפצן צוליב אַלערליי אומגליקן האָבן זייער באַרעכטיקונג, אָבער מיר דאַרפן געדענקען די צייטן און די געוואַלדיקע איבערקערענישן. דער דייטשער נאַציזם האָט געקאָנט פאַרניכטן דעם יידישן ישוב אין דענעמאַרק, אויב שוועדן וואָלט אונדז ניט געוואָרנט באַצייטנס און ניט געראַטעוועט די יידן.

די סימפּאַטיע פון דעם שוועדישן דיפּלאָמאַט צו די אַראַבער איז זיין רעכט און מיר קאָנען ניט פאַרלאַנגען, אַז ער זאָל ווערן אַן אוהב ציון. וויסן מיר דאָך אַז אויך אין אַנדערע אַלטע קולטור־לענדער געפינען זיך פּראָ־אַראַבישע סימפּאַטיקער און אפילו אַקטיוויסטן און זיי זענען גאָר ניט ווייניק. אויב איך מאַך ניט קיין טעות האָט גונאַר העגלעף, נאָך דעם ווי ער האָט פאַרענדיקט זיין

**דיפלאָמאַטישן דינסט זיך באַזעצט, אויף אַ צייט אָדער אויף שטענ־דיק אין איינעם פון די אַראַבישע לענדער. אין זיינע אינטערע־סאַנטע זכרונות זענען ניטאָ קיין שום אַנטי־יידישע עלעמענטן. ער האָט אָפּגעהיט זיין אייגענע ווערדע און דעם כבוד פון זיין לאַנד...**

(„דער וועקער״, יולי־אויגוסט 1974)

## די אַפריקאַנער האָבן חרטה

נייע מעלאָדיעס לאָזן זיך פלוצלינג הערן פון דער „דריטער וועלט" און אַ היפּש ביסל יידן זענען צופרידן מסתמא דערמיט, וואָס די אַפריקאַנער גדולים האָבן פאַרשטאַנען, אַז זיי האָבן זיך באַנאַרישט ווען זיי האָבן איבערגעריסן מיט דער יידישער מדינה און מיט דער יידישער הילף, נאָך דעם ווי די אַראַבישע מאַגנאַטן האָבן זיי צוגעזאָגט גאָלדענע בערג. דאָס זענען געווען פּוסטע חלו־מות און די אַפריקאַנער, יעדנפאַלס אייניקע פון זיי, הייבן אָן איצט צו זאָגן צו די יידן: לאָמיר זיך איבערבעטן.

דער שרייבער פון די שורות איז מער פון פופציק יאָר פאַר־בונדן מיט אַן אָרגאַניזאַציע וואָס איז פאַרנומען נאָר מיט פאַך־אויסבילדונג און מיט הילף פאַר ניט־אַנטוויקלטע לענדער. אָבער דאָ רעד איך ניט אין נאָמען פון מיין אָרגאַניזאַציע, ווען איך דער־קלער זיך פאַר אַ קעגנער פון דער ביזאיצטיקער פאַלשער יידישער פּאָליטיק בנוגע דער דריטער וועלט.

## „די דריטע וועלט"

די „דריטע וועלט" איז אַזוי נידעריק קולטורעל, אַזוי מענטאַל און מאָראַליש דעגראַדירט, האָט אַזאַ נישטיקן דרך־ארץ פאַר דער מאָדערנער ציוויליזאַציע, אַז עס מוזן אָנגעווענדעט ווערן גיגאַנ־טישע כוחות כדי אַרויסצושלעפּן זיי, די „אונטער־אַנטוויקלטע", פון דער פינצטערניש. אין אַ סך הינזיכטן זענען שולדיק די גרויס־

מאַכטן, וואָס האָבן זיי הונדערטער יאָרן עקספּלאָאַטירט וויפל זיי האָבן נאָר געקאָנט. די יידישע מדינה, אָבער, יידישע אָרגאַ־ניזאַציעס, ווי למשל, די „אָרט״־אָרגאַניזאַציע און אַנדערע אָרגאַ־ניזאַציעס, נייטיקן זיך אַליין אין הילף, זאַמלען אַליין געלט־מיטלען אין אַלע עקן פון דער וועלט, קאָנען זיי העלפן די אונטער־אַנט־וויקלטע ?

פאַר די לעצטע צוואַנציק יאָר, זינט די אָנ״ו האָט פּראָקלאָ־מירט די דרינגענדיקע נויטווענדיקייט צו העלפן די אונטער־אַנט־וויקלטע לענדער, האָבן גרעסערע לענדער, גרעסערע און קלענערע, אויסגעגעבן אויף דער ספּעציעלער הילפס־אַקציע אַ סך הונדער־טער מיליאָנען דאָלאַרן, די פעטע ניט־דעוואַלואירטע דאָלאַרן. דאָס געלט איז ס׳רוב צעטאַכליעוועט געוואָרן. כמעט אַלע אַפריקאַנישע לענדער האָבן זיך פאַרזאָרגט פריער פון אַלץ מיט אַרמייען און וואָפן. דאָס איז אַ טייערער ביסן און דאַרף שטענדיק באַנייט און מאָדערניזירט ווערן. אָבער מען האָט איינגעקויפט די סחורה.

## אַרויסגעטריבן די „אָרט״־אינסטרוקטאָרן

עס דאַרף דאָ באַלד געזאָגט ווערן, אַז ניט אין אַלע אַפריקאַ־נישע לענדער שטייען אין דער שפּיץ מושלים ווי דער סערזשאַנט, וואָס איז איבער נאַכט געוואָרן אַ גענעראַל און הערשט איבער אוגאַנדאַ. אַפריקע איז אַ ריזיקער קאָנטינענט און האָט זיין אייגענע ספּעציפישע סביבה. ווי קומען מיר מיט אונדזערע נויטן ווערן ברייטהאַרציקע פילאַנטראָפּן, אויסגעבן געלט, שיקן אינסטרוק־טאָרן, פאַכלייט, בכלל אויפטרעטן ווי גוט איינגעאָרדנטע בעלי־בתים ? וואָס פאַר אַ זין האָט עס, וואָס פאַר אַן עקאָנאָמישן אָדער פּאָליטישן ווערט האָט די יידישע פילאַנטראָפּיע אין דעם דאָ־זיקן פאַל ? !

בשעת דער זעקס־טאָגיקער מלחמה צווישן ישראל און די אַראַ־בישע לענדער אין 1967 האָבן אייניקע אַפריקאַנער לענדער, וואָס האָבן סימפּאַטיזירט מיט די אַראַבער, פּשוט אַרויסגעטריבן די

„אָרט״־אינסטרוקטאָרן, וואָס מען האָט זיי געשיקט כדי צו העלפן אין בויען זייערע היימען. אין דער אָנ״ו שטימען אַלע אַפריקאַנער שטענדיק מיט די אַראַבער קעגן ישראל. עס איז הונדערט־פּראָ־צענטיקע סאָלידאַריטעט מיט די אַראַבער און מיט די פּראָ־אַראַ־בישע, אָדער ניט־אַראַבישע לענדער. דאָס איז דער געשמאַק פון די אַפריקאַנער.

דאָס אַלץ ווערט געזאָגט ניט כדי אָנצוקלאָגן די אַפריקאַנער, נאָר כדי קלאָר צו מאַכן די געשאַפענע לאַגע. דאָס יידנטום גע־פינט זיך היינט אין אַ קריטישער פינאַנסיעלער לאַגע און זוכט הילף אומעטום ווו עס קאָן נאָר צוקומען. די פּאָליטישע ראָל און דער פּאָליטישער ווערט פון די אַפריקאַנער לענדער מיינט פאַר יידן אַבסאָלוט גאָרניט.

מען דאַרף האָבן אין זינען, אַז יידן העלפן אומעטום ווו מען קאָן נאָר העלפן. די „אָרט״־שולעס, צום ביישפּיל, זענען אומעטום אָפן פאַר יידן און ניט־יידן. עס איז ניטאָ קיין „פּראָצענט־נאָרמע״, אָדער אַ שטילער באָיקאָט פאַר ניט־יידן. דער „אָרט״ באַקומט אויך אַ באַטייטנדיקע פינאַנסיעלע שטיצע פון ניט־יידישע קרייזן און ניט־יידישע רעגירונגען. דאָס איז נאָרמאַל.

## קאָנטראָל דאַרף געפירט ווערן

דאָס פּראָבלעם איז בכלל זייער גרויס און ערנסט. גראַד איצט איז מען אין ניו־יאָרק אין דער אָנ״ו, פאַרנומען מיט אויס־אַרבעטן, יעדנפאַלס פאַרזוכט מען אויסצואַרבעטן קאָנסטרוקטיווע פּלענער פאַר עקאָנאָמישער הילף פון די ניט־אַנטוויקלטע לענדער.

ניט אַמאַטאָרן, נאָר פאַכלייט, דערפאַרענע ספּעציאַליסטן דאַרפן זיך פאַרנעמען מיט דער אַרבעט און קאָנטראָלירן זי. עס האַנדלט זיך ניט וועגן טובות און ניט וועגן שפּעקולירן און צונעמען אַלס קאָמפּענסאַציע רוי־שטאָפן, וואָס געפינען זיך אין די פּרימיטיווע לענדער. אַ קאָנטראָל, אַ פּערמאַנענטער, פון די דערגרייכונגען

דאַרף געפירט ווערן. קורץ גערעדט, עס האַנדלט זיך וועגן אַ גרויסן און פּאַכמעגישן פּלאַן. מדינת ישראל אַליין האַלט אין בויען זיך. די אַראַבישע לענדער האָבן אָנגעזאַמלט קאָלאָסאַלע אוצרות. זיי אינוועסטירן די געלטער אין איראָפּעאישע און אַמעריקאַנער אונ־טערנעמונגען. יאָ, זיי אינוועסטירן אויך געגוג אין די פּאָליטישע פּאַרטייען, ניט ווייניק אויך אין די טעראָריסטישע אָרגאַניזאַציעס. עס איז אָבער ניטאָ דאָס געלט, וואָס איז נייטיק אויף צו בויען אַפריקע.

די אומדערוואַרטע געשעענישן אין פּאָרטוגאַל, דער נייער רע־זשים און די דעקאָלאָניזאַציע פון די פּאָרטוגעזישע קאָלאָניעס אין אַפריקע האָבן געשאַפן נייע פּאָליטישע אומשטענדן. עס איז פאָר־געקומען אַ רעוואָלוציע אָן אַ בלוט־פאַרגיסונג. אַנגאָלאָ, מאָזאַמביק און גווינעאָ זענען באַפרייט געוואָרן פון סאַלאַזאַרס אַלטן רעזשים, אָבער זיי האָבן פאָרט געלערנט עפּעס פון דעם רעזשים, וואָס קאָן זיי צו נוץ קומען.

אַפריקע איז אַ קאָנטינענט מיט גאַנץ ספּעציפישע כאַראַקטע־ריסטיקס. עס וועט דויערן זייער לאַנג ביז עס וועט רעאַלייזירט ווערן דער אָנהייב פון אַן אמתער עמאַנציפּאַציע, ביז דער אינדי־ווידועלער יחיד וועט אנערקענט ווערן צו זיין ווירדיק צו האָבן אַ מענטשלעכע עקסיסטענץ; ביז אַ רעזשים, וואָס הערשט היינט אין אוגאַנדאַ און אין אַנדערע אַזעלכע לענדער וועט פאַרשווינדן.

און דאָס איז ניט קיין פליכט און ניט קיין כבוד פאַר דעם יידנטום, וואָס קעמפט אַליין פאַר זיין קיום מיט אַלע מעגלעכע מיטלען, צו זיין אַ באַהעלפער פאַר עמאַנציפּאַציע פון דעם שוואַרצן קאָנטינענט...

(„לעצטע נייעס”, דעם 15־טן אויגוסט 1974)

# פלוידערייען וועגן אַ מלחמה

עס וואָלט געדאַרפט שוין לאַנג ווערן קלאָר פאַר דער נייער רעגירונג אין מדינת ישראל, גאַנץ באַזונדערס פאַר דעם נייעם פרעמיער־מיניסטער און פאַר דעם נייעם פאַרטיידיקונגס־מיניסטער, אַז די אַלע רייד אַז עס גרייט זיך אַ נייע מלחמה מצד די אַראַבישע לענדער קעגן ישראל און אַז די מלחמה מוז אויסברעכן אין אַ קורצער צייט אַרום, איז בחינמדיקע יידישע פּראָפּאַגאַנדע פאַר די אַראַבער. פון „גוט־אינפאָרמירטע״ קרייזן אין ישראל גיט מען אפילו צו וויסן, אַז די אַראַבער וועלן באַפאַלן די יידישע מדינה, אויב ניט אין אַכט חדשים אַרום איז זיכער אין צוועלף חדשים אַרום...

מיר זענען צוגעוויינט דערצו, אַז גאַנץ אומפאַראַנטוואָרטלעכע מענטשן, ס׳רוב ליבהאָבער פון אויסערן־פּאָליטיק, האָבן דעם קוראַזש צו רעדן וועגן די קאָמפּליצירטסטע פּראָבלעמען מיט אַזאַ פרייהייט, ווי זיי וואָלטן געווען אַליין באַטייליקט אין די פאַרהאַנדלונגען. אומוויסנדיק ווי זיי זענען, פאַרשטייען זיי ניט, אַז מיט דעם פאַרשפּרייטן בהלהדיקע קלאַנגען און נייעס, וואָס זענען ניט געשטויגן און ניט געפלויגן, דינען זיי די אינטערעסן פון די שונאים פון ישראל — די אַראַבער.

אַ האַלבע וועלט זוכט איצט אַן אויסוועג פון דער קאַטאַסטראָפאַלער לאַגע, וואָס האָט זיך געשאַפן אינעם נאָענטן אָריענט. עפּנטלעך און כמעט אָפיציעל ווערט די ליפערונג פון מאַסן סאָוויעטיש געווער קיין סיריע און איראַק פאַרבונדן מיט געפערלעכע מאַניפּולאַציעס און פּראָוואָקאַציעס. עס איז ניטאָ קיין גרינגערע זאַך היינט,

ווי אַרויסצורופן אין נאָענטן מזרח „אינצידענטן", וואָס פירן צו אַ מלחמה. די מאַסנהאַפטע באָמבע־אויפרייסן אין פּאַריז, דאָס חוצפּהדיקע אויפטרעטן פון דעם סאָוויעטישן אַמבאַסאַדאָר מאַליק אין דעם זיכערקייטס־ראַט בשעת די פאַרהאַנדלונגען וועגן די באַציאונגען צווישן גריכנלאַנד און טערקיי און דירעקטע אינפאָרמאַציעס פון מאָסקווע — דאָס אַלץ באַווייזט, אַז גרויסע געפאַרן לויערן פאַר דער גאַנצער וועלט, אָבער גאַנץ באַזונדערס פאַר מדינת ישראל. עס וואָלט באַדאַרפט זיין די ערשטע פליכט פון דער נייער רעגירונג אין ישראל צו באַרואיקן די עפנטלעכע מיינונג אין לאַנד און אויפהערן פּלוידערן וועגן דער „עוונטועלער" מעגלעכקייט פון אַ נייער מלחמה, אַזוי ווי מען רעדט וועגן ספּאָרט־געשעענישן.

צווישן די פאַרשידענע „קלאַנגען", וואָס שיטן זיך פון די פּלוידערייען, איז געווען איין דעקלאַראַציע, אַז אויב מען וועט זען אַז די אַראַבער גרייטן זיך טאַקע צו אַ מלחמה, וועלן מיר זיין די ערשטע וואָס וועלן זיי באַפאַלן.

צי איז עס ניט קלאָר, אַז דאָס פאַרשפּרייטן פון אַזאַ מין „קלאַנג" אָדער אינפאָרמאַציע פון ישראל איז די בעסטע פּראָפּאַגאַנדע פאַר די אַראַבישע טעראָריסטן? די אַראַבישע מאַגנאַטן זוכן איצט אייראָפּעאישע און אַמעריקאַנישע אונטערנעמונגען, ווו זיי זאָלן קאָנען אינוועסטירן זייערע אָנגעזאַמלטע קאַפּיטאַלן, די אַראַבישע טעראָריסטן טוען זייער אַרבעט געהיים. דריי טעג נאָך די גרויסע באָמבעס־אַטאַקעס אין צענטער פון פּאַריז האָט די פּאָליציי ניט געקאָנט אַנטדעקן קיין שום שפּורן פון די פאַרברעכערס. עס איז אָן שום צווייפל, אַז די אַטענטאַטן זענען צוגעגרייט פון געניטע ספּעציאַליסטן. אָבער די אַטמאָספער פון די אַטענטאַטן און די ספּעציאַליסטן זענען פאַרשלייערט אין קאָמפּלעטע געהיימנישן...

עס איז טראַגיש און אין דער זעלבער צייט לעכערלעך ווען מיר זאָגן, אַז די יידישע פּלוידערייען וועגן דער אומפאַרמיידלעכקייט פון אַ נייער מלחמה איז אַ מין אינפאָרמאַציע פאַר דער אַראַבישער אונטערוועלט. מען גרייט צו פאַר זיי די עפנטלעכע מיינונג און

קיינער וווּנדערט זיך ניט מער אין פּאַריז ווען צוויי אָ זייגער ביי־נאַכט קומען פאָר אין דריי פּלעצער דריי אָרגאַניזירטע באָמבעס־אויפרייסן.

ווי ווייט קאָן עס אַזוי גיין? האָט עס געלוינט צו ברענגען אין דעם נאָענטן מזרח דעם אַמעריקאַנער פּרעזידענט כדי ער זאָל אַליין זען אויף וואָס פאַר אַ ווולקאַן מדינת ישראל ווערט געבויט?

דאָס אַלץ מיינט ניט, אַז די וואָס זענען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער זיכערקייט פון מדינת ישראל מעגן רואיק שלאָפן און ניט רעכענען זיך מיט דעם וואָס עס קומט פאָר אין דער אַראַבישער וועלט און אין דער אַראַבישער אונטערוועלט. אונטער דער פּי־רערשאַפט פון סאָוויעט־רוסלאַנד ווערן די אַראַבישע באַוועגונגען קאָנסאָלידירט און אויסגענוצט, כדי עס זאָל ניט קומען צו אַ שלום. אויף וויפל דערפאָלגרייך עס זענען די רוסישע באַמיאונגען, אָדער אויף וויפל זיי זענען אַ דורכפאַל, וועט מען זען.

מיר האָבן אין זינען די יידישע אינפאָרמאַציעס וועגן דער „קומענדיקער מלחמה”. הונדערטער קאָרעספּאָנדענטן און פּאַרלאַ־מענטאַריער פון פאַרשידענע לענדער, חוץ די אָפיציעלע פאַר־טרעטערס פון פאַרשידענע רעגירונגען, פאָרן אַרום אין נאָענטן מזרח, אין פּאַריז, אין לאָנדאָן און גאַנץ באַזונדערס דאָ אין זשע־נעווע און זוכן „מאַטעריאַל” וועגן שלום און מלחמה. יעדעס וואָרט ווערט געמאָסטן און געוווּיגן. טויזנטער טוריסטן, וואָס ווייסן גאָר־ניט און זעען גאָרניט זענען די „גוט־אינפאָרמירטע” עדות און קוואַלן פון אינפאָרמאַציע.

עס איז אונדזער חוב צו וואָרענען און צו היטן דאָס מויל פון צו פיל פּלוידערייען...

(„לעצטע נייעס”, דעם 21־טן אויגוסט 1974)

# די מאָביליזאַציע פון וואפן

וואָס קומט אייגנטלעך פאָר היינט צו טאָג אין דעם גרויסן אינטערנאַציאָנאַלן עקספּאָרט־האַנדל? קויפט מען און מען פאַר־קויפט נאָך עפּעס חוץ האַרמאַטן, ראַקעטן, „מיראַזשן", העליקאָפּ־טערס, נייע טאַנקן און עטלעכע און צוואַנציק געהיימע אויטאָמאַ־טישע מכשירים וואָס מען טאָר זיי ניט אָנרופן ביי זייערע נעמען? אַמוניציע איז די וויכטיקסטע סחורה.

עס האָט זיך אָנגעזאַמלט עטלעכע טויזנט מיליטערישע פּלי־מאַשינען, וועלכע טויגן מער צו גאָרניט, ווייל זיי פליען ניט מער ווי אַ טויזנט קילאָמעטער אַ שעה. דער אָרעמער פראַנצייזישער ייד מאַרסעל דאַסאָ, וועלכער איז ערשט מיט אַ פּאָר יאָר צוריק באַטראַכט געוואָרן פון זיינע קאָנקורענטן מיט קנאה און שנאה צוליב די דערפאָלגן פון זיינע שיינע און פיינע מאַשינען, בייסט זיך איצט די פינגער, ווייל אַלע, אַלע קויפערס שרייען היסטעריש „גיכער, גיכער ווי אַ ווינט", אײדער זיי שרייבן אונטער די באַ־שטעלונג. עס איז אַ גאַלאָפּירנדיקער דראַנג אַריינצוכאַפּן די ניי־עסטע וואָס האָט געמאַכט דעם פּלי פון דערפינדונגען. דער אַמע־ריקאַנער, פון אַמעריקע קיין ענגלאַנד אין קנאַפּע צוויי שעה צייט, האָט געשלאָגן אַלע רעקאָרדן און די גאָר וואַזשנע ספּעציאַליסטן האָבן מיט אַ מאָל געגעבן דער ווונדער־מאַשין דאָס צונעמעניש:
— דער שפּיאָן!...

דאָס מיאוסע וואָרט האָט מיט אַ מאָל אַנטדעקט דעם אמתן כאַראַקטער פון דעם גיציג נאָך אַ נייעם און בעסערן עראָפּלאַן.

אַלע און אַלץ דרייט זיך אַרום דער קומענדיקער גרויסער עקסטראַ־אָרדינערער מלחמה.

לאָמיר זיך ניט נאַרן, דאָס קומענדיקע בלוטפאַרגיסן האָט אַ באַזונדערע צויבערקראַפט. חוץ די אַראַבישע נאַפט־מאַגנאַטן קאָן קיינער ניט באַצאָלן פאַר די נייעסטע קריגס־מכשירים. קאָן, למשל, פראַנקרייך אַריינבראָקן עטלעכע מיליאַרדן אויף נייע מאַשינען? האָט פראַנקרייך ניט באַשלאָסן צו פאַרניכטן די שענסטע פּאַסאַזשירן־שיף אויף דער וועלט „לאַ פראַנס״, ווייל זי האָט ניט קיין געלט דערצו?

די חשבונות פאַר די עווענטועלע נייע באַשטעלונגען פון די וואָפן ווערן באַרעכנט איצט ניט אין הונדערטער מיליאָנען דאָלאַרן, נאָר אין מיליאַרדן, אַזוי ווי מען וואָלט דערלעבט אַן אויסערגעוויינטלעכע פּראָספּעריטי. לענדער וואָס דאַרפן שטאַרק פאַרקלענערן ניט נאָר דעם געברויך פון נאַפט, נאָר אויך ראַציאָנירן די עלעקטרישע ענערגיע און בכלל פאַרקלענערן אַלע הוצאות, גרייטן זיך איינקויפן די טייערסטע מכשירים, וואָס זיי זאָלן ניט קאָסטן. דאָס געלט פאַרלירט מיט יעדן טאָג מער און מער פון זיין ווערט. אין אייניקע לענדער ווערן געשלאָסן שפּיטאָלן און שולן ווייל מען וועט זיי ניט קאָנען באַהייצן. אפילו די וואַרעמקייט אין פּריוואַטע וווינונגען וועט רעדוצירט ווערן און אפשר אויך קאָנטראָלירט. אָבער די אַלע רעדוקציעס און מאַסמיטלען באַרירן ניט דעם איינקויף פון נייע עראָפּלאַנען, פון נייע האַרמאַטן און פון אַלץ וואָס איז נייטיק פאַר אַ מאָדערנער מלחמה...

מיר שטעלן זיך דאָ ניט אָפּ אויף מיליטעריש־טעכנישע איינצלהייטן. דאָס איז פאַר אונדז גאַנץ גלייך. דאָס וויכטיקסטע פאַר אונדז איז דער כאַראַקטער פון דער אַלגעמיינער אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק: מען רעדט וועגן שלום און גלייכצייטיק וועגן דער קומענדיקער מלחמה. עס הערשט אַ ווייט פאַרצווייגטער עקאָנאָמישער און פינאַנסיעלער קריזיס, מען רעכנט, אַז ביז צום סוף פון היינטיקן יאָרהונדערט וועלן אין אַפריקע אַליין אויסגיין און

אויסשטאַרבן אַזוי פיל און אַזוי פיל הונדערטער טויזנטער פון הונגער און קראַנקהייטן. אָבער די גרויסמאַכטן און קלענערע לענ־דער מיט גרויסמאַכט־אַמביציעס און אַפּעטיטן זענען פאַרנומען מיט עקספּאָרט־אימפּאָרט פון אַמוניציע.

ווי ווייט קאָן אָנגיין די משוגעת פון די הערשנדיקע רעזשי־מען? איז דאָ אַ גרענעץ?

זיכער איז עס, אַז עס וועט אַזוי לאַנג אָנגיין כל זמן אַזאַ גרויסמאַכט ווי סאָוויעט־רוסלאַנד וועט זיך דערלויבן צו פּראָוואָ־צירן די עפנטלעכע מיינונג פון דער וועלט און וועט באַוואָפענען אַראַבישע לענדער מיט די מאָדערנסטע וואָפן. עס איז ניט צו פיל פאַרלאַנגט אויב מען זאָגט, אַז אויף דער באַוואָפענונג פון סיריע מיט אומיזסטע וואָפן — עס איז דאָך קלאָר אַז סיריע איז ניט אין שטאַנד צו באַצאָלן די ריזיקע טראַנספּאָרטן פון רוסישן וואָפן — דאַרף מדינת ישראל ענטפערן נאָר מיט אַ פאַרשטאַרקטער באַוואָפענונג. ספּעציעלע ישראל־דעלעגאַציעס דאַרפן באַזוכן די גרויסע און די קליינע קולטור־לענדער און מאָביליזירן די עפנט־לעכע מיינונג. דאָס פאַרשווייגן פון דער רוסישער פּראָוואָקאַציע וועט פירן צו דעם, צו וואָס עס האָט מיט דרייסיק יאָר צוריק געפירט די נאַצי־פּראָוואָקאַציע. דאָס פאַרשלייערן די רוסישע מאָ־ביליזאַציע פון וואָפן מיט די רייד וועגן אַ „דעטאַנט" טאָר ניט קאָרומפּירן, פּשוט אָפּנאַרן די עפנטלעכע מיינונג פון דער גאַנצער וועלט. די פּראָטעסטן ווען אַ נייע מלחמה וועט אויסברעכן וועלן ניט האָבן קיין שום ווערט. אנשטאט צו קאָכן זיך אין דער היים און אָנגיין מיט די קליינלעכע פּאַרטיי־צוזאַמענשטויסן מוז מען תיכף ומיד אַרויס פון די אייגענע גרענעצן און פאַרלאַנגען אַן אינטער־ווענץ.

אַן אינטערווענץ, ביז עס איז ניט צו שפּעט, קאָן אפשר ענ־דערן דעם גאַנג פון די געשעענישן.

פון דער אָנטשפּאַנונג אין די באַציאונגען צווישן וואַשינגטאָן און קאַיראָ לאָזט זיך אַ סך אָפּלערנען. אַזוי לאַנג ווי דער עגיפּ־

טישער מיניסטער פאַהמי איז געווען אין וואַשינגטאָן און מען האָט אים צופרידן געשטעלט און דערפילט זיינע בקשות, איז אַלץ געווען שיין און גוט. די לעצטע טעג אָבער נעמט עגיפּטן אָן אנטייל אין דער נייער אַראַבישער העץ־קאַמפּאַניע קעגן מדינת ישראל. וואָס מער די ענגלענדער און אַמעריקאַנער רייניקן אָפּ דעם סועץ־קאַנאַל אַלץ געמיינער און בייזוויליקער ווערט די עגיפּטישע שטימע אין דעם אַראַבישן געשריי וועגן יושר פאַר די אַראַבישע טעראָריסטן.

פון דער „דעטאַנט" מיט עגיפּטן לאָזט זיך אַ סך אָפּלערנען ווי אַ סך האָט מען געקאָנט אָפּלערנען פון דער עגיפּטיש־רוסי־שער פריינדשאַפט. די אַראַבער, גאַנץ באַזונדערס עגיפּטן און סאַודי־אַראַביע, האָבן פאַרלוירן דעם קאָפּ פון ווילטאָג. מען זינדיקט, ווען מען וויל באַשולדיקן ניקסאָנען און ד"ר קיסינגער אין גיין צו ווייט אין זייער גוט־ברודערשאַפט מיט די מושלים פון די צוויי לענדער. זיי האָבן געוואָלט מאַניפעסטירן זייער גוטן ווילן און דערפירן די צוויי צדדים צו אַן אמתן שלום. אויב זייער מאַני־פעסטאַציע וועט זיך ענדיקן מיט אַ דורכפאַל וועלן די אַראַבישע פעלקער ניט געראַטעוועט ווערן דורך דער „מאָביליזאַציע פון וואָפן". דער שפּיל איז פאָראויס אַ פאַרשפּילטער...

(„לעצטע נייעס", דעם 9־טן אָקטאָבער 1974)

# וואָפן־דיפּלאָמאַטיע

די אַמעריקאַנער רעגירונג וועט שטאַרק קירצן די ליפערונ־גען פון קריגס־אַמוניציע צו טערקיי, אויב די טערקישע טרופּן וועלן ניט אַרויסגעצויגן ווערן פון ציפּערן.

די פראַנצייזישע רעגירונג מאַכט אַלערליי אָנשטרענגונגען, כדי צו באַקומען די באַשטעלונג פון די מאָדערנסטע קריגס־עראָפּלאַנען פאַר די אַראַבער, וואָס זענען גרייט צו אַקצעפּטירן די גינציקע באַדינגונגען פון די אַמעריקאַנער פאָרשלאַגן.

דער פּרעמיער־מיניסטער פון מדינת ישראל יצחק ראַבין האָט פאַרענדיקט זיינע פאַרהאַנדלונגען אין וואַשינגטאָן וועגן קריגן אַמעריקאַנער קריגס־מאַטעריאַלן.

איצט קומען די טראַנספּאָרטן סאָוויעט־אַמוניציע קיין סיריע און איראַק. דאָס איז ריינע „פילאַנטראָפּיע”, און מען האָט דעם איינדרוק, אַז מען באַקומט אַ סך מער אַמוניציע, ווי די אַראַבישע לענדער זענען אין שטאַנד אויפצונעמען. סאָוויעט־רוסלאַנד האָט, ווייזט אויס, אַנדערע געהיימע פאַרבינדונגען מיט די אַראַבישע לענדער, ווו מען קאָן באַהאַלטן גרויסע לאַגערן מיט אַמוניציע. עס מוזן דערביי זיכער זיין טויזנטער רוסישע טעכניקערס, כדי אויפצופּאַסן אויף די זייער קאָמפּליצירטע און דעליקאַטע מכשי־רים. סאָוויעט־רוסלאַנד מאַכט אויך אָנשטרענגונגען זיך איבער־צועבטן מיט עגיפּטן. רוסלאַנד איז גרייט צו פאַרגעסן די עגיפּטישע באַליידיקונגען, מען מוז ברעכן די עגיפּטישע עקשנות און מען דאַרף זיך איבערבעטן. אין קאָן שטייען צו גרויסע אינטערעסן.

אָבער דאָס איז נאָך ניט אַלץ. איצט קומען צו פאַרשידענע וואָפּן־עמבאַרגאָס. יאָ עמבאַרגאָ אָדער ניט, אָבער מיר מוזן וויסן ווו מיר זענען.

פון לימאָזש, אַ גרויסע שטאָט אין פראַנקרייך, קומט די נייעס, אַז דאָרט טרענירן זיך אַראַבישע פּילאָטן זינט מערערע וואָכן. זיי זענען גוטע געסט פון דער פראַנצייזישער אַוויאַציע און מען לערנט זיי ווי צו אַרבעטן.

מיר האָבן דאָ ניט אַריינגעבראַכט כינע, אינדיע און פּאַ־קיסטאַן, לענדער מיט אַ גרויסער באַפעלקערונג און אַ גרויסן אַפּעטיט פאַר אַ מאַקסימום באַוואָפענונג, ווייל אַנדערש, זאָגן זיי, קאָנען זיי ניט רואיק שלאָפן. מיר האָבן דאָ ניט אַריינגעבראַכט די קלענערע אַזיאַטישע מלוכות, וואָס געפינען זיך אַזוי גוט ווי אין אַ פּערמאַנענטן מלחמה־צושטאַנד און דאַרפן שטענדיק האָבן אָפענסיווע ווי דעפענסיווע וואָפן אין גרויסע מאַסן.

ווען מען נעמט אין באַטראַכט די קאָלאָסאַלע מאַסן וואָפן און די אומענדלעכע פאַרהאַנדלונגען אַרום זיי — פאַרהאַנדלונגען, וואָס גייען אָן צייטנווייז יאָרן לאַנג — מוזן מיר קומען צום אויספיר: מיר לעבן היינט אין אַ וועלט, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר אַ ווולקאַן, גרייט יעדע מינוט צו אַן אויפרייס און וואָס רייסט אויף פון צייט צו צייט דאָרט אָדער דאָ.

אויב אונדזער אויספיר איז ריכטיק — און די פאַקטן זענען דאָך ריכטיקע — מאַכן די אַלע רייד וועגן שלום אַ לעכערלעכן און געפערלעכן איינדרוק.

עס איז ניט אמת, אַז די בטלנות, וואָס באַגלייט אַלע אינטער־נאַציאָנאַלע שלום־פּלוידערייען, קאָסט ניט קיין געלט. עס קאָסט טייער, טייער. עס שלעפּערט איין דאָס געוויסן פון פאָלק און לאָזט אָננעמען באַשלוסן, וואָס זיינען פאַלש אין פּרינציפּ און פאַלש אין דער רעאַל־פּאָליטיק. אנשטאט אַראָפּרייסן די מאַסקע פון פאַלש־קייט און אָנרופן זאַכן ביי זייער ריכטיקן נאָמען, גייט אָן דער

שפיל און פירט די צדדים צו אַ מלחמה־אויפרייס. דוכט זיך, אַז נאָר די כינעזער לאָזן זיך ניט פאַרפירן אויף די אַלטע וועגן און שפּילן אַן אָפענע קאָרט. די כינעזישע אָפענע קאָרט קאָן אפשר זיין געניג ערנסט און געפערלעך, אָבער זי פעלשט ניט דאָס אַל־געמיינע בילד, מען ווייסט מיט איר ווו מען איז אין דער וועלט.

די היינטיקע אַלגעמיינע אינטערנאַציאָנאַלע לאַגע איז ניט קלאָר און איז דערפאַר פאַרפירעריש. ווער קאָן היינט זאָגן קלאָר און זיכער וואָס פאַר אַ פּלענער זענען אויסגעאַרבעט געוואָרן אין קרעמל און וואָס פאַר אַ פּראָגראַם איז צוגעגרייט אין די קעפּ פון די פאַן־איסלאַמישע מיליאָנערן און מיליאַרדערן? — דאָס מוז מען דאָך וויסן.

די פּאָליטישע דעקלאַראַציעס פון כינע זענען אָפן פאַר די פריינד און פיינד פון פּעקין. זיי זענען געווען קלאָר מיט יאָרן צוריק און זיי האָבן זיך ניט געענדערט אויף אַ האָר ביז צום היינטיקן טאָג. דערוויילע גייען אָן אומעטום די פריער דערמאָנטע פאַרהאַנדלונגען וועגן טראַנספּאָרטן פון אַמוניציע. ניט ווילנדיק פרעגט מען זיך: וועלן די וואָפן פאַרניכטעט ווערן אין עטלעכע „קליינע מלחמות" אָדער עס וועט קומען צו אַ געוואַלדיקן אויפרייס אין איין גרויסער מלחמה? מאָדערנע טעכנאָלאָגיע געפינט זיך אין אַ צושטאַנד פון פּערמאַנענטן פּראָגרעס און אַנטוויקלונג. די וואָפן פון היינט מוזן תיכף אויסגענוצט ווערן, ווייל מאָרגן זענען זיי אַלט און טויגן ניט מער.

דאָס זענען פּערספּעקטיוון ניט גענומען פון פּוסטע חלומות. מען איז אַ היפּש ביסל אַראָפּ פון זינען און מען רעכנט זיך ניט מער מיט פאַקטן און רעאַליטעטן. מען וועט קומען צו זיך, ווען עס וועט אפשר זיין צו שפּעט.

(„פרייע אַרבעטער שטימע", נאָוועמבער 1974)

# דאָס גורלדיקע נאַפט־פּראָבלעם

עס איז, דוכט זיך, צום ערשטן מאָל אָפן און כמעט אָפיציעל גערעדט געוואָרן וועגן דעם, ווער ס'איז, אייגנטלעך, דער הויפּט־שולדיקער אין דער גרויסער העכערונג פון די פּרייזן פון אַראַבישן נאַפט. דאָס איז געשען בשעת ד"ר קיסינגער האָט געהאַט אין טעהעראַן זיינע שמועסן מיט דעם שאַך פון איראַן. מיט רעכט האָט דער לעצטער אָנגעוויזן, אַז די פאַנטאַסטיש־ריזיקע פּראָפיטן האָבן געמאַכט די אַמעריקאַנער נאַפט־געזעלשאַפטן און זיי זענען די הויפּטשולדיקע אין דעם גרויסן עקאָנאָמישן וועלט־קריזיס.

אין די לעצטע חדשים איז דער ענין שוין דערמאָנט געוואָרן עטלעכע מאָל און באַלד פאַרשוויגן געוואָרן. אימעצער איז אינטערעסירט — מען ווייסט ווער דער 'אימעצער" איז — אַז די דעבאַטע זאָל ניט פאַרטיפט ווערן, אַז מען זאָל פאַרגעסן וועגן די פּריוואַטע רויבערס — אָבער מען האָט ניט פאַרגעסן...

דאָס, וואָס האָט געמוזט געשען, איז געשען. דער עולם מוז וויסן: וואָס קומט פאָר הינטער די קוליסן? ווער איז געווען דער איניציאַטאָר פון דער פּרייז־העכערונג? איז דאָס אַן אמת, אַז די פּריוואַטע נאַפט־געזעלשאַפטן האָבן געמאַכט פיר הונדערט פּראָצענט נייע פּראָפיטן? וועלכע לענדער זענען באַטייליקט אין די „אַמעריקאַנער" נאַפט־געזעלשאַפטן און וואָס האָט די אויספאָרשונג געבראַכט?

עס איז מער ניט קיין פּריוואַטע קאָנספּיראַציע. די שמועסן

פון ד״ר קיסינגער מיט דעם שאַך פון איראַן האָבן שוין גענוג אויפגעדעקט אָפיציעל, גאַנץ אָפן.

עס קאָן קוים זיין אַ צווייפל אין דעם, אַז דער איינציקער מיטל אויסצומיידן אַ קאַטאַסטראָפע איז צו נאַציאָנאַליזירן די פריוואַטע נאַפט־געזעלשאַפטן, צונעמען ביי זיי איין און פופציק פראָצענט פון די אַקציעס און איבערנעמען די פולשטענדיקע קאָנטראָל אי־בער זייערע געשעפטן און אין נייטיקן פאַל פשוט צונעמען דעם אָנגערויבטן פאַרמעגן. הינטער די קוליסן גייט איצט אָן מסתמא אַ ביטערער קאַמף קעגן די קאַפּיטאַליסטישע קליקעס. פאַר איי־ניקע רעגירונגען איז שוין לאַנג געוואָרן קלאָר, אַז אַזאַ מין עקס־פּראָפּריאַציע איז דער איינציקער אויסוועג פון דעם קריזיס. די רעגירונג מוז האָבן אַן אַבסאָלוטע קאָנטראָל איבער פּראָדוקציע און האַנדל מיט נאַפט.

עס איז אינטערעסאַנט, אַז גראַד אַ ניט־אַראַבישע נאַפט־גע־זעלשאַפט האָט מיט אַ פּאָר יאָר צוריק געפּרוווט צוטשעפּען דעם אַראַביש־יידישן סכסוך צום נאַפט־מאָנאָפּאָל פון ספּעקולאַנטן, אָ־בער עס איז דערפון גאָרניט אַרויסגעקומען, ווייל מדינת ישראל האָט גענוג אייגענעם נאַפט, ניט צו פיל, אָבער גענוג.

מיט הונדערט יאָר צוריק, ווען קאַרל מאַרקס, דער גרויסער אַנאַליטיקער פון עקאָנאָמישע פּראָצעסן, האָט צענדלינגער יאָרן פאַרבראַכט אין בריטישן מוזעאום אין לאָנדאָן, שטודירט און גע־שילדערט דעם מעכאַניזם פון קאַפּיטאַליזם, האָט נאַפט ניט גע־שפּילט אין דערווירטשאַפט אַזאַ דאָמינירנדיקע ראָלע ווי היינט. איצט איז גענוג אַרויסצוקוקן פונעם פענצטער אויף דער גאַס, זען די הונדערטער אויטאָמאָבילן אָדער די גרויסע פאַבריקן, אַלץ מאָטאָריזירט, אַלץ אָפּהענגיק פון נאַפט. אַזאַ אינסטרומענט קאָן דאָך ניט פאַרבלייבן אין פריוואַטע הענט, אָן אַ רעגירונגס־קאָנ־טראָל. אויף דער אַראַבישער קאָנפערענץ אין ראַבאַט, מאַראָקאָ, האָט מען זיך געוואָרפן מיט מיליאַרדן־פּראָפיטן ווי מיט שפּענד־לעך. איצט ווייזט זיך אַרויס, אַז די ניט־אַראַבישע נאַפט־געזעל־

שאַפֿטן האָבן געמאַכט אפֿשר נאָך גרעסערע פּראָפֿיטן ווי די אַראַבער.

די איראָפּעאישע און אַמעריקאַנער אינדוסטריע האָט געענט־פֿערט אויף די געהעכערטע נאַפֿט־פּרייזן מיט אַ שטאַרקער הע־כערונג אויף די פּרייזן פֿון די אינדוסטריעלע פּראָדוקטן. דאָס האָט ניט געלייזט דאָס פּראָבלעם, נאָר פֿאַרשאַרפֿט דעם קאָנפֿליקט, אין ביידע פֿאַלן אויף דעם חשבון פֿון דעם קאָנסומענט.

ווי געזאָגט, נאַפֿט און דער ענין פֿון נאַפֿט־פּרייזן איז אַ וועלט־פּראָבלעם, ניט נאָר אַן ענין פֿאַר דעם נאָענטן אָריענט. די פּראָ־בלעם איז שוין גענוג אויסגעפּאָרשט. פֿון טעהעראַן ביז סאַוד־אַראַביע און פֿון קוווייט ביז ווענעצועלאַ און מעקסיקע האָט דאָס פּראָבלעם דעם אייגענעם כאַראַקטער פֿון גרויסקאַפּיטאַליסטישער עקספּלואַטאַציע, מען מעג זאָגן פֿון אינטערנאַציאָנאַלן גרויסקאַפּי־טאַליסטישן רויב. פֿריער אָדער שפּעטער וועט מען סיי ווי סיי קומען דערצו, אַז די אינדוסטריעס פֿון פּראָדוצירן און באַנוצן דעם נאַפֿט קאָנען ניט געהערן פּריוואַטן קאַפּיטאַל פֿאַר פּריוואַטע פּראָ־פֿיטן. וואָס פֿריער דאָס איבערנעמען וועט געשען, אַלץ ווייניקער וועט זיין דער שאָדן; וואָס שפּעטער אַלץ ערגער.

מיר רעדן ניט וועגן די אַראַבישע נאַפֿט־מאַגנאַטן און זייערע פּאָליטישע אויפֿטוען. דאָס אַראַבישע פּראָבלעם איז אַ ספּעציעלער ענין און זי האָט צו טאָן ניט נאָר מיט נאַפֿט. עס וועט קומען אַ צייט, אפֿשר גאָר אין דער נאָענטער צוקונפֿט, ווען ביידע סופּער־גרויסמאַכטן וועלן זיין געצוווּנגען צו האָבן זייער אַן אייגענע ״ראַ־באַט־קאָנפֿערענץ״ אין מאָסקווע אָדער אין וואַשינגטאָן אָדער אין וולאַדיוואָסטאָק...

מיר רעדן וועגן דער קאָנטראָל פֿון די רעגירונגען איבער די איראָפּעאישע און אַמעריקאַנישע נאַפֿט־געזעלשאַפֿטן. קאָנפֿיסקאַציע פֿון זייערע אָנגערויבטע פּראָפֿיטן הייסט צו מאַכן פֿון די ספּעקו־לאַנטן מאַרטירערס, ״קרבנות פֿון סאָציאַליזם״, און אַרויסרופֿן נייע קריזיסן. אָבער איבערנעמען איין און פֿופֿציק פּראָצענט פֿון די

אַקציעס הייסט אויפדעקן אַלע געהיימע מאַכינאַציעס פון די ספּעקולאַנטן מיט נאַפט.

קלענערע לענדער ווי די פאַראייניקטע שטאַטן, למשל, מעקסיקע, האָבן נאַציאָנאַליזירט פון אָנהייב אָן די גאַנצע נאַפט־אינדוסטריע; דאָס גראָבן און בויערן פון אונטער דעם וואַסער. מען האָט באַצאָלט די ערשטע אינוועסטאָרן און פאַרשטאַטלעכט אַלץ וואָס געהערט צו דער אינדוסטריע. דאָס אייגענע איז אין נאָרוועגיע. דאָס אייגענע וועט זיין אין ענגלאַנד. דאָס אייגענע מוז זיין אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

(„פרייע אַרבעטער שטימע״, דעצעמבער 1974)

# די זשענעווער קאָנפערענץ

מיר מיינען ניט די קאָנפערענץ, וואָס ווערט געפּלאַנעוועט פון סאָוויעט־רוסלאַנד און די פאַראייניקטע שטאַטן כדי צו רעגולירן די קאָנפליקטן אין דעם נאָענטן מזרח. מיר מיינען די קאָנפערענץ, וואָס האָט זיך געעפנט מאָנטיק, דעם 5־טן מאַי 1975, אין זשענעווע, אין אַנוועזנהייט פון קנאַפּע הונדערט אָפיציעלע פאַרטרעטערס פון לענדער און פעלקער, געעפנט פון דעם גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער אָנ"ו ה׳ וואַלדהיים. דער הויפּטצוועק פון דער קאָנפערענץ איז צו געפינען מיטלען קעגן דעם פאַרשפּרייטן פון נוקלעאַרע אינסטאַלאַציעס און פּראָדוצירן פון אַטאָם־באָמבעס.

עס איז דאָ אַן אָפּמאַך אין פּרינציפּ פון 1968 קעגן דער אַטאָמישער באָמבע און קעגן די נוקלעאַרע וואָפן און עס איז דאָ אַ פאָרמעלער אָפּמאַך פון 1970 אונטערגעשריבן פון רוסלאַנד, אַמעריקע און ענגלאַנד — די דריי לענדער, וואָס האָבן די אַטאָמישע באָמבע — קעגן עקספּערימענטן מיט נוקלעאַרע וואָפן, אָבער די שוועדישע סייסמאָגראַפישע סטאַציע אין אופּסאַלאַ רעגיסטרירט פון צייט צו צייט אַטאָמישע אונטערערדישע אויפרייסן אין סיביר און אין אַנדערע לענדער...

די קאָנפערענץ אין זשענעווע האָט זיך געעפנט אין אַן אַט־מאָספערע פון איינגעהאַלטענער גרויסער שפּאַנונג. מען געדענקט דעם חורבן פון הירא‏שימאַ און נאַגאַזאַקי, ווען אַמעריקע האָט גע־שיקט קיין יאַפּאַן די אַטאָמישע שטראָף־עקספּעדיציע מיט דרייסיק יאָר צוריק. זינט יענער צייט איז די פּראָדוקציע פון נוקלעאַרע

וואָפן „פאַרבעסערט" געוואָרן. עס איז זיך שווער פאָרצושטעלן וואָס קאָן געשען, אויב עס זאָל קומען צו אַ מלחמה מיט נוקלעאַרע וואָפן. מען מעג זאָגן, אַז עס איז אַן אמתע סכנה פאַר דער עקסיסטענץ פון דער מענטשהייט...

ספּעציעלע אומשטענדן האָבן אַרויסגערופן די אויסערגעוויינטלעכע שפּאַנונג גראָד די ערשטע וואָך פון דער זשענעווער קאָנפערענץ. עס האָבן זיך מיט אַ מאָל אַ שאָט געטאָן רעוועלאַציעס וועגן געהיימע גניבות פון נוקלעאַרע אינסטאַלאַציעס און וואָפן. רוסלאַנד און אַמעריקע האָבן זיך געמוזט באַראַטן וועגן מיטלען קעגן די גניבות. אין אַלע טיילן פון די פאַראייניקטע שטאַטן גייען אָן אונטערזוכונגען און פאָרשונגען אין די לאַגערן פון אַמוניציע. גניבות און אָפענע רויבערייען זענען פאָרגעקומען אין אייראָפּעאישע לענדער, אין מערב־דייטשלאַנד, אין איטאַליע, אפילו אין דער שווייץ. כמעט אומעטום פירן די שפּורן צו געהיימע אַראַבישע גרופּירונגען. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז דער אַנעקדאָט וועגן קאַדאַפּיס אַ מיניסטער רייזע קיין פּעקין, כדי צו „קויפן" ביי דער כינעזישער רעגירונג אַן אַטאָמישע באָמבע איז גאָר ניט קיין אַנעקדאָט. קאַדאַפי האָט אויך געהיימע „אַטאָמישע געשעפטן" מיט עטלעכע דרום־אַמעריקאַנישע רעגירונגען. בכלל, וואָס ווייטער אַלץ מער ווערט קלאָר, אַז עס עקסיסטירט אַ מין אונטערערדישע אינטערנאַציאָנאַלע „אַטאָמישע" אָרגאַניזאַציע, אין וועלכער אַראַבער שפּילן אַ פירנדיקע ראָלע ווייל זיי האָבן מאַסן געלט.

די זשענעווער קאָנפערענץ איז גערופן געוואָרן כדי אָפּצורייניקן די לופט, כדי צו מאָביליזירן אַ קאַמפּאַניע קעגן דער באַוואָפענונגס־משוגעת. די קאָנפערענץ איז באַרעכנט אויף פיר וואָכן, אָבער די רעוועלאַציעס גייען אָן טאָג־טעגלעך און עס איז זייער צווייפלהאַפט צי די קאָנפערענץ וועט האָבן צייט צו טאָן עפּעס ממשותדיקס — חוץ צוצוגרייטן נאָך אַ צענדלינג נייע רעזאָלוציעס. עס זענען דאָ סודות מיט סודות.

דער וואָפן־פּסיכאָז האָט פאַרכאַפּט די אַראַבישע וועלט. אַ

פאַר וואָכן איידער פּרעזידענט סאַדאַט פון עגיפּטן דאַרף טרעפן פּרעזידענט פאָרד פאָרט ער אַרום אין די אַראַבישע לענדער כדי צו איינלאַדן זיי צו נעמען אַן אנטייל אין אַ קאָלעקטיווער אַראַבי־שער קריגס־אינדוסטריע. ווערט דאָס געטאָן כדי צו שאַפן אַ שלום־אַטמאָספערע בשעת די שמועסן מיט דעם אַמעריקאַנער פּרעזי־דענט? דאָס מעג מען זיך פרעגן, ווען מען ווייסט אין וואָס פאַר אַן עקאָנאָמישן צושטאַנד די באַפעלקערונג פון עגיפּטן געפינט זיך, ווי נידעריק עס איז דער קולטור־ניוואָ פון די מאַסן.

דאָס אַלץ וואַרפט אַ שטאַרקע ליכט אויף דער לאַגע אין מדינת ישראל. קיינער ווייסט ניט געווי, צי די יידישע מלוכה האָט אָדער האָט ניט די אַטאָמישע באָמבע, אָבער אַלע ווייסן, אַז אויף דעם געביט פון וויסנשאַפטלעכע פאָרשונגען פון די קערנ־וואָפן איז ישראל אַ סך ווייטער פאָראויס ווי אַלע אַראַבישע לענ־דער צוזאַמען גענומען. וואָס מער דער קריגס־פּסיכאָז — אָדער קריגס־שרעק? — פאַרכאַפּט די אַראַבער אַלץ מער איז די יידי־שע מדינה געצוואונגען צו זיין גרייט צו אַ נייער מלחמה אויף עט־לעכע פראָנטן.

דאָס יידנטום אין דער גאַנצער וועלט, ניט נאָר אין ישראל, גע־פינט זיך אין אַ טראַגישער לאַגע. די וועלט פון איסלאַם מאָבילי־זירט זיך צו אַ גרויסער אַטאַקע און דאָס וועלט־יידנטום איז גע־צוואונגען צו מאָביליזירן זיך צו אַ פאַרטיידיקונג. היטלעריזם און פאַשיזם, סטאַליניזם אין אַלערליי פאָרמען איז ווידער געבוירן. עס הערשט פאַניק.

אין דעם באַשטייט די באַדייטונג פון דער זשענעווער קאָנפע־רענץ. די גרויסע מערהייט פון די באַטייליקטע איז קעגן דעם פאַרשפּרייטן פון די נוקלעאַרע אינסטאַלאַציעס, אָבער אַ סך פון די קעגנערס האָבן ניט אויפגעהערט מיט זייערע עקספּערימענטן און ווילן זיי ניט אָפּשטעלן כל זמן די עקסיסטירנדיקע אינסטאַ־לאַציעס וועלן ניט ליקווידירט ווערן. ווי מערקווערדיק עס זאָל ניט זיין באַטייליקט זיך ניט פראַנקרייך אין דער זשענעווער קאָנ־

פערענץ. אין דעם לאַנד הערשט נאָך אין אַ גרויסער מאָס דער גייסט פון גענעראַל דע גאָל. גראָד בשעת דער דערעפענונג פון דער קאָנפערענץ האָט די פראַנצייזישע אַרמיי דורכגעפירט מאַנעוורען מיט נוקלעאַרע וואָפן...

די לאַגע איז קאָמפליצירט, אָבער מען דאַרף ניט מיינען, אַז זי איז האָפענונגסלאָז. דאָס וויכטיקסטע איז היינט די רעאַקציע פון דער עפנטלעכער מיינונג. עס זענען דאָ גרויסע שוועריקייטן, עס עקסיסטירן געפערלעכע געהיימע טעראָר־אַקטיוויטעטן, אָבער די גרויסע מאַסן זענען קעגן די געהיימע טעראָריסטישע צוגרייטונגען. מען מוז האָפן, אַז די קאָנפערענץ וועט זיך ניט באַגנוגענען נאָר מיט רעזאָלוציעס.

ביידע זשענעווער קאָנפערענצן, די וואָס האָט זיך געעפנט דעם 5־טן מאַי און איז געווידמעט דער אַטאָמישער באָמבע און די וואָס דאַרף זיך עפענען בנוגע די געשעענישן אין נאָענטן מזרח און אפשר אויך וועגן דער צוקונפט פון דעם מיטלענדישן ים, האָבן אַ דירעקטע שייכות צו מדינת ישראל און בכלל צו יידישע אינטערעסן. מען דאַרף ניט זיין קיין נביא און פאַרזוכן צו טרעפן און פאָראויסזאָגן. אָבער ווען מען זעט אַראַפּאַטס נייעם באַזוך אין מאָסקווע און קאָסיגינס, דעם פרעמיער־מיניסטער פון דער ריזיקער סאָוויעטישער אימפעריע, באַזוך אין ליביע, קאַאַדאַפיס אימפעריע, קאָן מען ניט אַנדערש ווי דערוואַרטן גרויסע שוועריקייטן. אַ בונד פון פאַן־סלאַוויזם און פאַן־אַראַביזם זאָגט ניט אָן קיין סך גוטס. מען דאַרף נאָר האָפן, אַז די גרויסע מאָביליזאַציע פון גוטן ווילן אין דער גאַנצער וועלט וועט גובר זיין.

# צונויפצעטל פון נעמען

(די אותיות א׳, ב׳, ג׳, ווייזן אָן דעם באַנד, די אַראַבישע ציפערן — די זייט).

# אינהאַלט

## רוסלאַנד



## פאַראייניקטע שטאַטן

# ווערק פון װלאַדימיר גראָסמאַן

## י י ד י ש

געאָרג בראַנדעס און פעטער קראָפּאָטקין
אַמאָל און היינט
מענטשן און פּראָבלעמען
וועלט־יידנטום אין דער וועלט־פּאָליטיק
אין אַ נייער וועלט

## ע נ ג ל י ש

פּאַן־דזשערמאַניק וועב (פּאַן־גערמאַניזם)
די סאָל איז קאָלינג (די ערד רופט)
דריי בענדער קאַנעדיען דזשואיש יירבוק
(קאַנאַדער יידיש יאָרבוך)

## ד ע נ י ש

קאָזאַקלאַנד
דע גאַמלע רוסלאַנד אָ דע ניע
(דאָס אַלטע רוסלאַנד און דאָס נייע)
פּאַריז (געקרוינט מיט אַ פּרייז)
קאָרסווייען (אויפן קרייצוועג), דראַמע.

צוגעגרייט צום דרוקן:

„אָרט" — אינטערנאַציאָנאַל
„אָרט" אין שוועדן.

